# רעוואָלוציאָנערע
# דעקלאַמאַטאָר




אַרויסגעגעבן פון
אינטערנאַציאָנאַלן
אַרבעטער אָרדן
80 פינפטע עוועניו נ. י.

געזאַמלט און רעדאַקטירט פון
וויליאַם אייבּראַמס
און קלמן מרמר

# פאָרוואָרט

דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן גיט אַרויס דעם איצטיקן זאַמלבוך פון פּאָעזיע און פּראָזע, קעדיי אויסצופילן אַ לײדיק אָרט אין דער קולטורעלער אַרבעט פון די אידישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס.

גאַנץ אָפט באַקלאָגט מען זיך בא אונז, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו דעקלאַמירן, וואָס פאָרצולייענען אָדער צו שפּילן בא אונזערע פאַרזאַמלונגען, פייערונגען, יובילייען, וועטשערינקעס, פּאַרטיס א. א. וו. דאָס איז דערפאַר, וואָס דער גרויסער אויצער פון אונזער פּראָלע-טאַרישער ליטעראַטור איז ניט אויסגענוצט געוואָרן. מען האָט ניט אָפּגעקליבן יענע זאַכן אין דער פּאָעזיע און בעלעטריסטיק, וואָס זאָלן זיך פּאַסן פאָרצולייענען און דעקלאַמירן בא אונזערע פּראָלעטאַרישע אונטערנעמונגען.

באַם זאַמלען און רעדאַקטירן דעם מאַטעריאַל האָבן מיר זיך גע-רעכנט מיטן ליטעראַרישן ווערט פון די אָפּגעקליבענע זאַכן, מיט זייער פּראָלעטאַריש-רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט און הויפּטזאַכלעך מיט זייער פּאַסיקייט צו דעקלאַמירן, פאָרלייענען אָדער אַפילע אויפפירן אף דער בינע. דאָך האָט די דאָזיקע זאַמלונג ניט בלויז אַ דעקלאַמאַטאָרישן, אָדער פאָרלייענערישן ווערט. עס איז אַ ווערטפול בוך פון פּראָלע-טאַרישע לידער און דערציילונגען — אַ בוך צום לייענען.

נאַטירלעך האָבן מיר זיך געדאַרפט רעכענען מיטן באַשרענקטן פּלאַץ און האָבן ניט געקאָנט אַריינגעמען אַלץ וואָס מיר האָבן גע-דאַרפט איינשליסן אין דער איצטיקער זאַמלונג.

וויליאַם אייבראַמס.
קאַלמען מאַרמאָר.

## א. פעפער

# אילִיטש

מאָסקווע, קרעמל.
א ראַדיאָ צו אַלע . . .
א שוואַרצע ראַדיאָ אין ווינטערדיקן סטעפּ.
אין אומעטיקע שטעט, אין גרויע דערפער פאַלן
שוואַרצע ווערטער, גרויזאַמע אַף הוילע קעפּ.
באַם פרישן קייווער שטייען מיר, ווי קינדער,
און וועג איז אַזוי ווייט, און טאָג איז אַזוי שוואַרץ:
ס'איז דאָ אַזוי פיל פּראָסטער לעני׳נס וואונדער
אין אונזער שטאָלענעם און ווייגענדיקן האַרץ.

מאָסקווע, קרעמל.
א ראַדיאָ פון אַלע . . .
און אַנדער ראַדיאָ, א צווייטע פּליט:
אילִיטש איז דאָ מיט אַלע און באַ אַלע
אין אונזער הייסן בלוט. אין שטרענגע קאַלטע טריט.
ס'איז דאָ א וואָרט, וואָס וועט א וועג אונז ווייזן,
און מענטשן פּראָסטע איז דאָ דאָך אָן א צאָל.
ס'איז דאָ א לאַנד פון פעלדער און פון אייזן,
א לענין-לאַנד פון קאָרן און פון שטאָל.
מיר זיינען אַלע דאָ.
מיר זיינען קאָמונאַרן.
און היים איז אונזער בלוט, און פעסט איז אונזער לאַנד,
אין דערפער און אין שטעט, אַף פעלדער, טראַקטאָרן,
מיר זיינען אומעטום
מיט לענינס פאָן אין האַנט!

א. קאָוונער — אידיש

# פאַרמוטשעט אין פינסטערער טפיסע

פאַרמוטשעט אין פינסטערער טפיסע,
אין קאַמף פאַר דער אַרבעטער־זאַך,
באַגעגנט דעם טויט האָסטו העלדיש,
ביסט ערלעך געפאַלן אין שלאַכט.

געקעמפט גאָר ניט לאַנג, אָבער ערלעך,
פאַר פרייהייט, פאַר גליקלעכער צייט.
און מיר האָבן אָפן בייסוילעם
געבראַכט אונזער ברודער אין שטרייט.

געוועזן נעבן דיר נאָר חברים,
ס'האָט סוינע פון דיר געלאַכט,
און מיר האָבן דיר, ליבער ברודער,
די אָדלערשע אויגן פאַרמאַכט.

ניט צאַר האָט געדריקט די נעשאָמע,
אין אויג האָט געפינקעלט קיין טרער,
ווען מיר האָבן שטיל זיך געזעגנט,
פאַרשאָטן דיין קייווער מיט ערד.

ניין, סינע נאָר האָט אונז געוואָרגן,
געטריבן אין שלאַכט האָט אונז מוט.
ביים קייווער מיר האָבן געשוואָרן
באַצאָלן דעם פיינט פאַר דיין בלוט.

פאַר אונז איז נאָר איין וועג דאָ — דיינער,
ווי דו, זיין אין טפיסעס פאַרשמאַכט,
אַ לעבן אַלץ שטרייטן, אַלץ קעמפן
און פאַלן, ווי דו, פאַר דער זאַך.

ווי דו, וועלן מיר עפשער זיין נאָר
אַן אָנזאָג פון מענטש, וועלכער גייט,
אַ גרויזאַם־צעברויזטע נעוואַוע
פון טעג, פול מיט ליכט און מיט פרייד.

מיר ווייסן, אז גיך, ליבער ברודער,
פון אונזערע ביינער און פיין
וועט אויפשטיין א קעמפער א שטרענגער
און שטארקער פון אונז וועט ער זיין.

## יוסעף באָוושאָווער

# רעוואָלוציאָן

איך קום ווי א שטאָלצער קאָמעט, ווי די זון, ווען עס הויבט אָן צו טאָגן;
איך קום ווי א בייזער געוויטער, פון בליץ און פון דונער געטראָגן;
איך קום ווי א גלוטיקע לאַווע פן וואָלקן־באדעקטע וואולקאנען;
איך קום ווי דער שטורעם פון צאָפן, וואָס וועקט און דערשרעקט
אָקעאַנען. —

איך קום, ווייל עס האָבן טיראנען פארוואנדלט די פעלקער אין טראָנען;
איך קום, ווייל מען פיטערט דעם פרידן מיט פולווער און בליי און
קאַנאָנען;
איך קום, ווייל די וועלט איז צעטיילט און דער בונד פון דער
מענטשהייט צעריסן;
איך קום, ווייל מען וויל פאר דעם צייט־גייסט דעם ענדלאָזן וועלט־
רוים פארשליסן.
איך קום, ווייל איך בין אין מידבער פון הערשאפט געבאָרן געוואָרן;
איך קום, ווייל עס האָבן די הערשער געוועקט און דערצויגן מיין צאָרן;
איך קום, ווייל די מענטשלעכע ברוסט קאָן די זריע פון לעבן
ניט טויטן;
איך קום, ווייל מען קאָן ניט די פרייהייט אַף אייביק פארשמידן
אין קייטן. —

איך האָב די פארקנעכטעטע פעלקער געפירט אין די פריערע צייטן
און האָב זיי געהאָלפן די שענדלעכע קנעכטשאפט אַף פרייהייט
פארבייטן,
איך בין מיט דעם פאָרשריט געגאנגען, די וועלט אים געהאָלפן באנייען,
און גיין וועל איך היינט מיט די פעלקער און וועל זיי אינגאנצן
באפרייען.

און אייך, איר געהייליקטע געלט־זעק, געזאלבטע, געקרוינטע באנדיטן,
איך וועל אייך פארניכטן מיט אייערע פאלשע געזעצן און זיטן,

און אייערע הערצער, וואָס שמאַכטן נאָך מענטשן־בלוט, וועל איך
דערשטעכן,
און אייערע קרוינען און סצעפּטער, די גאָלדענע, וועל איך צעברעכן!

איך וועל אייער פּאַרביקן פּורפּור, ווי שמאַטעס, אַף שטיקלעך צעפליקן,
צו וועלכן דאָס פאָלק האָט געיווועלט אין נארישער פרייד און
אַנטציקונג, —
פאַרלירן וועט אייער פאַרפאַרפּאַרענע וועלט איר בלענד־שיין דעם שטאָלצן,
אַזוי ווי דער שניי, וועלכער פאַלט פון די אייז־בערג, פון זון־שיין
צעשמאָלצן!

פאַרניכטן וועל איך אייער שפּינוועב־מאַראַל און די אוראַלטע ליגנס,
און אייערע פאַפּן, די פינצטערע, וועל איך דערשטיקן ווי פליגן,
און אייערע הימלען, און אייערע שיידים, און אייערע געטער,
איך וועל זיי צעשטערן, און ריין וועל איך מאַכן די ערד און דעם
עטער! —

און מעגט איר מיך ווארגן, און שיסן און הייגנען—אומזיסט אייער מי!
מיך שרעקט ניט קיין טפיסע, מיך שרעקט ניט קיין שטראָף, מיך
שרעקט ניט קיין טליע!
אויסוואַקסן וועל איך פון דר'ערד און איך וועל זי מיט וואָפן באַדעקן,
ביז איר וועט אַף אייביק פאַרזינקען, ביז אייך וועט דער קיוועַר
פאַרדעקן! —

## אַ געזאַנג פון פאָלק

הויב אויף דיינע אויגן, אָ פאָלק, וואָס דו ביסט אַזוי עלנט און אָרעם,
הויב אויף דיינע אויגן צו מיזרעך און מאַירעוו, צו צאָפן און דאָרעם,
און זע די געזאַמלטע אויצרעס, און זע פון דיין אַרבעט די פּיירעס,
און זע דעם געבליבענעם רייכטום פון פריער געוועזענע דוירעס.

הויב אויף דיינע אויגן און זע אַפן יאַם די געלאָדענע שיפן,
און זע אין די טונקעלע וועלדער דעם רויך פון די לאָקאָמאָטיוון,
און זע ווי זיי שוועבן און קומען געשווינד פון אַ געגנט אַ ווייטן,
און פירן אין אַנדערע לענדער פּראָדוקטן און סכוירעס צו בייטן.

הויב אויף דיינע אויגן און זע די געמויערטע גרויסע פאַבריקן
וואו אַרבעטער זעגן, און הובלען, און וועבן, און נייען און שטריקן,

און שמידן, און פּיילן, און טאָקן, און שניצן און גלעטן און פּוצן,
און שאַפן די סכוירע, און שאַפן דעם רייכטום צום מענטשלעכן נוצן.

און זע די מאַשינען, די בלאַנקע, די ריזיקע אייזערנע שקלאַפן,
וואָס היטן די מענטשלעכע כחות און העלפן די רייכטימער שאַפן,
און זע ווי די ווילדע, די מעכטיקע קראַפט פון נאַטור איז באַצוואונגען,
ווייל טיף איז דער מענטשלעכער סייכל אין סוידעס אין אירע געדרונגען.

און ווייט אַף די בליענדע, לוסטיקע פעלדער הויב אויף דיינע אויגן
און זע, ווי עס שטייען די גאָלדענע זאַנגען פון שווערקייט געבויגן,
און זע אין די פּרעכטיקע גערטנער די ביימער מיט פּרוכטן באַהאַנגען,
און פייגל פאַרפּולן די צווייגן, פאַרפּולן די לופט מיט געזאַנגען.

און זע ווי די זאַפטיקע ווייַנטרויבן ווערן געטראָטן אין קעלטער,
דער וויין ווערט געגאָסן אין פעסער צו ווערן געשמאַקער און עלטער,
אום שפּעטער צו זידן אין בעכער, דאָס מענטשלעכע האַרץ צו
דערפרייען,
דערוועקנדיק האָפענונג און ליבע, פאַריאָגנדיק שמערצן און ווייען.

און זע, ווי די גאַנצע נאַטור — איז גרייט צו פאַרזיסן דיין לעבן,
און פיל אין דיין ברוסט אַ פאַרלאַנג און פיל אין דיין האַרצן אַ שטרעבן,
און מוטיק אין ריזיקע מאַכנעם שטרעק אויס דיינע הענט די
פאַרדאַרטע, —
גענוג שוין צו זיין די באַרויבטע! גענוג שוין צו זיין די גענאַרטע!

הויב אויף דיינע אויגן, אַ פאָלק, גיי אַרויס פון די פינצטערע קוואַרים,
הויב אויף דיינע אויגן צו מיזרעך און מאַירעוו, צו צאָפן און דאַרעם,
און נעם די געיאַרשנטע אויצרעס, און נעם פון דיין אַרבעט די פּיירעס,
און שאַפנדיק לעב און געניסנדיק שאַף אין די פרייערע דוירעס!

## די גראָבע האַנט

אָ, זאָג, פאַרוואָס נעמסטו פאַרשעמט דיין האַנט אַוועק פון מיר צוריק?
פאַרוואָס בינסטו געוואָרן רויט און קערסט אַוועק פון מיר דיין בליק?
דו שעמסט זיך, ווייל דו ווייסט, דיין האַנט
איז ניט ווי אַנדערע ווייך און צאַרט —
און זי טראָגט ניט קיין רינג אַף זיך
און איז צעשפּאָלטן, שוואַרץ און האַרט?

אַ, שעם זיך ניט — איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס זי, די האַנט, האָט אויפגעטאָן.
זי האָט מיט צאַצקעס ניט געשפּילט, ווי יענע הענט פון אויבנאָן . . .
מיט פּאַכער האָט זי ניט געפּאַכט,
קיין ליד געשריבן אויף פּאַפּיר
און ניט געקלאַפּט אין רייכן זאַל
די ווייסע ביינדלעך פון קלאַוויר.

זי האָט דעם פּאָטער נאָר דערנערט, וואָס איז געלעגן קראַנק פיל יאָר ;
זי האָט די קליינע שוועסטערלעך געגעבן ברויט, געקאַרמעט גאָר.
פאַר פיל האָט זי, די שוואַכע האַנט,
דאָס שטיקל ברויט אין נויט געבראַכט,
ס'איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך
פאַר אַ מיידל, יונג און שוואַך.

דיין האַנט איז ניט געוואָרן מיד און געאַרבעט מיטן שווייס.
און איז זי יאָ אַמאָל, גאַנץ שפּעט, אַראָפּגעפאַלן מיד אין שויס —
דאַן איז אַוועק איר צאַרטקייט באַלד,
פאַרשוואונדן איז איר טיפער כיין,
און גראָב געוואָרן איז די האַנט,
וואָס איז אַמאָל געווען שיין.

און דאָך, איך ליב זי איצט פיל מער, ווי יענע הענט, וואָס זיינען פיין—
ווי יענע הענט, וואָס איבער זיי מוז דיין האַנט גראָב און שמוציק זיין...
זאָל קושן יענע צאַרטע הענט
דער אויסגעפּוצטער רייכער הער ;
אויף דיין האַנט, שוועסטער, טריפט אַראָפּ,
פון דאַנקבאַרקייט אַ הייסער טרער . . .

# דער פראָסט און דער יאַם

(אויסצוגן פון באַוושאַווערס ליד „דער פראָסט")

„איך וועל זיין די זיגערן — איך הויב אָן צו פירן
מיט קישעף, מיט צויבער מיין האַנט אויף די וועלן
און באַלד, די מינוט, מוז דאָס וואַסער פאַרפרירן,
דער שטורמישער יאַם מוז זיך רואיק איצט שטעלן."

און גלייך ווי עס ענדיקט דער פראָסט זיך באַקלערן,
ווערט ער אַלץ שניידנדער, גרויזאַמער האַרטער;
ער הויבט אויף זיין האַנט אַפן וואַסער צו קערן
און הויבט אָן זיין קישעף מיט וואָיענדע ווערטער.

עס קאַכט און עס זידט, און עס מישט און עס שטורעמט,
עס צאַרנט דער יאַם — ס'איז אַ שרעק, אַ סאַקאַנע!
און צווישן די כוואַליעס, וואָס שטייען געטורעמט,
דערהערט זיך אַ שטים, ווי אַ שטאַרקע קאַנאָנע:
„איך לאָך פון דיר, פראָסט, מיט דיין קישעף און נאָמען!
איך בין ניט געגליכן צו קיין טייכלעך און טייכן,
וואָס האָבן געקאָנט זיין מעכטיק צוזאַמען,
אַז דו וואָלסט פון זיי, ווי פון מיר, מוזן וויכן!...

„באַטראַכט נאָר, דו נאַר, אין דער לייננג, אין דער ברייט מיך.
ווער קען מיך באַדעקן, פאַרשיטן, פאַרשטאָפּן!
און דאָך קאָן מען זען — נאָר דער, וואָס פאַרשטייט מיך, —
אַז איך בין צוזאַמענגעגאָסן פון טראָפּן...
מיך ווילסטו באַ קינדער באַ טויטע באַשווערן,
וואָס דו האָסט געשיקט אינעם קייווער דעם קאַלטן!
אויך מענטשן, דו נאַר, וואָלטן מעכטיקער ווערן,
ווען זיי זאָלן זיך נאָר האַלטן צוזאַמען!...

„זיי ליידן אָן אַ שיר פון אייביקן ווינטער,
אָן ערגערן נאָך פון דיר און דיין צאָרן.
‚מאַמאָן' איז זיין נאָמען, ער פּלאָגט זיי, ער שינדט זיי,
דורך אים, ניט דורך דיר, ווערן מענטשן פאַרפאַרן...
זיי פאַלן אין גאַס, ווי די מוקן, די פליגן,
און מערדער זיי ווערן, זיי ווערן פאַרדאָרבן,
פאַרמישפּעט צו טליע, אין טורמע צו ליגן, —
זיי זיינען נאָך נאַריש און פאַלן אַ קאָרבן"...

עס הויערט דער פראָסט נעבן יאַם באַ די ברעגעס,
מיט צאָרן ער קוקט אַפן טאַנץ פון די כוואַליעס...
אָ, מענטשן! איר קאָנט ניט פאַרטרייבן די נעגעס,
און אַזוי ווי דער יאַם זיך באַפרייען פון אַלעס?...

א. ראַבאָי

# בליקער סטריט

דער סטרייק אין בליקער סטריט איז געווען אַ ביטערער. באַלד אַפן צווייטן טאָג איז געווען אַ גרויס געשלעג בײַ יאָסל קאַצאַפּ אין שאַפּ.

יאָסלס קאָזין איז אַוועק אין פּאָליס-סטיישאַן און געבראַכט דע-טעקטיווס. הווישיקעלע איז אַרעסטירט געוואָרן, אָבער מען האָט אים באַלד אַרויסגעלאָזט. קיין שום באַווייזן זיינען ניט געווען. ווייל קלעפּ האָבן די סטרייקערס געגעבן טרוקענע, און אַז יאָסל קאַצאַפּ איז גע-קומען אין פּאָליס-סטיישאַן עדות-זאָגן, האָט מען אים געהייסן ווייזן בלוט.

— אַ קאַפּאָרע אַף זיי — האָט יאָסל קאַצאַפּ געזאָגט צו זיין קאָזין — כאַטש גיי און צעשנייד זיך דעם האַלז און ווייז זיי בלוט.

אַלע סטרייקער האָבן דערנאָך באַגעגנט יאָסל קאַצאַפּ מיט אַ גע-לעכטער, ווען ער איז צוריקגעקומען אַף בליקער סטריט מיט אַ לאַנגער נאָז.

— אי פאַרפוילטע פיש, אי פאַרשטונקענע הערינג, כאַ-כאַ-כאַ!

אין יענעם נאָכמיטיק זיינען די סטרייקער אַרויף צו הווישיקעלעס פּאַטער אין שאַפּ אַריין. אין דער שפּיץ פון די סטרייקער איז גע-גאַנגען הווישיקעלע, אַזוי ווי אַ שטאָלצער קריגער.

בליקער סטריט האָט דאָס דערזען, איז געוואָרן אַ געלאַף.

לעווע מיט כאַצקלען האָבן זיך שוין אויסגעלערנט אַביסל די מעלאָכע. און נאָכעם מיט מאָטיען האָבן זיך נאָר-וואָס צעלאָזט אין אַ געוועט ווער עס וועט וועמען איבעריאָגן. דאָס דאַכפענצטער איז געווען אָפן. פון דאָרט ביז צום דיל איז געלאָפן אַ סקאָסנער זייל מיט שטויב און זונליכט. עס איז נאָר-וואָס געווען נאָך מיטיק. כאַים האָט גע-בראַכט די גוטע קאָטליעטן פון דער היים. די קינדער האָבן זיך אָנ-געגעסן. ער אַליין, כאַים, האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט אויסבינדן די פּאָסן פוטער, די בענדלעך, ווי כאַים האָט פאַראידישט דאָס ענגלישע וואָרט „בענדס".

כאַים האָט שוין אין די עטלעכע טעג אַלס געשעפּטסמאַן אין אַמעריקע זיך אַליין געפונען. אים איז געווען גוט, ווי ווען-ניט-איז אין זיין לעבן. אַלע טירן האָבן זיך פאַר אים געעפנט ברייט.

וואוהין ער איז געגאַנגען און וואָס ער האָט געטאָן, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ מאַיסע מיט זיינע ניין זין. אין דער באַנק, בײַ די הור-טאָוונע קוינים, בײַ די סאָכרים אין בליקער סטריט, אומעטום האָט מען

כאַימען אַקעגנגעטראָגן דעם שיינעם שמייכל מיטן ברייטן באָרעך-האָבע.

נאָר גיי דערציייל יענעם וואָס עס טוט זיך אין הויז בא אים אינ-דערהיים. דער עלטערער זון אייזיק איז טויט-ברויגעז. הוישיקעלע וויל ניט אַרבעטן בא אים. עס איז אים מעסטאַם בעסער זיך אַרומצושלעפּן מיט די כעוורע פון בליקער סטריט. און ווען די מאַמע זיינע זאָל געוואויר ווערן, ווי אַזוי מען האָט אים, הוישעקעלען, געשלעפּט אין „כאַד-גאַדיע”, ווי עפּעס אַ געפּערלעכן גאַנעף!

זיצט ער אַזוי און ליינט אויס די בענדלעך און בינדט זיי אויס מיט רויטע שטריקעלעך — ווען פּלוצים גיט זיך די טיר אַ צעעפן און אָט איז הוישיקעלע מיט אַ גאַנצן בינט פון זיין כעוורע.

בא כאַימען נעמען אָפּ הענט און פיס. ער בלייבט זיצן אַזוי ווי אַ פאַרשטיינערטער. דער גאַנצער שאַפּ ווערט פול מיט מענטשן אין איין רעגע.

— טאַטע — זאָגט הוישיקעלע צו זיין פאָטער כאַים — מיר זיינען די יוניאָן.

כאַים בלייבט זיצן אַף זיין אָרט. די פיר ברידער: נאָכעם, מאָטיע, כאַצקל און לעווע הויבן זיך אויף פון זייערע ערטער, רינגלען אַרום דעם פאָטער. זיי זעען אויס ווי אַף כויזעק, אויסגעשמירט אַף זייערע פּענימער פון דער פאַרב פון דעם פוטער.

— מיין פאָטער פאַרשטייט ניט דעם איניען — זאָגט נאָכעם — און איך וויל ריידן אין זיין נאָמען.

— מיר זיינען געקומען אייך אַראָפּנעמען אין סטרייק — רעדט הוישיקעלע, אַזוי ווי ער וואָלט גערעדט מיט פרעמדע מענטשן און ניט מיט זיינע ברידער.

— אונז אין סטרייק? — מישט זיך אריין מאָטיע — אין סטרייק קעגן אַ טאַטן?

— אין צייט פון סטרייק איז ניטאָ קיין טאַטע — זאָגט הוישיקעלע שטרענג.

— אָבער . . . — וויל נאָכעם עפּעס זאָגן, נאָר דער פאָטער מישט זיך אריין:

— קינדער גיט מיר אויך צו פאַרשטיין וואָס דאָ איז.

— אַ סטרייק! אַ סטרייק! — שרייט אים אריין הוישיקעלע אין פּאָנים אריין.

כאַים מיינט, אַז דאָס זינדל זיינס זידלט אים, שרייט ער צוריק:

—וויש דיר אָפּ די נאָז!

—טאַטע דאָס זיינען אַלע אַרבעטער בא בענדס, און זיי האָבן אוועקגעלייגט די אַרבעט. הייסט עס אַ סטרייק — דערקלערט מאָטיע די גאַנצע סיטואַציע.

— פאַרוואָס האָבן זיי אוועקגעלייגט די אַרבעט? — פרעגט כּאַים.

— דערפאַר, ווייל מיר ווילן צוויי סענט טייערער אַפן דאָזן. און מיר ווילן אויך, אַז אייגענע קינדער, וועלכע אַרבעטן בא זייער טאַטן, זאָלן צו אונז צושטיין.

— נאָר וועט לאָזט אייך ניט, קינדערלעך? — זאָגט כּאַים.

— כּעוורע, טוט זיך אָן און קומט — באַפעלט הוישיקעלע זיינע ברידער.

די ברידערלעך קוקן זיך איבער מיטן פאָטער. די צוויי עלטערע ווייסן שוין וואָס עס הייסט סטרייקן. די צוויי אינגערע ווייסן נאָך ניט וואָס דאָס איז. אָבער אַזוי ווי מען מוז זיך אָנטאָן — טוען זיי זיך אָן.

— מעשוגאָים! — שרייט כּאַים צו זיינע קינדער — וואָס אַרט מיך, אַז איך וועל אייך מעשאַלעם זיין נאָך צוויי סענט? איך גיב דען מיינס?

— דאָס הייסט, אַז דו גיסט נאָך? — פרעגט הוישיקעלע באַם פאָטער.

— ניט דיר, נאָר זיי — ווייזט כּאַים אַף די איבעריקע אַרבעטער.

— שור ניט מיר, נאָר אונז — ענטפערט הוישיקעלע און קוקט דעם טאַטן גלייך אין די אויגן. כּאַימס פּאָנים איז אַזש בלאָ געוואָרן. הוישיקעלע זאָגט:

— און פון היינט אָן און ווייטער טאָר קיינער ניט אַרבעטן נאָר ביז זעקס אַזייגער. פון אַכט אינדערפרי ביז זעקס פאַרנאַכט. אַזוי האָט אונזער יוניאָן באַשלאָסן. סע מעג זיין אייגענע זין אָדער אייגענע קרויווים — זעקס אַזייגער לייגט מען אַוועק די אַרבעט.

— רעב כּאַים! — דערהערט זיך פּלוצים אַ קאָל, אַזוי ווי פון אַ פּאַס — לאָזט אייך ניט בלאָפן!

פון אָנגעלאָפּענעם עולם שאַרט זיך אַרויס יאָסל קאַצאַפּ. ער וואַרפט מיט זיינע הענט אַזוי ווי וויעסלעס און שאַרט אַוועק פּלייצעס און קעפּ און שלאָגט זיך צו נאָענט צו הוישיקעלען.

— דו סמאַרק! — וואַרפט זיך יאָסל קאַצאַפּ אַרויף אַף הוישיקעלען. ער איז העכער און גרעבער פון הוישיקעלען און אַף אַ ווײלע ווייזט עס אויס, אַז ער וועט הוישיקעלען צעקוועטשן.

עס ווערט אַ געפּילדער און געיעג. די צוויי שלעגער האָבן זיך שוין געקאַטשעט אַפן דיל. כּאַצקל האָט געכאַפּט אַ בענקל און אַ זעץ געטאָן איבער יאָסל קאַצאַפּס קאָפּ. דאָס בענקל איז זיך צעפאַלן אין שטיקלעך. און ערשט איצט האָבן מענטשן געכאַפּט די שטיקער פּיסלעך פון בענקל און עס איז געוואָרן אַ געשלעג.

די חברה פון דער יוניאָן האָבן זיך אַרויסגעוואָרפן אַף די באַלעבאַטים. עס זיינען געפלויגן פּעטש איבער קעפּ, פּענימער, און פון ציין האָט שוין גערונען בלוט. אין דער לופט פון דעם ניט־איבעריק־גרויסן

בוידעם-שטיבל איז געשטאַנען אַ שטויב, האָר זיינען אַרומגעפֿלויגן אַזוי ווי אויפֿגעפּליקטע פּעדערן.

כאַים האָט געפּרואווט צערייסן די שלעגער. אָט האָט ער זיי צעריסן און זיך אַריינגעשטעלט אין דער מיט צווישן זיי. אָבער באַלד האָט דאָס געשלעג אויסגעבראָכן פֿון אַן אַנדער אָרט.

די פֿיר ברידער—לעווע, כאַצקל, מאָטיע און נאָכעם האָבן גענומען זייערע שערן אין די הענט, גרויסע שערן מיט שאַרפֿע שפּיצן, און אָפּ-געטריבן יאָסל קאַצאַפּ פֿון זייער ברודער הווישיקעלע.

הווישיקעלע האָט געסאָפּעט אַזוי ווי אַ פֿערד נאָך אַ גרויס געיעג. זיינע האָר זיינען געווען צעשויבערט, זיין פּאָנעם רויט און צעדראַפּעט. די אויגן אַרומגעשלאָגן מיט בלויע צייכנס. און בא יאָסל קאַצאַפּ האָט גערונען בלוט פֿוןביידע נאָזלעכער און איין אויג איז בא אים אינ-גאַנצן געווען פֿאַרמאַכט. דאָס געשווילעכץ האָט זיך געהויבן אַרום אָט-דעם פֿאַרמאַכטן אויג. יאָסל קאַצאַפּ האָט געפּראַכט ווי אַ פֿעטער חזיר און ניט געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

— איצט וועסטו שוין וויסן וואָס עס הייסט אַ יוניאָן! — האָט הווישיקעלע געשריגן און זיך געריסן צו יאָסל קאַצאַפּ, גרייט זיך ווידער אַף אים אַרויפֿצוואַרפֿן.

לייב קוויטקאָ

## קאַרל ליבקנעכט אַפֿן קייסערס באַלקאָן

צום קייסערלעכן פּאַלאַץ
אין בערלין,
צום מיטלסטן באַלקאָן
אהין,
אהין,
אהין:
מענטשן, — פּלאָנט אין פּלאָנט,
קאַליקעס פֿון פֿראָנט, —

אהין,
אהין,
אהין, —
צום מיטלסטן באַלקאָן!

האָט ווילהעלם דערהערט,
שרייט ער צו זיין פאָלק,
ווערט זיין שריי פארזונקען
אין געשריי פון פאָלק,
ברומט און ברומט און קאָכט,
דונערט עס און ברויזט:

— „קייסער!
קייסער!
קייסער! —

קייסער, קום ארויס!"

איז ארויס דער קייסער
באלד אף דעם באלקאָן. —
פילט ער, אז דער צאָרן,
ווי א יאַם א הייסער,
הויבט זיך צו זיין טראָן.

זאָגט ער עפעס יאָ,
זאָגט ער עפעס ניט,
און א פלוצים שווייגן
יעדערן פארציט.

אונטן אפן דנאָ,
וואו ער ווארפט א בליק: —
בורעט דאָרט און גליט
ליארעם און פארדראָס,
רוקט ער זיך צוריק, —
צוריק אריין אין שלאָס!

טוט א קאָך:
— „נידער!
„נידער!
„נידער!
„האָך!.
„האָך!
„האָך!"

און ווידער שטיל.

און שטיל,
סע גרוילט:

דער באַלקאָן איז הויל,
איז הויל.
ס'העננט פון אים אַראָפּ
דער גרויל, —

איבער אַלעם
שרייט די מאַסע,
דונערט אויס:
— זאָל דער קייסער באַלד ארויס!

אָט...
דערוואַרט...
— ווער?!
— אָך, ווי קומט ער גאָר אָט'הער?!
מע בלייבט פאַרשטאַרט.
שטיל.
און שטיל
און שטיל
און שטיל:
אַף באַלקאָן
אַ מאַן,
פּראָסטע קליידער אָנגעטאָן,
ציוויל.

הויבט זיין האַנט,
קלאָר זיין שטים,
טוט אַ פּראַל פון דעם באַלקאָן,
ווי זון,
ווי פרייד אַף גרויסן יאַם.

טוט דער יאַם אַ הויב די הענט,
ס'האָט דער יאַם זיין העלד דערקענט,
אַ ברום,
אַ קרעכץ:
„קאַרל ליבקנעכט!"
און איבער קעפּ וואַקסט אויס אַ פאָן:
„אונזער קאַרל!"

„עס לעבע די
רע
װאָ
לז
צי
אָן !"

## קאָניונקטור *)

— װאו װאוינט איר, כאַװער?

— איך װאױן (און אַרבעט) נישט װײט פון ריװערסייד דרייװ, אין אַ צימער גרױס װי מײנע גליקן.

צעצונדענע פּערל זענען די ליכט אַף מיליאָנערסקער עװעניו. באַ מיר אין קאָרידאָר קאָפּטשעט זיך אַ צען־װאַט לעמפּל װי אַ גלעזערנע טרער אַפן פּאָנעם פון אַ ריז, װאָס האַלט אַ פינגער אין מויל און װיינט: מע־מע.

מע זאָגט, אַז דאָ אױבן אין די רייכע אַפּאַרטמענט-הייזער צאָלט מען פון 5 ביז 10 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר דירע-געלט. אָך, זענען דאָס הייזער!

װער אונז גוטס גינט!

איינס: אַ האַרמאָניקע מיט געבלימלטע רעמלעך.
דאָס אַנדערע: אַ װאַסער־פאַל פאַרפרוירן אין מיטן פּאַלן.
דאָס דריטע: אַלפּנשניי גליט אַף די בערגשפּיצן אין מיטן זומער.
דאָס פערטע: אַ קאָפּבאַדעקנס פון אַ בעדואינער.

מע זאָגט: אין דעם פּענט־הױז דאָרטן, אױבן אַפן דאַך,
בליִען עמעסע גערטלעך מיט ליסינע ביימלעך.
װי שיין איז דער דרייװ ביינאַכט!

דאָ אונטן, נידעריק באַ דר'ערד איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש,
דאָ רייסט מען די ערד־קישקעס מיט שטאָל־שטאַנגען אַזוינע,

*) אַ ביסל געקירצט.

מע שמעלצט אספאַלט מיט אַצעטעלין־פּאַקליעס.
די קאַנאַל־קישקעס גיבן פון זיך אַרויס פּוילקייט און באַצילן
און אַ בייסיקן רייאַך.

איך האָב מיך צוגעזעצט אין דער טונקל, וואו די שלעפּערס
קומען אויסנוצן זייער ליבע — ווייט פון אַ לאַמטערן.
און איך האָב געזען פייערלעך אַפן האָדסאָן; ווערן מיינע
גרינע אויגן, ווי דערשראָקענע פישלעך, וואָס זוכן וואַסער.
איך האָב מיך אויסגעצויגן אַף אַ באַנק, אויסגעהוסט פון זיך
די מידקייט און דעם שטויב און דעם רויך, און דעם טאַם
פון טערפּענטין
וואָס קומט פון די שטיגן
אין מיין הויז, וואו די וואַטערקלאָזעטס זענען שטענדיק קאַליע
און די טרעפּ זענען זויער,
און די לופט איז צוגעלייגערט
און דאָס האַרץ איז פאַרביטערט.

איך האָב געוואָלט איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַ ברום טאָן
אין דער נאַכט אַריין, ווי אַ בער, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן
פון דער קייט, און אַ מאַך טאָן: וואההה, וואאאַף!
ווי איך האָב דערהערט אַ לאָקאָמאָטיוו זידן אונטן אַף דער ליניע
און איך האָב דערזען ווי אַ קופּלער מיט אַ לאַמטערן
גיט סיגנאַלן צו דעם הויכן דאַרטן, אַפן קאַבוז פון דער פראַכטבאַן.
אַ שלאַנג פון וואַגאָנעס האָט געוואַרט אַף אַן אויל־פאַרשמירטער
קנופּיקער האַנט
וואָס זאָל מעזאַוועג־זיין דעם ער־שרויף מיט דער זי־שלאָס.

די רייכע שמענדריקעס פון ריווערסייד, זענען אַוואַדע באַ דער שאָ
געלעגן אין די גאָלדגלעזערנע דאַך־הייזער
און געפּאָרט זיך מיט זייערע זיען
און צוגעגרייט אַרבעט פאַר שוואַרצע דינסטן און ווּעשערינס.
אַ זי־שלאָס מיט אַן ער־שרויף,
און צווישן פּאָרונג פון שטאָל מיט שטאָל
איז געווען אַ מענטשנס לעבן אין קאָן.
אַז וואַגאָנעס פּאָרן זיך זענען מענטשן מיטן לעבן ניט זיכער,
אַז הויכגעבוירענע פּאָרן זיך, איז אויך אַזוי.
פאַר זייער קופּלען־זיך, פאַר זייער הורן־זיך
פאַר זייערע קעפּסוויבער, און זשיגאָלאָס, פאַר זייערע
בויך און בעט פאַרגעניגנס, גייסטו אָפּ מיט שווייסיק בלוט —
אָ, קופּלער פון וואַגאָנעס!

העי דאַרטן, קופּלער פון וואַגאָנעס!
לאָז די וואַגאָנעס אַף אַ מינוטקעלע
(קיין איין וואַגאָן וועט אָן דיר ניט אַנטלויפן).
און האָרך אוים די רייד פון אַ כאַוועך:

איך ווייס דאָך זייער גוט, אַז אויב צוויי וואַגאָנעס וועלן דיך
היינט־מאָרגן נישט צעקוועטשן,
ווי זיי האָבן צעקוועטשט דיין עלטערן ברודער דזשאָן העגרי,
וועסטו אַוודאי בלייבן אָן אַרבעט, אָן ברויט,
און אַזוי ווי סע גייט צו ווינטער,
וועסטו שלאָפן אַף דער בויערי, מיט דער נאָז צו דער
וואַנט, שטייענדיקערהייט,
זיך צו שיצן פון גאַזלאָנישע ווינטן, וואָס באַפאַלן ניו־יאָרק
אין נאָוועמבער־דעצעמבער.
און עסן וועסטו אָפּפאַל פון די פעסלעך,
און שלינגען וועסטו ניכטערן שפּייעכץ, טרערן און פאַרזאָטן בלוט;
און האַלטן די האַרטע קוליקעס אין קעשענע ווי בערן אין אַ
פייגלשטייג.
און דאַ־אָ, אַף ריווערסייד (צי הערסטו, קופּלער?) וועלן בלישטשען
אונזערע רייכטימער, אונזערע גלעזערנע פענט־הייזער,
אונזערע שטיינערנע וואַסערפאַלן, האַרמאָניקעס, אַלפּנשפּיצן,
בעדואינישע קאָפּשלייערס.
אין אַ סך בלאַנקע, קרישטאָלענע פענצטער וועט זיין פינצטער,
ווייל קיינער וועט דאַרטן נישט זיין פאַר וועמען מע זאָל מאַכן
ליכטיק.
גאַנצע וואַגאָנעס טרויבן, ווייץ, פּאַפּשויעס, מערן, פּעטרישקעס,
גרייפּ־פרוכטן, באַנאַנעס און וואָס אַ מויל קען אויסריידן
וועט מען וואַרפן אינם האָדסאָן אַריין.
(דער האָדסאָן וועט זיך אָפּווישן ס'מויל אין אַ שיף און
גאָרנישט זאָגן).
און פרעג איך דיך, אָ, קופּלער פון אייזנבאַנען, וואָס וועסטו
טאָן, האַ?

אָ, קופּלער פון אייזנבאַנען, טו עפּעס!
צו וואָס זאָלסטו שלאָפן אַף דער בויערי שטייענדיקערהייט,
מיט דער נאָז צו דער וואַנט,
אַז דו קענסט שלאָפן אין פּראַכטיקע הייזער אין אַ ווייך בעט
אַף ריווערסייד דרייוו?!
צו וואָס זאָל דיר אויסגיין דאָס האַרץ נאָך אַ שטיקל טרוקן ברויט,

אַז דו האָסט אַזויפיל רעסטאָראַנען מיט געבראָטענע טויבן ?
צו וואָס, אָ קופּלער פון אייזנבאַנען, זאָלסטו ארומגיין דאָרשטיק
און פאַרשמאַכט, אַז אין דיין לאַנד בליט דער וויינשטאָק
און דער מילגרוים ?
צו וואָס זאָלסטו אויפשטעלן די האַנט און בעטלען אַ סענט,
אַז גאָר דאָס גאָלד פון דער גאַנצער וועלט איז בא דיר אין
די הענט ?

אָ, קופּלער פון אייזנבאַנען, באַדענק דיך!
קופּל-צונויף שטאָלענעם געדאַנק מיט שטאָלענעם געדאַנק,
און מערק ווי גרינג דיין געדאַנקענבאַן באַוועגט זיך,
איבער גלאַטע, גליטשיקע, גלאַנציקע רויטע רעלסן!
מיט דיין אויפגעהויבענעם לאַמטערן גיב אַ סיגנאַל.

אָ, קופּלער פון אייזנבאַנען, צו אונז אַהער אַף יוניאָן-סקווער!
די לענדלאָרדס האָבן שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס באַווייזן אַז די
הייזער זענען זייערע.

דו אָבער האָסט אַף די־אָ שטיינפּאַלאַצן
דיין בלוט און שוויים פאַרגאָסן.
דו אָבער האָסט געשלעפּט די ציגל און די בעלקעס, די ניטן,
די שלעסער און די קלעמען, וואַפּנע און צעמענט.
אַראָפּגעפּאַלן, צעקוועטשט געוואָרן פון אַן אייזערנעם בעליק.
זייערע „דידס" זענען געזיגלט מיט טינט און מיט גאָלד,
דיין שטאַר-מעכירע, אָ קופּלער פון אייזנבאַנען, איז געשטעמפּלט
מיט בלוט.

דיין „היפּאָטעק" איז גאַראַנטירט און טאַבעלירט מיט דער
מאַכט פון דיינע הענט.

מיט דעם שטאָל פון דיינע ריפּן,
מיט דעם מוט פון דיינע העלדישע מאַיסים.
העי־האָ! צי הערסטו מיך, קופּלער פון אייזנבאַנען ?!
צי הערסטו מיך ? — האַ-לאָ!! — מיין קאָל איז אַ סירענע.
דורך מיר רעדט דאָס קול פון מיליאָנען ברידער, פון מיליאָנען
שקלאַפן.
מיין האַלז איז אַ לייקע פאַר דעם געשריי פון די פאַרפייניקטע
און באַליידיקטע, אויפוואַכנדיקע, פאַרשקלאַפּטע.
האַ-לאָ! דזשאַן הענרים ברודער, וואָס איז צעקוועטשט
געוואָרן פון צוויי וואַגאָנעס,
הער זיך צו, און גיב אַ צייכן, אַז דו הערסט, אָ כאַווער!
אַ צייכן גיב, אָ, ברודער פון דזשאַן הענרי!
צי הערסטו מיך — האַ ? האַ-לאָ!

אויב יאָ,
גיב דריימאָל
אַ דריי
דיין לאַמטערן.
וואַן, טו, טרי!
אָלל עבאָרד פאָר די יונייטעד סאָוועטס אָוו אַמעריקאַ!

## וואָלט וויטמאַן

# פּיאָנערן

העי, איר יונגע, זון־פאַרברוינטע פּיאָנערן,
שטעלט זיך אוים אין גלייכע רייען, האַלט די וואפן גרייט!
האָט איר אייערע רעוואָלווערן און די שאַרפע העק?
מוטיק הויבט דעם קאָפּ, פּיאָנערן, צו דעם שווערן קאַמף זיך גרייט!

נישט דערלויבט איז אונז צו רוען,
שטענדיק פאָראויס, קעגן שטורעם און געפאַר!
אָפן שטייט פאַר אונז די צוקונפט און די פרייע ברייטע וועלט,
מוטיק הויבט דעם קאָפּ, פּיאָנערן, צו דעם שווערן קאַמף זיך גרייט!

איבער אָפּגרונטן און טאָלן שטורמען אונזערע לעגיאָנען,
דרייסט און מוטיק צו די העכסטע שפּיצן פון די בערג,
און דעראָבערן און דערגרייכן צו אַ ווייטן אומבאַקאַנטן וועג.
מוטיק הויבט דעם קאָפּ, פּיאָנערן, צו דעם שווערן קאַמף זייט גרייט!

פאָראויס אין געשלאָסענע רייען,
איבער שלאַכטן און מאַפּאָלעס, אָן אָפּרו איילן מיר צום ציל!
און ווער פון אונז איינער פאַלן, ענגער שליסן מיר די רייען!
מוטיק הויבט דעם קאָפּ, פּיאָנערן, צו דעם שווערן קאַמף זייט גרייט!

אונזער לאָזונג איז אויסראָטן און פאַרניכטן ביזן גרונט
די פאַרשימלטע, די גויסעסדיקע אַלטע וועלט,
און אָף אירע פרישע קברים, צווישן פּורפּור רויטע פלאַמען,
וועט אויפפלאַקערן דער נייער פרייהייטס־טאָג!
מוטיק הויבט דעם קאָפּ, פּיאָנערן, צו דעם שווערן קאַמף זייט גרייט!

## מ. נאַדיר

# מען וועט טיילן דעם אייזקרים *)

סי וועט שוין לאַנג נישט דויערן,
יוראַנאַר
מוירײַנו.
מיר וועלן צעטיילן קאָמפּאָטן !
דאָס ארבעטערפאָלק און די פּויערן,
וועט פרעגלען אין זיסן און זויערן —
אַ מאָלצײַט אין רויטן פאַרקנאָטן.
יוראַנאַר,
מוירײַנו.
אַ סודע אַ שיינע
מיר גרייטן דיר צו.
ווי סי פּאַסט פאַר דײַנס גאַטונג :
אי רייך, אי געשמאַק,
ווי פאַר וראַנגל־קאָלטשאַק.
מיר גרייטן שוין צו דעם אייזקרים.

עהע, וועט דאָס זײַן אַביסל אַ קערמישל !
דײַן נאַפּקע פון טעקסעס **) וועט הויבן אַ פּיסל.
דײַן לייבגוואַרדיע וועט קנאַקן אַפּטריט־וויצן,
און אונזערע סאַרווערס וועלן אויך לײדיק ניט זיצן.
מ׳עט אַלצדינג דערלאַנגען צום טיש מיט אַ קנאַק,
מיט אַ הי און אַ הא און האַפּטשיקטשאַק.
עי, סאַרווערס איר רויטע, שטעלט גיכער צום טיש,
אי לעבערלעך פעטע, אי היימישע פיש !
און לעקעך ווי פייער, און בראָמפן ווי בלוט,
עי, חברה, נו, רירט זיך, דינט אָפּ און ווערט קוויט
עב־הא, און אַ פריילעכס, און זאָל געבן אַ סקריפּ !
מיט אַ הי און אַ הא און אַ זיבעטן כליפּ.

---

*) בײַ אַן אַרבעטלאָזער דעמאָנסטראַציע באַם סיטי האָל אין ניו־יאָרק, בעת די פּאָליציי האָט געשלאָגן די אַרבעטלאָזע, איז מעיאָר וואָקער געשטאַנען אַף די טרעפּ, געקוקט ווי מען שלאָגט און געפרעגט :
„ווען וועט מען סערווירן אייז־קרים ?״

**) דאָס באַציט זיך אַף מעיאָר וואָקערס געליבטע, אַ באַרימטע מואווי־אַקטריסע.

אױף טיש און אױף בענק,
אױף קעפּ און אױף טעלער,
נו, גיכער, נו, גיכער,
נו, יאַטן! נו, שנעלער!
מי װאַרט דאָך, מי װאַרט דאָך אױף אײזקרים!

יוראָנאָר,
מוירײנו.
מיר פאַרבעטן דיר זײער,
דיר און דײן הואװער,
דײן פולער און טהעיער!
צו פאָרשפּיל און כופּע און אױך שעװעבראָכעס —
פאַרבעטן אײך ליבלעך די װעלטבאַלמעלאָכעס.
מיר שטײען װי קעלנערס געבוקט ביז אַרונטער,
מיט קוכנס פון פײער און צימעס פון צונטער.
עי, סאַרװערס אין רויטן, פאַרשמײעט ביז גאָר —
עי, טוט נאָר אַ קוק און װערט נאָר געװאָר:
װי גײט עס די געסט דאָרט? צי אַלץ איז געגרײט?
נו, גוט, זאָל מען עסן געזונטינקערהײט!
אַ װײקשעפּל יויך,
און אַ מאַרכבײן פּעט,
(זײ זענען געװאױנט דאָך
צו מענטשן־קאָטלעט!)
אָך סאַרװערס אָך סאַרװערס — דעם אײזקרים!

יוראָנאָר דזשים־װאָקער־מאַרי־אַנטואַנעט,
דײן װײץ איז געקומען אַ ביסל צו שפּעט.
דו הונצװאַט דו אײנער, דו װיסטע קאַנאַליע,
מיר גײען אױף דיר, װי אױף שפּענדל די כװאַליע,
מיר שאַרפן די צײן די קײט צו צעבײסן.
און בלוטיקט די צונג,
און זאַלציקט די װאונד —
דאָס מויל אָפּגעװישט,
ס'איז גאָרניט־מיט־נישט.
מיר שטײען צעבױטעט
װי יאַם נאָך אַן ערדנרים,
מיר שטײען פאַרן רויטן
סכאַרבערים!
דאָס בלוט אױף די טרעפּ פון סיטי האָל

שרייט מיט גאָרגלדיקן־הייסן קאָל:
איר זאָלט נישט פאַרגעסן,
וואָס מ׳גרייט אייך צום טיש
ווען איר פאַרלאַנגט עסן!
בליי איבער מויל,
און בליי איבער קאָפּ,
און גומיבייטש יאָגט
פון שטיגן אַראָפּ.
נו־יאָ, נו־יאָ, מיר וועלן אַלעמען אָפּדינען אין פריידן,
פאַר אונזער פאַרגאָסן בלוט, פאַר אונזערע ביטערע לײדן.
אוי, ווען מען טיילן אייזקרים!

## דאָוויד עדלשטאַט

# מיין לעצטע האָפענונג

אין שטורעם, אין קאַמף איז מיין יוגנט פאַרשוואונדן,
פון ליבע, פון גליק האָב איך קיינמאָל געוואוסט;
נאָר ביטערע טרערן און בלוטיקע וואונדן
האָבן געקאָכט און געברענט אין מיין ברוסט.

פרי האָב איך מיין הויז און מיין היימאַט פאַרלאָזן,
פון קינדווייז האָט מיך דער מאַזל פאַרפאָלגט;
פאַרסאַמט האָט ער מיך מיינע בליענדע יאָרן
און טאָמער געמאַטערט, געפייניקט, געיאָגט.

פרי זיינען געשטאָרבן מיינע האָפענונגען זיסע,
פרי האָב איך דערזען דעם ווילדן קאָנטראַסט:
דאָס אַרבעטער פאָלק אין אַ פינסטערער טפיסע,
און שווינדלער און רויבער אין רייכן פּאַלאַסט.

אַ גוואַלדיקער שטורעם מיין האַרץ האָט דערציטערט
און איך האָב געשוואָרן נעקאָמע און טויט
צו אַלעם וואָס האָט אונזער לעבן פאַרביטערט,
געמאָרדעט, באַרויבט אונזער פרייהייט און ברויט.

פאַר אַלעס, וואָס מענטשן איז הייליק און טייער,
האָב איך גערופן צום קאַמף מיט געוויין;

אין מיין הארץ האָט געפלאַקערט אַ הייליקער פייער,
געוועזן מיין גאָט איז די מענטשהייט אליין!

עס האָבן געלאַכט די אומוויסנדיקע שקלאַפן: —
„מעשוגענער דיכטער הער אויף דיין געשריי,
וואָס ווילסטו מיט פרייהייט, מיט קאַמף און מיט וואפן?
מעכטיק — די רייכע, די וועלט איז פאַר זיי!”

עלנט בין איך אין דעם שטורעם געשטאַנען,
מיין עלנטער קאַמף האָט געהאַט קיין דערפאָלג:
עס הערשן ווי טאָמער די ווילדע טיראַנען,
עס בלוטעט ווי טאָמער דאָס אָרימע פאָלק.

אָ, מאַזל, האָסט ניט געלאָזט מיר דערווערבן,
איין פונק כאָטש פון פרייהייט, פון מענטשלעכער רעכט;
כ'בין אַ שקלאַף אין מיין לעבן, — אָ, פריי לאָז מיך שטאַרבן
פאַר דער באַפרייאונג פון ליידנדע קנעכט!

רויב ניט בא מיר מיינע האָפענונגען די זיסע,
די האָפענונג, וואָס לויכט אַ מינוט פאַר מיין טויט: —
זען ווי דאָס פאָלק וועט צעברעכן זיין טפיסע
און וועט זיך באַפרייען פון הונגער און נויט.

## מיין צוואָע

אָ, גוטע פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מיין קייווער אונזער פאָן —
די פרייע פאָן מיט רויטע פאַרבן,
באַשפריצט מיט בלוט פון אַרבעטס־מאַן!

און דאָרט אונטער דער פאָן דער רויטער
זינגט מיר מיין ליד, מיין פרייע ליד!
מיין ליד „אין קאַמף”, וואָס קלינגט ווי קייטן
פון דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און איד.

אויך אין מיין קייווער וועל איך הערן
מיין פרייע ליד, מיין שטורעם־ליד;

אויף דאָרט וועל איך פאַרגיסן טרערן
פאַר דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און איד!

און ווען איך הער די שווערדן קלינגען
אין לעצטן קאַמף פון בלוט און שמאַרץ —
צום פאָלק וועל איך פון קיװער זינגען
און וועל באַגייסטערן זיין האַרץ!...

## מ. נאַדיר

# מאָנאָלאָג פון אַ געוועזענעם סאָלדאַט

(פון טשעכישן)

ווען איך האָב פּרעמרע לענדער געזען?
בלויז פון שולקלאַסן
געדענק איך
אַ פּאָר נעמען.
ווייטער איז דער ווערקשאַפּ און די גרויסע
טעגלעכע מי
געווען די אידיליע פון מיין לעבן.

צום ערשטן מאָל האָט צו מיר מיין מאַזל געלאַכט —
ווען קריג איז געקומען!
ענדלעך האָט די ווייטקייט
געוואונקען
מיט פינגער פון פונקען.
האַ, עפּשר איז דאָס נישט געווען קיין געלעכטער
נאָר אַ שפּאָט?
די פּריצים האָבן מיר פאַרגונען מיין וועג.
„גיי מיט גאָט".
דאָ האָט זיך מיין רייזע אָנגעפאַנגען:
רוסלאַנד, איטאַליע, באַלקאַנען.

צוויי כּאַדאָשים און איך דערווים מיך שוין:
מיינע בלוטיקע הענט, דעם קייזערס קרוין!
און וואָס פאַר אַ מענטשן שים איך?
אזוינע ווי איך, ווי איך!

זיי לעבן, ווי איך,
ליגן ווי איך,
שטאַרבן ווי איך —
פאַרן קייזער, פאַר די פּריצים, פאַר די גווירים.

מיר זענען מענטשן,
און „גאָט" איז מיט אונז נישטאָ,
און די „מענטשהייט" איז מיט אונז נישטאָ,
נאָר מיר אַליין — מיר מענטשן!

איצט בין איך קריק אין דערהיים! —
און רופט מיך די ווייט, רופן מיך
אַרבעטלייט,
רופן מיין כאַלעם דערענדיקן.
דעם כאַלעם פון שיינע ווייטן,
פון שיינע וועלטן.

און וואָס בויערט מיר אין האַרץ?
עס בויערט מיר אין האַרץ — דער באַגנעט,
וואָס כ'האָב דעם „רוס" אין בויך אַריינגעשטאָכן
און אַ רויטער באַגנעט האָט מיר אַ שפּריץ געטאָן
גלייך אין די אויגן.

פונדעמאָלט־אָן זע איך רויט, רויט, רויט!
און ביזן טויט, ביזן טויט,
וועל איך נישט רוען
ביז כ'וועל נישט אויסקויפן מיין מאָרד —
מיטן בלוט פונם מערדער —
מיין קייזער, מיין פּאַריץ, מיין האַר!

## הונגער
(פון כינעזיש)

גרויסע, גרויסע, גרויסע מויז
פרעס נישט אויף מיין הירזש אין הויז!

דריי יאָר ווי דו נאָגסט און נאָגסט,
דריי יאָר ווי דו פּלאָגסט און פּלאָגסט.
באַלד, גאָר באַלד שלינגסטו מיך איין,
הונגער־מויז, וועסט זאַט דאַן זיין?

נײן, איך בין מאָגער, קלײן און טרוקן.
װעט מײן דאַרער בײן דיך שטיקן.

גרױסע, גרױסע, גרױסע מױז,
פּרעם נישט אױף מײן פּיצל הױז.

דרײ יאָר — פֿאַר דער קאַץ געלאָזט,
די קאַץ האָט עם דעם הונט געזאָגט.
דער הונט האָט נאָר, האָט נאָר געבילט,
ביז ס'האָט די נאַכט אים אײנגעשטילט.

דרײ יאָר װי דו נאָגסט און נאָגסט,
דרײ יאָר װי דו פּלאָגסט און פּלאָגסט.

צי אַיך מיך ערגעץ־װאו אַרױס,
װאו מ'קען נישט די גרױסע מױז.

נעם איך מיט אַ ברײטע האַק
און איך האַק דיר אָפּ דעם קאָפּ.

## מ. װינטשעװסקי

# די רױטע פֿאָן

אונזער פֿאָן איז רױט, ליבע ברידער,
װײל מיר װילן, אַז קײנער זאָל מער ניט זײן בלאַס:
אַז די פֿאַרבן פֿון נױט, ליבע ברידער,
זאָל ניט טראָגן דעם פּאָנעם פֿון אַרבעטער־קלאַס.

אונזער פֿאָן איז רױט, ליבע ברידער,
װײל מען האָט איר געפֿאַרבן מיט אַרבעטער־בלוט
אין די צײטן פֿון נױט, ליבע ברידער,
אין די צײטן פֿון רױב און פֿון מאָרד און פֿון בליט.

אונזער פֿאָן איז רױט, ליבע ברידער,
װײל מיר װילן דעם פּורפּור, װאָס האָט אַזױ לאַנג
די טיראַנען געקלײדט, ליבע ברידער,
געבן דעם פֿאָלק מיט אַ יױװל־געזאַנג.

## יאָהאַנעס ר. בעכער

# ערשטער מאַי

ערשטער מאַי!
וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָג?
ס׳איז קיין יאָנטעוו ניט,
ניט קיין טשואווע, ניט קיין טפילע-טאָג,
ניט קיין טאָג צו שוויצן אין פאַרזאַמלונגען,
וואו מע איבל־קייט אָפּגעדראָשענע זונטיק־פראַזן,
וואָס קיינער גלויבט זיי ניט־סיי ווי;
ניט קיין פייערטאָג,
וואו מען פירט זיך אַרום שפּאַצירן נאָך אַ נעבעכדיקער אַרבעט־וואָך,
אינעם אָפּגעריבענעם יאָנטעוו־קלייד,
דורכלופטערן דעם גוף, וואָס שטינקט נאָך פון די שלעכטע
אַרבעט-פּלעצער.

ערשטער מאַי:
קאַמף־טאָג,
מיליטערישער רעוויזיע־טאָג פונעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט,
מאַרשטאָג פון די אַרבעט־מאַסן אין אַלע פינף טיילן פון דער וועלט!
ערשטער מאַי!
קאַמף־טאָג:
לאָמיר גרייט זיין!
לאָמיר
שטאָל־האַרט ווערן.
דעם לעצטן כאַלעל אויספּילן אין אונזער פראָנט!
זאָל אונזער געדאַנק טראַכטן נאָר איינס:
קאַמף!
זאָל אונזער הארצן קלאַפּן נאָר איינס:
קאַמף!

ערשטער מאַי!
שטענדיק ביים שוועל פון נייער צייט ווי דו,
קעמפנדיק.
זינגענדיק אָדער פאַלנדיק,
אָבער טריט בא טריט גערוקט פאָראויס —
לייכטנדיק מיט אונזער גייסט
דער מענטשהייט אַף איר מאַרש,
ווי דורכן וועלטן־רוים עם לייכט דיין זון —
בא דיין ליכט,

וואָס פּילט מיט פייער־גלי די אָפּגרונטן פון דער ערד,
וואָס וועקט אַף ס׳ניי די אַלטע ביינקשאַפטן,
טרוימען, האָפענונגען פון דער מענטשהייט.
באַ דיין ליכט,
ערשטער מאַי,
באַ דיינע וואונדערבאַרע שטראַלן,
וואָס גלאַנצן אַ גליק־אַנזאָג יעדער בריע אַף דער ערד, —
שווערן מיר:

אומדערמידלעך וועלן מיר קעמפן,
שפּאַנען אונזערע מוסקולן,
אָנשטאָלן אונזערע מויכעס,
מיט אונזער האַרץ־טאַקט וועלן מיר אייך, וואָס איר שלאָפט
אין קייטן נאָך,
האַמערדיק אויפוועקן!
צעבלאָזן דעם ווילן־בראַנד אין אונז —
ביז די וועלט וועט זיין פון אונז דעראָבערט,
ביז דו, ערשטער מאַי, דו וועלט־קאַמף־טאָג,
וועסט ווערן וועלטס פייערטאָג פון אַלע אַרבעטנדיקע שאַפער!
ניט רוען וועלן מיר ביז דאַן,
ניט צונויפלייגן ביז דאַן די הענט!
דאָס שווערן מיר!

מייקל גאָלד
אידיש: וויליאַם אייבראַמס

## דאָס מיידל באַם טייך

1.

ווי אַ נעגערש פויסטן־העלד נאָכן לעצטן זעץ, ליגט שטיל ניו־יאָרק.

און שטיל, ווי אַ פאַרמאַטערט, האַרעפּאַשנער פערד, שטייט נאַכט אין שטאַל און דרעמלט אין לעוואָנע־שיין באַם טייך.

ס׳האָט קיינער מיך ניט ליב. ס׳האָט קיינער מיך ניט ליב! אַ יונגע מיידל אומערט באַ דעם טייך.

ווי אַ שיקער וואָגלט זי, זיך וואַקלענדיק אַרום דעם כוישעכדיקן האַפן מיט דלאָניעס צוויי פאַרבראָכענע באַם פינצטערן טייך.

אַליין מיט שטערן, שפּייכלער פאַרשלאָסענע און אַלטן וועכטער און דעם טייך.

וועקט זי, שילט די רו, מיט איר אייגן בלוט, מיט איר יונגער אומ־רואיקער, האָפנונגסלאָזער ליידנשאַפט באַם טייך.

ס'האָט קיינער מיך ניט ליב! און אָרעמס צוויי פון האָרעוואַניע אויסגעבלייכטע ברעכן זיך אין קומער באַם פינצטערן טייך.

.2

גליטש זיך, שיף, אין לעוואָנע-נאַכט אַף האָדסאָן. מעקאַרטי האָט איר יונגן שאָפער שוין געפונען.

ווערטער צאַרטע, ליבע ווערטער האָט ער צו איר גערעדט באַם טונקעלן וועלדל, לעבן טאַנץ-זאַל, באַם טייך.

און פּרעכטיק־שיין האָט ליב פון מאַן אין לייב פון פרוי זיך איינגעקלאַמערט, ווי אין צייט פון וועלט־באַשאַף, באַ אַ טייך.

אָ, דזשאָרדזשי, דזשאָרדזשי! ס'קלאָגן דזשעז-קלאַנגען דורך ביי־מער, ווי פליגל־שאָרך פון פייגל פאַרלאָרענע איבער אַ טייך.

כ'קאָן שטאַרבן ליבנדיק, כ'קאָן אויסגיין דאָ אין גראָז מיט נאַסן, ווילדן רייעך און מיט מיין ליבהאַרציקן איבער מיר אָט דאָ באַם טייך.

אָ, דזשאָרדזשי, דזשאָרדזשי! פאַרלאָז מיך קיינמאָל ניט. ער אָבער האָט זי פאַרלאָזן. איצט טראָגט זי אין איר טראַכט זיין קינד באַם טייך.

וואָגלט זי באַם האַפן נאַכטיקן, ברעכן זיך אין קומער אירע הענט באַם פינצטערן טייך.

.3

פאַרשמאַכטע וואָגלען מיר אַרום אָן ליבע, ווי טרוסן הינטישע, באַם טייך

ווען ס'האָט קיינער אונז ניט ליב, שפּרינגען מיר נאָך רו אין פינצטערן טייך.

אַלטער וועכטער! פאַרלאָז דאָס פרעמדע אייגנטום און רייד אַ ליבע־וואָרט צום מיידל באַ דעם טייך.

שפּייכלער, מיט רייכעס פון געווירצן און פון לעדער, פּראַלט די טירן אויף און גיט איר אָפּרו פונם טייך.

הימל־קראַצערס, בויגט דעם שטאָלצן קאָפּ פאַר איר; שטערן, זאָגט איר, אַז ס'איז די וועלט אַ זילבער־רינג פון טייכן.

שלעפּ־שיפלעך, שיקט אַ בראַוון פייער־שטראַל צו איר, ווען איר שלעפּט זיך איבערן טייך.

פאַבריקאַנטן, איר האָט זי פאַרטריבן; מייסטערס, איר האָט זי געהאַסט — זייט איצט גוט צו איר. זי וואַנדערט דאָך באַם טייך.

אַלפאַנסן, איר, וואָס האָט אַ נעץ פאַר איר געשפּרייט, זי איז דאָך סאַפּקאַלסאַף געקומען צו דעם טייך.

לענדלײַדים, רעדער, גרויזאַמע באַנקירן, פאַבריק־פּײַפלעך, פאַלקס־פאַרטרעטער, טייך!

אָ, אַמעריקע! דו, וואָס האָסט זי אויסגענוצט, פאַרגעס כאָטש איצט דײַן געלט־לוסט — זי טרוימט דאָך פונם טייך.

זי איז וואַנזיניק, זי איז פאַרלאָרן! פון באַגער נאָך ליבע וועט זי דערטרינקען זיך אין טייך!

דאָס יונגע פאַבריק־מיידל, אין איר אומעט באַ דעם טייך.

### .5

איך האָב געבעטן זיך באַ איר: וואַרט ביז זון־אויפגאַנג!

מײַן טײַערע, מײַן טײַערע! רעוואָלוציע וועט אויפגיין פון מזרח איבערן פינצטערן טייך.

ס׳וועט ברענגען רו דעם האָרעפּאַשניק, ס׳וועט ברענגען רו דער פרוי — און ניטאָ מער קיין פינצטערער טייך.

ס׳איז זיכער, ס׳איז שטאַרקער פון גרויזאַמע באַנקירן און דעם טייך.

ס׳וועט זײַן ליבע פאַר אַלעמען, ליבע — אין פאַבריקן און באַנען אונטערערדישע.

ס׳וועט אויפגיין איבער הימל־קראַצערס, איבער שווער־פאַרהאָרע־וועטע שלעפּ־שיפלעך און איבערן פינצטערן טייך.

וואַרט, וואַרט! די אַרבעטער שפּאַנען איבער בערג און שווימען איבער שטורמישן טייך.

עס קאָנען ניט הערשער זיי פאַרהאַלטן; דער אַלטער וועכטער קאָן ניט פון זיי די פאַרשלאָסענע טירן פאַרהיטן.

וואַרט וואַרט! זי האָט ניט געהערט און ניט פאַרשטאַנען.

מיט אַ געשריי פון טיפעניש פון האַרצן, מיט אָרעמס צוויי צע־וואָרפענע אין לופטן, האָט זי זיך געוואָרפן אין כווישעך־טיפן טייך.

זי האָט מײַנע ווערטער ניט געגלויבט, אַז קומען וועט אַ צייט פון רעוואָלוציע און ליבע.

אַ צייט פאַר מענטשן, וואָס פאַרשפּילן זיך אין ליבע, וועט קומען אין אַ וועלדל, לעבן טאַנץ־זאַל באַ אַ טייך.

אַ צייט פון אַרבעטס־פרייד אױף שיפן, איבער אַ גאָלדיק־שפּילעווו־דיקן טייך.

אַ צייט, ווען דאָס פאַבריק־מיידל וועט מער ניט יאָמערן באַם הילכיקן, באַם לעבנס־טיפן, רויטן טייך.

## מאַרטין בירנבוים

# וואַכט אויף!

(צו די דרעסמאַכער)

וואַכט אויף, וואַכט אויף!
אַ שטורעם־סיגנאַל!
ס׳הילכט אָפּ דער שאַל
פון ריזן־ווענט:
יעדע נאָדל,
יעדע שער
מוז איצט ווערן
אַ געווער
אין צעבונטעוועטע הענט!

שפּאַנט אָן דעם בליק!
דעם אויער שפּיצט!
זעט, עס בליצט אַרום
און קראַכט!
איז ווער וועט בלייבן
נאָך אַצינד,
בּאַ מאַשינען
טויב און בלינד,
ווען אין דרויסן
ברויזט
די שלאַכט?!

גאַס אַרויף און גאַס אַראָפּ —
ס׳כוואַליען מאַסן
קאָפּ אַף קאָפּ;
ס׳שפּאַלטן הייסע טריט דעם ברוק
און יעדער קוק
איז זאַט אַזוי,
מיט פרייד,
וואָס שימערירט
ווי טוי.

איז ווער וועט איצט
אין געלן שרעק
זיך נישט רירן פונם פלעק

און פאַר אַ וויסטן
הונגער־סכאַר
אויצרעס שאַפן
פאַרן האַר ? !

ס׳פּויקט אין שויבן
שטים נאָך רעכט —
און קנעכט איז דער,
וואָס בלייבט איצט שטיל!
און בלינדער שקלאַף
איז דער,
וואָס איצט
דעם רוף פאַרהערט!

## זיי גרייט

גלי אויף,
שוים אויף,
דו האַלב-פאַרשלאָפן קאָל!
גלי אויף!
שוים אויף!
און צאָל!
באַצאָל
פאַר טעג אין איינזאַמקייט פאַרטרויערטע;
פאַר טעג פאַרמויערטע
און טאַיווועדיק פאַרטאַיעטן געדאַנק!
פאַרוואַרף, פאַרברען
די גראָע שלייערס
פון אַ קראַנק געמיט!
וועב אוים אַ ליד
מיט זון־שטראַל און מיט מעסער־שפּיץ,
וועב אוים אַ ליד,
ס׳זאָל שניידן
און ס׳זאָל לויכטן ווי אַ בליץ.

גלי אויף!
שוים אויף!
ס׳איז היים דער לויף פון צייט.

ס'איז רויט די קייט,
וואָס שפּאַנט זיך אינם ראָד פון טאָג
און שלעפּט און ציט
און שטירצט און גליט.
ס'איז היים די גאָרע וועלט
פון קאַמף-געשריי,
וואָס פליִצט אַף יעדן פעלד.
ס'איז היים
פון ברוק אַ יעדער שטיין,
און מיריאַדן
הונגעריקע ציין,
בייסן זיך אַדורך
דורך פלאַמענדיקע ווענט
און שפּייען פונקען
איבער יעדן קאָנטינענט.

גלי אויף,
דו האַלב-פאַרשלאָפן קאָל,
און קאָך און זיד!
שמיד אויס פון וואָרט
אַ שווערד, וואָס טויט —
און בויט מיט קראַפט!
וואָס טריפט
מיט זאַפט פון אונטערגאַנג —
און נייגעבורט!
גורט מיט פייער זיך,
דו האַלב-פאַרשלאָפן,
טאַיווועדיק-פאַרטאַיעט קאָל!
זאָל אונטערגיין
דיין אייגענער געוויין
אין הילך פון שטורעם-ווילדן יאַב.
מיט סאַם געפּאַנצערט
און מיט פרייד.
זיי גרייט!

מ. א. סול

# הענקער, נעם אַוועק דיין האַנט!

אין טויטן-הויז פון סקאַטסבאָראָ אַלאַבאַמאַ,
צאַפּלען זיך יונגע לעבנס ניין
אין טויטן־קלאַמער.
ראַנגלען זיך יונגע לעבנס הינטער גראַטעס,
שלאָגט אין זיי אַ יעדער האַרץ־קלאַפּ ווי אַ האַמער:
טויט,
טויט,
טויט.
פאַלט אויף זיי אַ יעדער רעגע ווי אַ האַמער:
טויט,
טויט,
טויט.
טוט אַ פליג אַ זשום פאַרביי —
טויט.
לויפט אַ באַן וואו אין דער פריי —
טויט־טויט־טויט־טויט,
טויט!
היינגט אַ שפּין זיך אַף דער סטעליע —
טויט.
בראַזגעט וואו אַ דזשעז־קאַפּעליע —
טויט־טויט־טויט־טויט.
טוט אַ פייף וואו אַ פאַבריק —
ט־ו־י־ט,
און אַלץ וואָס הערט זיך
איז דעם וועכטערס טעמפּער שליסל־קלאַנג:
קליק־קליק—קליק־קליק.
און מיט יעדן זון־פאַרגאַנג
אין טויטן־הויז
לעשן יונגע טעג זיך אויס,
שטאַרבן שטיקער האָפענונג אויס,
וואַקסט פאַר יעדנס קאַמער אויס
אַן עלעקטריק שטול מאָנסטער־גרויס
און ער הויבט זיך אָן צו רוקן
נעענטער,
נעענטער,
נעענטער,

און ער רייסט זיך צו פאַרצוקן
גיכער,
גיכער,
גיכער,
יונגע לעבנס ניין.
און אַלץ וואָס הערט זיך
איז דעם וועכטערס טעמפּער שליסל־קלאַנג —
קליק־קליק—קליק־קליק.

פון טויטן־הויז
אין סקאַטסבאָראָ, אַלאַבאַמאַ,
רייסט זיך צו דער וועלט אַרויס
אַ מעכטיקער געשריי:
ר-אַ-ט-ע-וו-ע-ט,
ר-אַ-ט-ע-וו-ע-ט!
האָט סקאַטסבאָראָ שוין אָנגעקלאַפּט
אין יעדן טויער פון דער וועלט,
און איבעראַל
האָט קאַפּיטאַל
דעם וועג פאַרשטעלט,
נאָר אַרבעטער און פּויער
האָט אויפגעפּראַלט דעם טויער
און אָפּגעהילכט האָט איבער לענדער, איבער שטעט:
ר-אַ-ט-ע-וו-ע-ט!
ר-אַ-ט-ע-וו-ע-ט!
און איבעראַל, וואו ס'איז פאַראַן
אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי,
ווערט העכער נאָך און מעכטיקער
דער סקאַטסבאָראָ-געשריי:
אַרבעטער פון דער וועלט,
ס'איז סקאַטסבאָראָ אַ בלוטיקער סיגנאַל!
ס'איז ניט נאָר סקאַטסבאָראָ אַליין,
ס'איז אַ פאַרמעסט מיט קאַפּיטאַל,
און ווער וועט דאָ דער זיגער זיין?
אין יעדער שטאָט פון יעדן לאַנד
(אַ חוץ דעם איינציקן אַרבעטער-לאַנד)
ראַנגלען זיך סקאַטסבאָראָ-אינגלעך הינטער גראַטעס,
וואַלגערן זיך סקאַטסבאָראָ-אינגלעך
אויף די גאַסן אום אין שמאַטעס,
בויגן זייערע רוקנס

אין פאַבריקן,
אויף די פעלדער,
אין די מינעס,
איבעראַל וועט איר סקאַטסבאָראָ־אינגלעך געפינען:
און ווער סע וואַגט צו מאָנען ברויט —
זיין שטראָף איז טויט!
אין יעדער שטאָט פון יעדן לאַנד
סע אַרבעט פלינק דעם הענקערס האַנט,
סע שטייט שוין גרייט אַן עשאַפאָט,
אַ גילאָטין, עלעקטריק־שטול,
און טויטן־הייזער אָן אַ צאָל —
ס'איז ניט נאָר סקאַטסבאָראָ אַליין.

איז ווער וועט אין אַ זייט איצט שטיין?
העי, דו, אַרבעטער און פויער,
דו האָסט אַ האַנט — פאַרקלעם אַ פויסט!
דו האָסט אַ קאָל — איז גיי אַרויס
און טו אַ שאַל,
אַז ציטערן זאָל קאַפּיטאַל,
אַז דונערן זאָל איבעראַל,
אין יעדער שטאָט, אין יעדן לאַנד:
העי, הענקער, נעם אַוועק דיין האַנט,
באַפריי די יונגע לעבנס ניין!
ס'איז ניט נאָר סקאַטסבאָראָ אַליין,
ס'איז אַ פאַרמעסט מיט קאַפּיטאַל.
די זיגער מוזן מיר היינט זיין!

י. ל. פּערעץ

## מוסער

סע גייען צוויי ווייבער הינטער דער שטאָט. איינע אַ הויכע, שווערע אידענע, מיט בייזע אויגן, שווערע, הילכיקע טריט; די צווייטע — אַ דאַרע, בלאַסע, קליינע אידענע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— וואו פירסטו מיך, כאַנע? — פרעגט די צווייטע.

— וואַרט, נאָך אַ פּאָר טריט. זעסט, דאָרטן צום בערגל.

— נאָך וואָס? — פרעגט נאָכאַמאָל די צווייטע מיט אַ באַנג, אָפּגעריסן קאָל, גלייך זי וואָלט זיך עפּעס געשראָקן.

— וועסט הערן, קום...
זיי זיינען צוגעקומען צום בערגל.

— זעץ זיך — מאַכט כאַנע: די צווייטע פּאָלגט, זעצט זיך אַפן בערגל, כאַנע זעצט זיך לעבן איר, — אין דער שטילקייט פון וואַרעמען זומער-טאָג, ווייט פון שטאַטישן גערודער, מאַכט זיך אַ געשפּרעך:

— גרונע, ווייסט ווער דיין מאַן, אָלעוו-אַשאָלעם, איז געווען?
אַף גרונעס בלאַס פּנים לייגט זיך אַ שאָטן.

— איך וויים, — ענטפערט זי מיט פאַרביסענע ליפּן.

— אַ סויפער איז ער געווען, גרונע! אַ קאָשערער סויפער...

— איך וויים, — מאַכט גרונע אומגעדולדיק...

— פאַר יעדן אָס פלעגט ער זיך טויוולען אין מיקווע...

— אַ גראָבער ליגן... אַז ער פלעגט גיין אַ פּאָר מאָל אין וואָך, איז עמעס...

— אַ קאָשערער איד געווען...

— עמעס...

— זיין זכום זאָל אונז ביישטיין...

גרונע שווייגט.

— שווייגסט? — וואונדערט זיך כאַנע.

— אָלצאיינס!

— ניט אָלצאיינס! זיין זכום זאָל אונז טאַקע ביישטיין! הערסט?

— איך הער!

— וואָס זאָגסטו דערצו?

— וואָס זאָל איך זאָגן? איך וויים נאָר, אַז ער איז ניט ביי-געשטאַנען...

פויזע. די ווייבער פאַרשטייען זיך. דער קאָשערער סויפער איז גע-שטאָרבן און איבערגעלאָזט אַן אַלמאָנע מיט דריי יעסוימעם-מיידלעך. גרונע האָט שוין מער ניט כאַסענע געהאַט, די קינדער קיין שטיפטאַטן ניט געגעבן, אַליין אַף זיך און די קינדער געאַרבעט, נאָר קיין מאָל און בראָכע איז ניט געווען...

— און ווייסט פאַרוואָס, גרונע? — האָקט איבער כאַנע די שטיל-קייט.

— עט...

— ווייל דו ביסט זינדיק...

— איך? — און די בלאַסע גרונע שפּרינגט אויף, ווי אַן אונטער-געשאָסענע, — איך — זינדיק?

— הער גרונע, זינדיק איז יעדער מענטש, נאָר דו אוואַדע...

— אוואַדע?

— גרונע, ניט אומזיסט האָב איך דיר אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט צום טייך צו, אַפן פעלד... קיין פרישע לופט, באַרעכאַשעם,

דארפֿן מיר ניט... זעסט, גרונע... אַ מאַמע, און ביפֿראַט אַ קאַשערן סויפֿערס אַן אַלמאַנע, דאַרף . . .

— וואָס דאַרף זי?

— זי דאַרף זיין פֿרומער ווי אַלע, בעסער ווי אַלע, און מער אַכטונג געבן אַף דער טאָכטער.

די בלאַסע גרונע איז נאָך בלאַסער געוואָרן, די אויגן האָבן איר אויפֿגעפֿלאַמט, די נאָזלעכער צעשפּרייטן זיך און די בלויע פֿאַרברענטע ליפּן ציטערן.

— כאַנע! — האָט זי אויסגעשריען.

— דו ווייסט, גרונע, איך בין דיר אַ גוטער פֿריינט, נאָר דעם עמעס מוז איך דיר זאָגן, איך וועל דיך ניט באַרעדן, דורך מיר וועסטו ניט קומען צו לייטן אין די מיילער אַריין. סע וועט בלייבן צווישן אונז.

— צי מיר ניט די נעשאָמע אַרויס.

— נו, הער זשע!... קורץ און שאַרף... נעכטן פֿאַרנאַכט, שפּעט פֿאַרנאַכט בין איך צוריקגעגאַנגען פֿון דער באַן — און אַף דעם בערגל איז געזעסן דיין מיידל...

— איינע אַליין?

— ניין —

— מיט וועמען?

— איך ווייס, מיט אַ קאַפּעליוש... אַ צילינדער אַפֿילו... ער האָט זי געקושט אין האַלז־און־נאַקן... זי האָט געלאַכט און געכרופּעט צוקערקעס...

— איך ווייס!—רופֿט זיך אָן גרונע מיט אַ קאָל, ווי פֿון אַ פֿייער אַרויס... עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל...

— דו האָסט געוואוסט? וואָס? אַ כאָסן איז עס?

— ניין...

— ניט? און דו... האָסט געשוויגן?

— יאָ!

— גרונע!...

נאָר איצט איז שוין גרונע רואיק.

— אַצינד שוויג דו און הער, וואָס איך וועל דיר דערציילן, — זאָגט זי מיט אַ שניידנדיקן קאָל, און אָנכאַפּנדיק כאַנען באַם אָרבל, נויט זי, זי זאָל זיך צוריק זעצן.

— הער, — האָט זי ווייטער געצויגן — אַלץ וועל איך דיר דער־ציילן.

כאַנע האָט זיך צוריק געזעצט.

— אַז מיין מאַן איז געשטאָרבן — הויבט אָן גרונע.

— ווי אַזוי רעדסטו עפּעס, גרונע?

— ווי אַזוי זאָל איך ריידן?

— אָן „זיכרוינע-ליוורַאכע”, און — „ניפטער-געוואָרן” זאָגט מען!...

— אַלצאיינס, ניפטער-געוואָרן צי געשטאָרבן, באַגראָבן האָט מען אים...

— צו קייוער-אָוועס געקומען...

— זאָל זיין צו קייוער-אָוועס... נאָר מיך האָט ער איבערגעלאָזט מיט דריי יעסוימים-טעכטער...

— נעבעך קיין קאַדעש ניט געלאָזט...

— דריי טעכטער, די עלטסטע...

— גענענדל.

— אַלט געווען 14 יאָר...

— באַ ליטן איז אַזוינס אַ קאַלע...

— באַ אונז איז קיין ברויט ניט געווען! פון טנאָעם שרייבן און לעקעך עסן נישט צו ריידן...

— ווי אַזוי רעדסטו עפּעס גרונע, היינט?

— ניט איך רייד, מיין האַרצווייטיק רעדט... גענענדל, ווייסטו, איז געווען דאָס שענסטע מיידל אין שטאָט.

— היינט אויך, קיין איינהאָרע!

— היינט איז זי אַ זויערע לימענע, אַ גראָער צאָפּ! נאָר דעמאָלט האָט זי געלייכט, ווי די זון... און — איך בין דעמאָלט דעם פרומען סויפערס אַלמאָנע געווען! איך האָב זי דעמאָלט ווי אַן אויג אין קאָפּ געהיט... איך האָב געוואוסט, אַז היינטיקע ציטן... סע דרייען זיך אַרום קלעזמער, שניידערלעך, אַזוי דייטשלעך און אַלטע באָכערים... נאָר אַף וואָס איז אַ מאַמע? אַ קאַלע-מיידל, האָב איך געוואוסט, דאַרף זיין ווי אַ שפּיגעלע... און איך האָב מיינס באַוויזן; סע איז אַף איר קיין אויג ניט געפאַלן! געהיט האָב איך זי, געהיט! קיין אויג ניט אַראָפּ-געלאָזט, קיין טריט פון שטוב אָן מיר ניט געמאַכט, און אַלץ מוסער געזאָגט... קוק ניט אַהער, קוק ניט אַהין, דאָ שטעל זיך ניט, דאָ זעץ דיך ניט... קוק ניט, ווי פייגעלעך פליען...

— נו, זייער וואויל...

— וואויל ווי די וועלט! — מאַכט גרונע ביטער, — קום נאָר צו מיר און זע, ווי זי זעט אַצינד אויס! יאָ, זי איז אָן עמעס ערלעך מיידל, נאָר פון 36 יאָר! דאַר, די ביינער צו ציילן, אַ גערונצלטע הויט, ווי פּאַרמעט צו טפילן, אויגן פאַרלאָשענע, דאָס פּאָנעם זויער, אָן אַ שמייכל — אייביק פאַרביסענע ליפּן... גאַנץ אָפּט דאַך ברענען אויף די פאַר-לאָשענע אויגן — דאָס ברענט דעמאָלט אין זיי אַ סינע, אַ האָס ווי אַ גיהענעם... און ווייסטו צו וועמען? ווייסטו וועמען זי האָט פיינט? וועמען, מאַכנדיק מיט די ליפּן, זי פאַרשילט די ביינער?

— וועמען?

— מיך, מיך — איר אייגענער מאַמען!

— וואָס רעדסטו ? פּאַרוואָס ?

— זי אַליין ווייסט עפּשער ניט פּאַרוואָס, נאָר איך ווייס ! איך האָב זיך געשטעלט צווישן איר און דער וועלט, צווישן איר און דער זון ! איך האָב איר, ווי זאָל איך דיר עס זאָגן ? קיין וואַרעמקייט און קיין ליכט צום לייב ניט צוגעלאָזט... גאַנצע נעכט האָב איך דעריבער געקלערט, ביז איך בין עס דערגאַנגען ; זי מוז מיר פיינט האָבן... יעדעס קעמערל פון איר לייב האָט מיך פיינט !

— וואָס רעדסטו ?

— וואָס דו הערסט ! די שוועסטער האָט זי אַוואַדע פיינט, שענער זיינען זיי און יינגער...

גרונע כאַפּט שווער דעם אָטעם און כאַנע קאָן צו די געדאַנקען ניט קומען... זי הערט עפּעס שרעקלעכס, עפּעס ערגערס, ווי קראַנק זיין, ווי שטאַרבן, אַפילע ווי „אונטער דער כופּע שטאַרבן" — דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס סע טרעפט זיך בא אידן...

— די אינגערע, לייע'ן, האָב איך שוין אינדערהיים ניט געהאַלטן... איך האָב זי אָפּגעגעבן פאַר א דינסט... — הויבט ווייטער אָן גרונע צו דערציילן, און די שטימע ווערט נאָך הייזעריקער... — איך האָב גענוג געשריען דעמאָלט, דערמאָנט, כאַנע, מאַיסים געטאָן... א סויפערס א טאָכטער פאַר א דינסט... — איך האָב געוואָלט כאָטש זי כאַסענע מאַכן, זאָל זי כאָטש אַביסל נאַדן האָבן... פון מיינע ציבעלעס, מיט וועלכע איך האַנדל, קאָן מען קיין נאַדן ניט אויפקלייבן.

און זי האָב איך אויך געהיט...

ניט איין באַלעבאָס האָט אַף איר אָן אויג געוואָרפן, ניט איין באַלעבאַטיש קינד האָט זיך געוואָלט פון איר א שפּילכל מאַכן... נאָר איך בין א מאַמע ! איך בין א טרייע מאַמע געווען ! די פיס האָב איך מיר אָפּגעהאַקט און צען מאָל אין טאָג בין איך בא איר אין קיך געווען, געוויינט און געכאַלעשט, מוסער געזאָגט... הא ! גוטע ווערטער, פרומע ווערטער געזאָגט !... גאַנצע נעכט בין איך ניט געשלאָפן און געלייענט הייליקע ספאָרעם איוורע-טייטש, און צומאָרגנס איר איבער-דערציילט... און נאָך אייגענע צוגעגעבן ! גאָט זאָל עס מיר מויכל זיין... פון דריי שורעס האָב איך געמאַכט צען, פון א שמיץ איז געוואָרן קאָסטרוי, מיט פייער האָב איך געשיט ! און א שוואַך קינד איז עס געווען, א שוואַך, קאָשער קינד, סע האָט זיך געלאָזט פירן... דער טאַטע אויסן אויג, בלאַס, אָן אַביסל בלוט, און אַזוינע גוטע, פייכטע אויגן — נאָר שענער איז זי געווען...

— דו רעדסט, ראַכמאָנע-ליצלאָן, ווי פון א טויטער !

— און דו מיינסט, זי לעבט ? איך זאָג דיר, זי לעבט ניט ! זי האָט אָנגעזאַמלט נאַדן, און איך האָב איר א מאַן געגעבן !... זי האָט נעבעך געוויינט אַז זי וויל אים ניט... נו, האָט ער מיט איר א יאָר

געלעבט — צוגענומען דאָס געלט, מיטן געזונט, מיטן רעשט ביסל קויעך און איז אוועק.

נאַקעט און בלויז האָט ער זי מיר אָפּגעשטעלט, נאָר מיט אַ לונגען-פּעלער! זי שפּייט מיט בלוט... אַ שאָטן איז עס שוין, ניט קיין מענטש... סע טוליעט זיך ווי אַ קליין קינד, סע ליגט זיך ווי אַ לע-מעלע... און גאַנצע נעכט וויינט עס...

— און ווייסטו אַף וועמען זי וויינט?

— אָפּן מאַן, יעמאַך-שעמוי!

— ניין, כאַנע, אַף מיר וויינט זי! איך האָב זי אומגליקלעך גע-מאַכט! אירע טרערן פאַלן מיר אָפּן האַרץ, ווי קאָכעדיק בליי, זיי סאַמען מיך, די טרערן.

זי בלייבט ווייטער שטיל און כאַפּט קוים דעם אָטעם.

— האַקלאַל? — פרעגט כאַנע.

— האַקלאַל? — האָב איך מיר שוין געזאָגט: גענוג! זאָל מיין דריטע טאָכטער שוין לעבן! לעבן זאָל זי, ווי זי וויל!

זי אַרבעט אין אַ פאַבריק, 16 שאָ אין טאָג אַרבעט זי! קוים אַף טרוקן ברויט פאַרדינט זי... זי וויל צוקערקעס אויך — זאָל זי עסן! וויל לאַכן, שטיפן, קושן זיך — זאָל זי! איך קאָן איר קיין זיסע זאַכן ניט געבן, קיין מאַן אוואַדע און אוואַדע ניט! אַ ציטראָן פון איר מאַכן וויל איך ניט, אַ לונגען-פעלער געבן — ניט, ניט, ניט! זאָל שוין די טאָכטער מיך ניט האַסן, אַף מיר ניט וויינען!

— אָבער, גרונע, — שרייט כאַנע אוים דערשראָקן, — וואָס וועלן זאָגן לייט?

— זאָלן לייט פריער אַף אָרעמע יעסוימים ראַכמאָנעס האָבן, ניט אַרבעטן מיט זיי, ווי מיט אייזלען, אומזיסט! זאָלן מענטשן האָבן הערצער פון מענטשן און ניט האַלטן אָרעמע צום אויסדריקן ווי לימענעס...

— און גאָט, גאָט באָרעכו!

גרונע הויבט זיך אויף און שרייט, גלייך זי וואָלט געוואָלט, גאָט זאָל אין הימל הערן:

— האָט גאָט געזאָלט פריער יענע פאַרזאָרגן...

---

סע איז אַ שווערע שטילקייט. ביידע ווייבער עטעמען שווער, ביידע שטייען זיך אַנטקעגן מיט בליצן אין די אויגן...

אידיש: י. פּאָמעראַנץ

# דזשאָן ריד

(פריי פון מאַריע זאַטורענסקיס ענגלישע לידער)

זיי האָבן דעם טרוימער פון מאַירעוו
אין קרעמל געלייגט —
אין קאַלטן האַרץ
פון שלאָפנדיקן רוסלאַנד —
צווישן די צאַרישע קוואָרים
פון אַלטער, פאַרצייטיקער מאָסקווע.

עס האָבן קיין הייליקע ליכט ניט געברענט
אין אַלטן פאַרקטוירעסטן קרעמל,
גאַלאָכים לאַנגהאָריקע האָבן דאָרט ניט
געזאָגט קיין פסאַלמען פאַרן טויטן.

נאָר איינציקוויַיז האָבן קעסיידער געשטראָמט
פּויערים, רויטע אַרמייער פון נייעם שטייגער,
און איבער דעם כאַוועך פון מאַירעוו
האָבן זיי געהויבן רויטע פאָנען —
דאָס איז געווען זייער טפילע!

זיי האָבן דאָס אומרואיק האַרץ זיינס
שלאָפן געלאָזן וואו ס׳ליגן די צאַרן
אין זייד-גאָלד און זילבער געשפּינטע טאַכריכים,
צווישן אַלטע אַלטע שאָטנס...

און ס׳האָבן די קוואָרעם פון קלויסטער
זיך געעפנט און געפרעגט:
„ווער קומט עס, ווער, צו ליגן דאָ מיט אונז?"
און דאָס האַרץ פון פאַרשטאָרבענעם האָט גערעדט
צו די טויטע הערצער: זיי דערציילט
פון נייעם לעבן פון דער נייער רוסלאַנד...

איוואַן דער גרויזאַמער באַוועגט זיך —
געשטערט אין זיין מאָקעם-מענוכע.
קאַטערינע די טאַיווּעדיקע האָט אויפגעהערט
כאָלעמען פון אירע געשטאָרבענע ליבהאָבער.
באָרים דער דערמאָרדעטער פיאָדאָר דער הייליקער
און די יונגע צאַרינעס האָבן אויפגעציטערט

אין זייערע גאָלדענע טאַכריכים.
פעטער דער גרויסער איז נייגעריק:
„כ׳האָב געהערט אַ מאָדנעם קלאַנג אין קייווער;
וואָס באַטייט דאָס רויטע ליכט וואָס שיינט
צווישן שלאָף און מיינע טויטע אויגן?"
אַן עכאָ פון דעם נייעם,
נייעם קרעמל האָט געענטפערט:
„ער איז געקומען מיט רויטן פאַקל,
מיט נייע שטימען, נייע לידער,
נייע פאָנען און נייעם רוף!..."

ניו-יאָרק מיט דיין הילכיק ראַש
און איילנדיק-אומרואיק האַרץ,
באַוויין אים, שיקאַגע, דו ריז
ברייטלאַכנדיקער, זוך דעם,
וואָס איז אַמאָל דיין זון געווען.
דערהערט האָט ער אַ נייע ליד,
אַ נייעם שטערן נאָכגעפאָלגט.
פאַרלאָקערט אים אַ מוטיק שטים.
און עס זינגען רויטע קרעמל-גלעקער
וועגן גרויסן, אומרואיקן גייסט.

פרידן צום רואיקן טויט,
צו דער אומרואיקער נשמה —
גרויסער פרידן פון קאָפּ ביז די פיס,
אין דעם פּלוס פון דער צייט.

ווייט פון דיין „גאָלדענער וועסט"
וועט אונזער מעכטיקע לאַנד
דיך נעמען צו איר ברוסט,
דיך ליבן און באַנעמען.

זאָלן די גלעקער די אַלטע אויסקלינגען
די ווייען פאַרשטיקטע פון דורעס...
פרידן און רו צו דיין גרויסער נעשאָמע
און רוסלאַנדס פרייד פון מאָרגן!

שטעלט אוועק איבער אים אַ מאַצייווע
און שרייבט אויף דעם אָן:
„פאַרן גליק פון אַלע מענטשן,
האָט געפלאַטערט הויך זיין פאָן!"

## א. פּאַמעראַנץ

# ניאַגאַראַ

(מיין שוועסטער אין טורמע — אַ גרוס)

איך האָב געזען דיינע וואונדער,
ניאַגאַראַ —
הילכיקע, דונערפאַלנדיקע וואַסערן;
וויכערדיקע,ווירבלענדיקע שטראָמען;
זידנדיקע, שוימיקע קעסלגרובן —
דער לעגענדארער סאַמבאַטיען —
אַ וואָר!
איך האָב געזען
טיטאַנישע שפּריי-זיילן,
וואַסערבערג,
וואַסערקאַלאָנאַדן;
פלאַמענדיקע וואַסערצונגען,
וואַסערצעפּ,
וואַסערסטיינגעס,
וואַסערקנוילן,
וואַסערבויגנס.
איך האָב געזען
באַזילבערטע, בלענדענדע שפּרייוואָלקנס
בעזימען די טאָלן און גריבער;
זונגעקושטע רעגנבויגנס
שפּינען די וואונדערלעכסטע קווייטן.
איך האָב געזען
דעם הייל פון מילכאָמע-פירנדיקע ווינטן;
דעם פעלז פון די צייטן,
אויסגעהאַקט פון וואַסערקראַפט,
דורך אַן אויפשטאַנד פון דער נאַטור;
דיין לייב-וואַך —
די דראָענדיקע בערנפעלזן,
טורעמפעלזן,
פעלזן-גיגאַנטן. —
— — — — — — —
איך האָב אויך געזען
די ריזיקע וואַסערמילן, פאַבריקן,
וואָס עקספּלואַטירן דיין עלעקטרישע קראַפט.
איך האָב אויך געזען

די הענדלער־פּאַראַזיטן —
די סואַוועניר־שווינדלער,
האָטעל־רויבער,
שיף־פּיראַטן,
וואָס זיינען, ווי ווערים, באַפאַלן
דיינע מעכטיקע אַקסלען,
נאַרן אויס די לעצטע פּאָר גראָשן
בײַ די פאַרגאַפטע,
שיינקייט־זוכנדיקע טוריסטן.
איך האָב אויך געזען
דיינע וואַסערפאַלן ביינאַכט,
קינסטלעך אילומינירט אין בליטנדיקע קאָלירן, —
ווי אומנאַטירלעך עס האָט אויסגעקוקט
אַנטקעגן דיין איבערנאַטירלעך־נאַטירלעכער שיינקייט, —
ווי שמינקע אויף די רויטע באַקן
פון אַ געזונטן מאַן.
— — — — — —
אין דעם דונערן
פון דיינע וואַסערפאַלן, ניאַגאַראַ,
האָב איך געהערט
די לעצטע געשרייען
פון די שענסטע מיידלעך
פון די אינדיאַנער שוואָטים,
וואָס זיינען יאָר־איין, יאָר־אויס
אַראָפּגעלאָזן געוואָרן איבערן שטראָם
אין אַ קענו,
קעדיי איבערבעטן דעם קלוימערשטן מוירעדיקן גאָט,
וואָס איז פאַרקערפּערט
אין דיינע ברויזיקע, שטורמישע וואַסערן —
די געשרייען
פון די קאָרבאָנעס פון אַבערגלויבן און באַרבאַריי;
די עכאָס
פון אינדיאַנישע שטאָם־מילכאָמעס;
די קרעכצן,
פון שוואָטים באַזיגטע,
פאַרשקלאַפטע, אונטערדרריקטע.
— — — — — —
און ניט בלויז
דעם וואונדערלעכסטן
וועלט־ספּעקטאַקל,

דעם סענסאַציאָנעלסטן
נאַטור-קאַפּריז
האָב איך געזען אין דיר,
ניאַגאַראַ —
נאָר
דעם ביישפּיל פון צוימענברעכעריי,
דעם מעכטיקן דינאַמישן קויעך —
דעם אייביקן רוף צו רעוואָלוציע!
איך ווייס נאָר איין וואונדער,
וואָס קאָן זיך מיט דיר פאַרגלייכן —
אָקטאָבער!
אָקטאָבער —
די דינאַמיק פון אַרבעטער-קלאַס!
אָקטאָבער —
דער ניאַגאַראַ-וואונדער פון מענטשלעכן מין!
— — — — — — —
אין דעם דונערן
פון דיינע דורכזיכטיקע וואַסערפאַלן ניאַגאַראַ,
האָב איך אויך דערהערט
דאָס מאַרשירן און טראַמפּלען
פון די צוקונפטיקע רויטע אַרמייען
פון דער וועלט —
דעריבער בין איך אַזוי אַנטציקט פון דיר,
ניאַגאַראַ, —
דעריבער זינג איך דיר מיין ליד.

## מאָריס ראָזנפעלד

# אַ נעוואַוע

אַזוי ווי איר קאָנט די געפערלעכע מויל
פונעם ווילדן וואולקאַן ניט פאַרמאַכן,
ווען פלוצלונג ער קאָכט זיך פאַנאַנדער מיט גרויל
און וואַרפט פון זיין גליאיקן טראַכט
די יאָרנלאַנג-טליענדיקע פייערן מיט אַ גוואַלט!
אַזוי וועט איר אויך ניט פאַרמאַכן דעם קראַטער,
דעם קראַטער פון צאָרן, באַ דעם וואָס איר האַלט
פאַרשקלאַפט איצט, ווען ער וועט דערוואַכן.

ס'איז שטיל, דאכט זיך, רואיק, פון אויפברויז נאך ווייט...
און ער גיט זיין געדולד אייך צושטייער,
דאך טיף אין זיין בוזים פארפארטיקט די צייט
א גרויס און א מוירעדיק פייער...
און ווי, ווען דער דאזיקער פייער ברעכט אויס,
ווי פאר אייך יענע מינוטן,
ווען ענדלעך עס וועלן אין פלאמען ארויס
די יארנלאנג קאכנדע בלוטן!

אף אייערע טעמפלען, אף אייער פאלאסט
צעשמאלצן וועט ווערן דער גאלדענער געץ
פאר וועלכן איר קניט און איר פלאטערט,
און איר אין זיין הייסער און בלוטיקער פעטס,
וועט ווערן צעקאכט און צעפאטערט.
און איר וועט דאן בלייבן א רויב צו א קאם
וואס איר נאר אליין האט געשאפן
מיט אייער צעלאזנקייט און מעשוגאס
איבער אייערע עלנדע שקלאפן.

## יאנקא קופאלא (מינסק) *)

אידיש: ז. אקסלראד

# א דערטרונקענער שווימט איבערן ווייסל

און ס'יאנטעווט די פריצישע ווארשע.
די שרעקן אין שיקרעם פארוויסט זי.
שווימט דער ווייסל מיט בלוטיקן מארשן:
— א דערטרונקענער שווימט איבער ווייסל.
און ס'גלאנצן מונדירן, פאלעטן,
און ס'בליאסקען די פריצישע הערצער,
מיט ארבעטער-בלוט איז געזעטיקט
די גאסן, די געסלעך און פלעצער.

---

*) קופאלא איז באקאנט אלס דער גרעסטער ווייסרוסישער ארבעטער-פויערשער דיכטער. דא ניט לאנג האט מען איבער דער גאנצער ווייס-רוסישער סאוועטן-רעפובליק געפייערט זיין פופציק-יאריקן געבורטס-טאג.

און ס׳יאָנטעווט די פּריצישע וואַרשע,
די קסיאָנדזן מיט ליכטלעך זיך ווענדן;
דער טאָג-סיידער היינט איז אַזאַ שוין:
— פאַראייניקונג פון אינטערוועגנטן!
די פּריצים, פּאַריזער מאַרקיזן,
מיט רומענער באַיאַרן אין כעוורע,
פּ. ס. ס. ר. אַף קרייצן צעשפּיזן
פאַרטראַכטן זיי טויזנט מאַנעוורעס.

און ס׳יאָנטעווט די פּריצישע וואַרשע,
די „מענטשלעכקייט" ניט צו פאַרגעסן,
פון פּרי ביז שפּעטער נאַכט שוין
אונטערזוך נאָך אונטערזוכונג
אין די „פּרייע" „פּוילנס" קרעסן.
אויסגעטאָן ביז דער לעצטער העמד דאָ
דעם ווייסרוס און אוקראַינער,
טרייבט מען זיי אָרום ווי פרעמדע
אין דער שליאַכטישער מעדינע.

און ס׳יאָנטעווט די פּריצישע וואַרשע,
אַ ווירקלעכקייט שוואַרצע צעגאָסן.
דער דראָנג פון די פערד די זשאַנדאַרמישע
אַף מענטשלעכע קעפּ איז פאַרמאָסטן.
די טפיסעס מיט לעבנס פאַרפולטע,
עס רייסט זיך נעקאָמע פון טיף דאָרט —
און אין בעלוועדער שרייט מען ווי דולע:
„זאָל לעבן פּוילנס דעפענסיווע!"

---

און ס׳יאָנטעווט די פּריצישע וואַרשע,
די שרעקן מיט שיקרעס פאַרוויסט זי.
שווימט די ווייסל מיט בלוטיקע מאַרשן —
אַ דערטרונקענער שווימט איבער ווייסל...

## מ. אַלגין

# אין פרילינג

דער פרילינג איז געגאַנגען געשאָטן מיט בלומען, געוועבט זונען-שיין צווישן הימל און ערד, געגלעט, געהאָלובעט די וועלט מיט ווייכע שמעקעדיקע ווינטלעך — די וועלט איז ווידער יונג געוואָרן.

די ערד האָט זיך געראויכערט, ווי אַ מיזבייעך. ווייכע וואָלקנדלעך פלעגן זיך הויבן פון איר, שווימען אין בלויען רוים און צעגיין — און דערפון פלעגט די לופט ווערן נאָך ריינער און קלאָרער. פאַסן גאָלד האָבן זיך געצויגן פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטן, און באַנאַכט פלעגן פלאַטערן כאַלוימעס אין דער לופטן און זינגען און ציען דאָס האַרץ.

דער פרילינג-ווינט האָט אריבערגעשפּאַנט דעם הויכן פּאַרקן מיט די שטעכיקע טשוועקעס, אריבערגעשוואומען דעם ברייטן גרויען הויף, אַריין דורך די פאַרזשאַווערטע גראַטעס צו אונז אין די קעמערלעך און דערוואָרעמט די פאַרגליווערטע שטילקייט. דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן מיט נייעם קויעך.

מיר זיינען געווען יונג. אונזער האַרץ האָט נאָך פרילינג געלעכצט. דער געדאַנק האָט ארומגענומען וועלטן. מיר האָבן געוואָלט אהין — צו אונזערע ברידער, וואָס בויען דאָס לעבן...

אומרואיק איז געוואָרן די טורמע. אין דער שטילקייט פלעגן זיך ציען אומזיכטבאַרע פעדעם פון איין קאַמער צו דער צווייטער. עפּעס האָט פיבערהאַפט ארומגעשוועבט אין דער לופטן. באַנאַכט פלעגט די פינצטערניש זיין פול מיט אַ שטילן, איינגעהאַלטענעם קלאַפּן. אַקוראַט ווי טויזנטער קליינינקע העמערלעך האָבן עפּעס געשמידט בעסאָד-סוידעס: טאַק-טאַק! טאַק-טאַק-טאַק!

דער ערשטער מאַי איז געקומען אַלעמאָל נעענטער. אוווזער יאָנ-טעוו! דער טאָג פון פרייהייט און ליכט. מיר האָבן זיך געגרייט.

***

אין דער נאַכט פאַר דעם ערשטן מאַי האָט יאַקאָוו געהאַלטן זיין רעדע. מיר אַלע זיינען געשטאַנען נעבן די פענצטערלעך און געהערט.

די נאַכט האָט פאַרגאָסן הימל און ערד מיט איין טונקלען יאַם. די שטילקייט האָט גערוט אין אַלע ווינקעלעך און זיך איינגעהערט שאַרף, אָן שלאָף. אָף די טונקעלע כוואַליעס האָבן די קלאָרע, ריינע קלאַנגען געוויגט זיך און געשוואומען ערגעץ ווייט.

יאַקאָוו האָט גערעדט. זיין סאַמעטענער קאָל איז געווען טיף און העל און געשפּרייט זיך איבער דעם פינצטערן הויף און ארומגענומען דעם ביניען קענגאיבער. דאָרט, אפּן אַנדערן עק הויף, איז געווען די

פרויען-טורמע. קיין ליכט איז אין די פענצטער ניט געווען, קיין שאָרך איז ניט אַריבערגעקומען צו אונז, נאָר מיר האָבן, דאַכט זיך, געהערט דעם איינגעהאַלטענעם אָטעם פון אונזערע געפאַנגענע שוועסטער, גע-זען, ווי עס בליצן אין דער פינצטער זייערע אויגן.

די שטערן האָבן געפינקלט אַפן טיף-בלויען הימל. די ווייכע נאַכט האָט אַרומגענומען די טורמע און געהערט.

יאַקאָוו האָט גערעדט מיט זיין האַרציקן קאָל. פון ליבע, פון לעבן, פון ליכטיקער פרייהייט, פון אייביקן שאָלעם האָט ער גערעדט אין דער פאַרכאָלעמטער פרילינג-נאַכט. מיר זיינען געשטאַנען יעדערער אין זיין שטייגל, צוגעדריקט דעם שטערן צום קאַלטן אייזן פון די גראַטעס, און געדאַכט האָט זיך אונז: פאַרשוואונדן די גראַטעס, פאַרשוואונדן די טורמע. ניטאָ שוין קיין טורמעס, ניטאָ שוין קיין קייטן, קיין ליידן, קיין טרערן, קיין ביטערער יאיעש, קיין פּיין; יונג איז די ערד און ליכטיק און שיין, ווי אַ קינד אין פרימאָרגן, און די מענטשן זיינען יונג און פול מיט לעבנס-קראַפט. אַ פרייד בליצט פון די אויגן, אַ פרייד אין די ליבע געזאַנגען; אַ פרייד איז די אַרבעט, דאָס שאַפן, די רו. און מענטשן-ברידער שמידן ליכטיקע געדאַנקען און בויען פון זיי אַ לייטער און שטייגן צום הימל אַרויף...

מיר האָבן אַלע געהערט. פאַר אונזערע אויגן זיינען וואונדער געשען. אינמיטן דעם פינצטערן הויף, אָט דאָ גלייך, פאַר אונזער טורמע, האָט אַ פייערדיקער זייל זיך געהויבן, געוואַקסן, געוואָרן העכער, רויטער, גליענדיקער, געשאָטן פונקען אין אַלע זייטן, געטריבן די נאַכט און געלייגט אַ פורפור-רויטן אָפּגלאַנץ אַף די ווענט פון דער טורמע.

יאַקאָוו האָט גערעדט. דער גרויסער טאָג פון באַפרייאונג האָט געלויכטן אין זיינע קלינגענדיקע ווערטער.

— עס וועט קומען די גרויסע מילכאָמע. אין פייער און פלאַם וועט דער מענטש פון אַרבעט שאַפן די נייע וועלט. אין פייער און פלאַם וועט אויסגעברענט ווערן דער זשאַווער, דער שימל, דער שמוץ פון דעם לעבן. דער מענטשלעכער דאָר וועט אַראָפּוואַרפן פון זיינע פליגל די קייטן, און פריי און ריין וועט ווערן זיין שאַפנדער גייסט...

די נאַכט איז געלעגן פאַרטרוימט איבער אונז. ווי ליכטיקע פאַסן האָבן זיך געצויגן אין דער פינצטער די רייד פון קאַמף און באַפרייאונג.

***

און אַף מאָרגן, דעם ערשטן מאַי, איז דער הימל געווען לויטער און די זון לאַכנדיק און די לופט ווי אָפּגעוואַשן, און אַף די ווענט פון אונזערע קעמערלעך האָבן געשפּילט זיך, געשטיפט און געטאַנצט ליכ-טיקע קליינינקע זון-פלעקן. צען אַזייגער זיינען מיר שוין אַלע געווען נעבן די פענצטער, געקוקט אין הויף אַריין און געוואַרט.

די הערצער האָבן געקלונגען מיט גרויסע גלעקער. דאָס בלוט אין

די אָדערן האָט געראַשט און געהאַמערט, דער יאַנטעוו איז געקומען. היינט איז אונזער טאָג. היינט וועלן מיר ווייזן, אַז אייזערנע גראַטעס און שטאָלענע שלעסער קאָנען ניט פאַרשמידן דעם מענטשנס נעשאָמע, וואָס רייסט זיך צום לעבן און אַרבעט.

צען אַזייגער איז די פרויען-טורמע אַרויס שפּאַצירן אין הויף. די פרויען פלעגן שפּאַצירן אַלע צוזאַמען — ווייל די וועכטער האָבן זיי ניט גערעכנט פאַר אַזוי געפערלעך, ווי אונז. זיי פלעגן אויך האָבן מער פרייהייט אין די ווענט פון דער טפיסע. גייענדיק שפּאַצירן אין דעם קלענערן הויף אַריין, פלעגן זיי דורכגיין יעדן טאָג גאָר נאָענט נעבן דעם טויער, וואו מיר זיינען געזעסן.

היינט האָבן זיי זיך אַלע מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט פאַר אונזערע פענצטער, ווי ס׳איז געוועזן אָפּגערעדט פון פריער. די צוויי וועכטער זיינען אויך געבליבן שטיין צעמישט, אומאַנטשלאָסן. פון ערגעץ האָט מען אויסגערופן: כאַוויירים! אין איין רעגע איז אַ הייסער שטראָם דורכגעלאָפן איבער דער גאַנצער טורמע און געמאַכט אונז אַלעמען פאַר איינס. איין ווילן, איין געדאַנק, איין האַרץ-קלאַפּן אין הונדערט אָפּגעצוימטע שטייגלעך. איין קאָכיקער, פיבערהאַפטער אַנטשלוס. אָט האָבן די פרויען שוין אויפגעהויבן אַ רויטע פאָן. פון יאַקאָווס קאַמער האָט זיך אַרויסגערוקט אַף אַ לאַנגן שטעקן אַ צווייטע. אונזער יאָנטעוו...

שטימען רופן... עמעצער אַ גרויסער רייסט אַרויס פון די פיל פענצטערלעך אַ גאַנצע מאַכנע געשרייען און שליידערט זיי האַסטיק אין הויף אַריין. און די געשרייען, אויסגעמישטע, פאַרפלאָנטערטע, שפּרינגען אויף, דערהויבן זיך צוריק און שטויסן זיך אָן אָן אונזערע ווענט. עפּעס האָט געפּלאַצט אַ מעכיצע, עפּעס אַ טייך האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע ברעגן מיט אַ ראַש און אַ ברומען, און שוין הויבט זיך פון צווישן דער צערודערטער מאַכנע געשרייען אַ ליד, אַ גלאַטס און אַ מוטיקס און אַ שיינענדיקס...

די טורמע זינגט. די גאַנצע טורמע איז געוואָרן איין ריזיקע האַרפע. פון אַלע פענצטערלעך גיסן זיך טענער, שליסן זיך צוזאַמען, הויכע און נידעריקע, העלע און מאַטע, נעמען זיך אַרום און פליען ווייטער — אין דעם העלן רוים פון דעם פרילינגס-פרימאָרגן. אַ האָפענונג גלאַנצט און שימערירט, ווי אַ רעגנבויגן, און ווי די וואָלקן הינטער דעם רעגנבויגן פילט זיך הינטער די מוטיקע טענער באַהאַלטן אַ שטילער אומעט, אַ לאַנגאָנענדיקער ווייטיק.

אונזער יאָנטעוו אין טפיסע. אונזער פרייהייטס-ליד אין די קראַלן פונעם סוינע!

שוין רוקט ער זיך, דער סוינע, פון אַלע זייטן. אַ ראָטע סאָלדאַטן איז אַריין אין הויף און פאַרנומען אים פון דריי עקן. אין קאָרידאָר —

הינטער אונזערע פּלייצעס הילכן שווערע, האַסטיקע טריט פון אַ סאַך מענטשן. ערגעץ שפּילט אַ טרומייט אַ סיגנאַל.

די מיידלעך אונטן שטייען און זינגען. אין העלע יאַנטעוודיקע קליידער און מיט רויטע שלייפעלעך אויף דער ברוסט זעען זיי אויס ווי פאַרבלאַנדזשעטע אַהער אין הויף אריין פון אַן אַנדער, לעבעדיקער וועלט. די פאָן פלאַטערט, די אויגן לייכטן. אונזער געזאַנג וואַקסט און ווערט הייסער. נאָך איין מינוט, נאָך איין קורצע מינוט.

מען גייט שוין. שווערע, אומדערבאַרעמדיקע טריט. הילכיקע, טרוקענע קאָמאַנדע-רופן. עס קומט שוין.

מיר זינגען. זאָל זיין, וואָס עס וויל. די מינוט געהערט נאָך אונז. מיר פילן, מיר שטרייטן — ס'זאָל לעבן דער יאָנטעוו! ס'זאָל לעבן דער ליכטיקער פרילינג-פרימאָרגן!

אין דער עקסטער קאַמער גרילצט שוין דער שלאָס. דער סוינע איז דאָ.

ס'זאָל לעבן דער יאָנטעוו!

## ה. בלאָשטיין

# כ א ס י נ ט אָ

געווען אַ הייסער באָלשעוויק
דער פלייציקער כאַסינטאַ.
דאָס קעמערל פון זיין פאַבריק
האָט ליב און רום פאַרדינטע.

ער לייענט לעגינען און שטייגט,
און וואו אַ קאַמף, און וואו אַ שטרייק —
איז אומעטום כאַסינטאַ.

ער האָט אַ ווייב און קינדער צוויי
און ליבט זיי טיף און ליכטיק,
נאָר ליכטיקער איז די פּאַרטיי
באַם רודער פון געשיכטע...

איז וואָס איז קינד און אייגן לייב,
און וואָס איז שטילע גוטע ווייב,
ווען ס'רופט דער קאַמף כאַסינטאָן?

אַ וואונד אַן אָפענע אַף טעג —
דער הונגער ברענט און בלוטיקט.
און פאַרשטעט לאָזן זיך אװעק
אין הונגערמאַרשן מוטיק.

און ס'האָבן קראַם און מאַרק פאַר זיי
פאַרפאַנצערט זיך מיט פאָליציי —
װעט זיין אין שטוב כאַסינטאָ ? !

האָט שטיל געװיינט די פרוי פאַר שרעק,
און ס'האַרץ האָט זיך געקאַרטשעט,
װען ס'איז דער מאַן פון שטוב אַװעק
מיט אויפגעבראַוזטע פאַרשטעט.

און ס'רייסן מאַכנעם זיך פאַראויס,
מיט פלאַם אין האַרץ, מיט שטאָל אין פויסט,
און ס'שפאַנט פאַראויס כאַסינטאָ !

דער אַרבעטער האָט נויט און מוט,
די פאָליציי האָט ביקסן.
עס פאַרבן שטיינער זיך מיט בלוט,
און גרויל אַף גאַסן װיגט זיך.

אַ כיטרע קויל פייפט דורך געשװינד . . .
עס װעט אַהיים צו װייב און קינד
נישט קומען מער כאַסינטאָ !

אַ רויטער קאַסטן װיגט זיך װייך
אַף האַרטע הענט געטרייע.
עס שיט די זון פון בלויער הויך
מיט הויפנס העלן פייער.

אַ מאַכנע שפּאַרט פאַראויס און ברויזט,
און יעדער שװערט מיט האַרטן פויסט
באַם קייװער פון כאַסינטאָ.

פאַרמאַכט די גרוב, די ערד איז שװאַרץ,
און ס'קניען רויטע פאָנען.
און יעדער טראָגט אַװעק אין האַרץ
אַ ברוינעם קלוגן פּנים . . .

און לעבן וועט נאָך לאַנג, נאָך לאַנג
אין רויטן וואָרט און אין געזאַנג
דער מוטיקער כאַסינטאָ!

און יעדן יאָר וועט אין פּאַרטיי
וועט פאָרשטאָט ברענגען בלומען...
און יעדן יאָר וועט אין פּאַרטיי
אַ נייע מאַכנע קומען.

און שפּייען שאַרף דעם פיינט אין בליק:
— נאַ זע, כאַסינטאָ לעבט צוריק
אין הונדערטער כאַסינטאָס!...

## ל. פיינבערג

# ראַדיאָס

(פון דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָפּייע: „באָלשעוויקעס")

הודיען איבער פּעטראָגראַד ראַדיאָ-אַנטענעס:
— „די מאַכט בײַ די סאָוועטן — סאָוועטן זיינען לעניס!" —

פליען הייסע ראַדיאָס פון דאַנען און ביז דאַן:
— „ס'האָט מאַכט פאַרכאַפּט די אַרבעטער-און-פּויערישע האַנט!" —

פליען הייסע ראַדיאָס: — „אָקטיאַבער פינף-און-צוואַנציק,
צו אַלעמען, צו אַלעמען, צו דער וועלט דער גאַנצער!

— „צו יעדן פּויער-אַרבעטער, געבוירענע אין נויט,
ערשטנס — ווילן פרידן מיר, צווייטנס — ליכט און ברויט!

— „שרייען מיר ביז הייזעריק, רופן מיר און שאַלן:
שאָלעם פאַר די שטיבעלעך — מילכאָמע צו די זאַלן!

— „בויען מיר און שמידן מיר אַ כאַוועריש בריק
פון פּויערים און אַרבעטער, פון ערד און פון פאַבריק!

— „רופן מיר צו אַלעמען פון נאָענט און פון ווייטן:
גרייט זיך צו די לעצטע אַנטשיידנדיקע שטרייטן!

— „גרייט זיך אונז פאַרטיידיקן מיט אייער אייגן בלוט!
לעניִן. רויטער פעטראָגראַד. סמאָלני אינסטיטוט." —

פליען הייסע ראַדיאָס פון דאַנען און ביז דאַנען,
טרייסלט, וואַקלט זיך די ערד אין פּאַכער און אין פּאַניק.

קראַכן בירזשעס פאַלן מערק פון פריסקאָ ביז בערלין —
איבער וועלט צעפלאַשעטער שאַריעט אַף באַגין.

## דאָס איז געווען דער לעצטער

און ס'האָט זיך די בסורע צעוויגט און צעשפּרייט
אַף גאַסן, אַף שטיבער און פּלויטן,
און העל האָט געהילכט אין קאַיאָריקער פרייד
דער כאָר פון די זיגער, די רויטע:

סאָלדאַטן און אַרבעטער כאָר.

— עס ברענט דער זיג ווי העלער פאַרמעט
אין הייסע הערצער וועקט און מאָנט:
שטייט אויף, איר — זין פון נויט און אָרמוט --
דער טאָג פון רעכנשאַפט איז נאָנט!
דער שטרייט איז היים און וועקט צו טאַטן,
ווי סרייפעס אין דער שוואַרצער נאַכט.
מיר וועלן אָפּגעבן די ראַטן
די גאַנצע האָרעפאַשנע מאַכט!

מיר שטערן און בויען
פון ברויזיקן טויאו
דורך שנייען און קעלט.

מיר וועבן און שפּינען
אין גאָלד פון באַגינען
אַ ליכטיקע וועלט!

די קראַנקע וועלט פאַרגייט אין זשאַווער,
אַ ברודנע, ווי אַ קויטיק העמד.
ביסט נישט אומזיסט, געטרייער כאַווער,
געשטאָרבן העפקער אין דער פרעמד.

די האַנט איז אויסגעפּראַוועט אין וואָפן.
די קראַנקע וועלט פאַרגייט . . . פאַרגייט . . .
שטייט אויף איר, אַלע, ווער ווי שקלאַפן
אין הונגער לעבן מוז און נויט ! —

מיר שמידן דעם ווילן,
דעם הייליקן ווילן
פון אַרבעטער-לייט.

ס׳איז, ברידער און שוועסטער,
געוווּן דאָס דער לעצטער,
אַנטשיידענער שטרייט !"

## מ. ל. האַלפּערן

# דער פּראָזן-דרעשער

דער גאָט-פאַרשאָלטענער אינטעליגענט ;
ער האָט צוויי פּאַסקודנע ווייסע הענט,
וואָס ווילן נישט אַרבעטן, דרייט ער מיט זיי
דאָס אייביקע, גראָבע פינגער-געדריי.
אפילו דאָ, וואו די קלויז-באַנק-לויז
איז קעמאַט אַן אַנטיק, וואָס מען זעט דאָס בלויז
בא אַ באַטלען אַזוינעם, ווי ער, טאַקע בלויז,
איז נישט געגנוג, וואָס ס׳קערן זיך שיר
די געדערים איבער אין בויך בא דיר
פון דעם דאָזיקן וואָרט-און-לויז-זשאַנדאַר,
און גיב אים נאָך — אויב ער נעמט כאַבאַר -
אַ גאַנצן שפּיי-טאָפּ מיט קאָוועד דערפאַר.
פאַרדאַמט זאָל ער זיין !

די געלט-בייטש פון איבער און אונטער דער ערד
שניידט לייבער, אַזוי ווי מיט אַ שווערד.
און דאָס ווילסטע מיליאָנען האַרץ — די נויט,
שרייט, ווי אַ מאַקע פון אונטער דער הויט,
און ער מיט אַ צונג פאַרגעלט און נאַס,
ווי אַ קינדער-סטאַן, פאַרגעלט און נאַס,
פאַרוואַנדלט דעם קאַמף אין ברודער-האַס.
און כאַטש פאַרשטופּ ווי אַן איבריק לאָך,

דעם פּיסק אים מיט שטיינער, גיט ער ניט נאָך ;
און מיט זיין איינציקן מויזישן צאָן
צעהאַקט און צעגריזשעט ער אַלץ, וואָס ער קאָן,
ווייל עס פעלט אים אַ פּאָדעם צו דער פאָן.
פאַרדאַמט זאָל ער זיין !

נאָר גוט אַזוי פאַר דעם אייביקן פערד,
דעם פראַצע-מענטש, ער איז עס ווערט,
אַז ער רייסט באַ זיין אייגן ווייב און קינד
דעם ביסן פון מויל פאַר די פרעמדע הינט.
איז ער ווערט אַז זיי זאָלן, פאַר יעדן שטיק ברויט,
וואָס ער וואַרפט זיי צו, פון אים שינדן די הויט,
ווי פון אַ טויטער נעווייליע די הויט ;
ביז ער וועט אַליין דערזען, אַז ס'איז ניקס
דאָס געשריי פון דעם פראַזן-דרעשער-דע-לוקס,
וואָס וויל קלוימערשט קאַמף ביז אַף קידעש-האַשעם.
ער איז דאָך אַליין אין וועג די קלעם,
די אייזערנע קלעם, וואָס האַלט אָפּ פון דעם.
פאַרדאַמט זאָל ער זיין !

נאָר פאַרדאַמט זאָל אויך זיין מיין האַס אין מיר,
וואָס האָט זיך געשטיקט אין טויער און טיר
פון קינדוואייז אָן. ווי אַ ריזן-וואַנט
האָבן יידער און שול אומעטום אין לאַנד
דאָס לעבן אָפּגעצאַמט פון דער וועלט.
און מעלאַמדים מיט מיילער, ווי טכוירן אין פעלד,
האָבן מיט פסוקים, ווי טכוירן אין פעלד,
פאַרסאַמט נישט נאָר דעם באַגער פונם קינד,
נאָר אַפילו אין דרויסן דעם פרילינג-ווינט.
און אַפילו די זון — און ס'איז ניט קיין זשעסט,
ווען איך זאָג, אַז איך האַס, ווי אַ ראָבן-נעסט,
דעם פראַזן-מאַניאַק — אונזער סאַם און פעסט —
פאַרדאַמט זאָל ער זיין !

נאָר אומזיסט, וואָס דער פראַנט באַניוכעט מיין ליד,
ווער סע גאַרט נאָך אַ גאָרטן, וואו אַלצדינג בליט,
און נאָך רייד, ווי נאָך הורן אין די נעכט,
באַשמינקט און באַצירט. — זאָל ער גיין צו דעם קנעכט,
דעם באַרימטן פויגל אין פראַק און שניפּס,
וואָס קניט, ווי אַ כאַם פאַר אַ געץ פון גיפּס :
פאַר זיך אַליין, דעם געץ פון גיפּס ;

נאָר אויך אים זאָל איינשלינגען די ערד.
איך בין בא אים דאָס לעבן נישט ווערט
צוליב דעם, וואָס איך האַלט נישט צונויפגעפּאָרט,
ווי אַ הונט מיט אַ צוויג, שיינקייט און וואָרט.
און ער באַצירט מיליאָנענמאָרד.
פאַרדאַמט זאָל ער זיין!

נאָר איבער אים שפּאַנט שוין דער וואַנזין, וואָס שרייט
מיט געהויבענע הענט איבער וועלט און צייט.
און נישט ער און נישט דער, וואָס איז פעט און זאַט,
און וואָס וואַרט אַף דעם נאַר אין מאָשיעכס כאַלאַט.
און נישט דער, וואָס הויבט ווי אַ גולם אויף
די אויגן, ווי צוויי געשווירן, אַרויף
צו דעם רויט־פאַררויכערטן הימל אַרויף;
נאָר דער, וועמענס מעסער עס וועט אין זיין פויסט
בלאַנקן אַזוי ווי זיין צאָרן, וואָס ברויזט, —
דער וועט באַפרייען די וועלט פון איר יאָך.
נאָר דעמאָלט וועט שוין אויך וואַקסן מאָך
אַף דעם באַטלען פון היינט אין זיין מויזנלאָך.
פאַרדאַמט זאָל ער זיין!

דער וויסטער שאַנד־נאָמען אינטעליגענט
וועט דעמאָלט בלויז ווערן אָנגעווענדט
אַף דעם, וואָס וועט פאַרדינען דעם טויט,
דעם טויט. — ווייל ער האָרעוועט נישט אַף זיין ברויט.
אָבער נישט נאָר די שוואַנגערע פרוי וועט איר קאָפּ,
ווען זי וועט אים פאַרביינגן, — אַ בויג טאָן אַראָפּ,
אַ פאַרציטערטע אַ בויג טאָן אַראָפּ,
נאָר אַפילו דאָס ווייב, וואָס איז אים געווען
אַ מאַמע, וועט אים נישט וועלן זען;
און אַפילו דער הונט וועט איינציען דעם עק
פאַר אים, דעם גילגול, פאַר אים, דעם פלעק,
פון דעם גרעסטן אומגליק, וואָס גייט שוין אַוועק.
פאַרדאַמט זאָל ער זיין!

## די זוינע — אונזער פירערשאַפט

פאַרדאַמט געוועקט געווען דער יונג אין בלוט־רויטן קאַשקעט.
איך בין — זאָגט ער — געקומען איר אַ היים צו געבן און אַ בעט,
און זי, די זוינע, רעוועט — אויערן צו פאַרטויבן:
מען זאָל זי ראַטעווען — איך וויל בא איר די ערע רויבן.

איך שריי: באפריי מיך, זוינע! זאָגט זי: איך בין קראַנק,
און גיט מיר רייד ווי צוקערוואַסער פאַר אַ שלאָפּגעטראַנק;
און מאָלט מיר גליקן אויס, ווי שטיקער רעגנבויגן,
איך זאָל די שלאַנג ניט זען בא איר אַף צונג און אויגן.

ווען איך שטיי אויף, איז פאַרן האָן אפילו נאָך צו פרי,
און זי, ווען קינדער זינגען שוין אין גאַס, ערשט דעמאָלט כראָפּעט זי
דער זון אַנטקעגן מיטן הינטער-ציילעך,
וואָס איז בא איר, לעהאַוודל, ווי אַ טוירע, קיילעכיק און הייליק.

איך אַרבעט איבערצייט, און זי, ווי האָר פון קאָפּ,
רייסט אויס בא מיר יעדן מינדסטן גראָשן, וואָס איך האָב,
און קויפט זיך זיידנוועש און זיידענע קאָרסעטן,
די לומפּן זאָלן זיך די הענט ניט אָפּרייבן באַם גלעטן.

איך פרעם אַ דאַר שטיק ברויט — מיט פּוטער ווי מיט קיט,
ווייל בעסערס פאַר אַ וועטשערע פאַרמאָג איך ניט,
און זי טרינקט ווײַן בײַנאַכט מיט לייט, וואָס האָבן,
ווי אין אַ גרוב, אין שאַפּ, מיך לעבעדיק באַגראָבן.

איך בין שוין בלינד און טויב ווי דאָס געצייג אין מיינע הענט,
און ווי דאָס אייביק-וויסטע נאַכט-ליכט איבער מיר, וואָס ברענט, —
און זי באַם קאָרטנטיש איז גרייט מיך, ווי נעווײַלע-פלייש אַ הויפן,
פאַר איין פאַרשיוון וואונק צו שינדער צו פאַרקויפן.

ביז בלוט צעגראַבל איך אַף זיך דאָס ליב, דאָס האַרץ,
וואָס איז פון פראַצע אייביק ווי אַ קוימען שוואַרץ, —
און זי מיט אירע מאַניקיורטע נעגל צערטלט
איר גוידער, וואָס האָט זיך פאַר פעטקייט אַזש צעפּערטלט.

הער אויס, דו זוינע דו, דיין גוידער, קלייד און הוט —
מיין מאַרך, מיין אויסגעטריקנט איז דאָס, מיין פלייש און בלוט.
נאָר איך בין נאָך נישט טויט. נאָך האָב איך הענט און ציינער,
וואָס האָבן זיך געלערנט האַרט צו זיין בא אייזן און בא שטיינער.

און ניט איך בין אַ האַנדלס-איד אַזוינער, וואָס באַציילעמט רויט
די אָנגעזעצטע וועקסלען, אים, וואָס זיינען טויט.
איך וועל מיט דאַפּליצינז מיר אָפּנעמען ביז צו די לעצטע
מיינע טעג, מיר אָנגעזעצטע.

אַזוי האָט מיט אַ כריפּ דער יונג אַרויסגעברילט
דעם סאַם פון זיך — זיין פּיין, ווען ר'איז געוואָרן ווילד,

און דעמאָלט האָט אַ בלענד געטאָן זיין פויסט, וואָס ער האָט
אויפגעהויבן
ווי אין אַ שטורעמנאַכט דער בליץ, וואָס קומט
מיט ליכט און טויט פון אויבן.

## איד מיין ברודער

— איד, מיין ברודער, זאָג אויב דו ווייסט,
וואָס איז הייליק ?
— נישט דער מענטש אַפן ציילעם באַצירט מיט גאָלד,
נישט דאָס קינד מיט דער מאַמען אַף לייוונט געמאָלט,
און נישט אַפן גאַלעך דאָס קלייד פון גאָלד ;
נאָר דאָס אייביק-קויטיק-פאַרהאָרעוועט לייב
פון דיר אַליין מיט דיין קינד און ווייב ; —
אָט וואָס איז הייליק !

— איד, מיין ברודער, זאָג אויב דו ווייסט,
ווער איז איידל ?
— גוי, מיין ברודער,
נישט דער וואָס זיצט מיט דער קרוין אַפן טראָן,
און נישט דער וואָס שטאָלצירט מיט בלוט אַף דער פאָן,
נאָר דער וואָס שלעפּט זיך הינטער זיין פערד
און צעגראָבט מיט אַקער-אייזנס די ערד, —
אָט ווער ס'איז איידל !

איד, מיין ברודער, זאָג אויב דו ווייסט,
ווער באַשיצט אונז ?
— גוי, מיין ברודער,
ניט דער, וואָס בעט צו דער זון, וואָס גייט אויף,
און ניט דער, וואָס וויינט צו די שטערן אַרויף ;
נאָר דער, וואָס רייסט די קראָפּיווע אויס,
וואָס וואַקסט פון דער ערד מיטן קאָרן אויס, —
אָט דער באַשיצט אונז !

— איד, מיין ברודער, זאָג אויב דו ווייסט,
מעג מען טויטן ?
— גוי, מיין ברודער,
ווען דער סוינע איז שוין באַ דיר אין די הענט,
זאָל דיין שווערד ווערן פון אים אָפּגעווענדט.
נאָר דיין ברודער, וואָס ווענדט זיך פון דיר אָפּ,
ווען דעם סוינעס שווערד הייננט איבער דיין קאָפּ,
אים זאָלן די וועלף צערייסן . . .

## אַרן קורץ

# אַטלאַנטע

(די כאַווײרים פּאַוערס, קאַר, בורלאַק, ניוטאָן, סטאָרי און דאַלטאָן
אין דער פּולטאָן טורעם-טורמע, אין אַטלאַנטע)

אַטלאַנטע — טליע-שטאָט
פון טליענדיקע לייבער אַף געפּעכטע,
ברענענדיקע דערנער.
שטאָט פון טויטער-טפּיסע — הער נאָר
די רייד פון שוואַרצע העלזער, שוואַרץ
פון זונען טראָפּישע
און דיינע ווערגנדיקע פּעטליעס ; עס וואַקסט
דער פּולער טאָג
פון ווייטיקדיקער פרייד,
די פרייד וואָס שטאַמט פון גרייטקייט אַף
טאָג-טעגלעכע קאָרבאָנעס.
עס וויקלען זיך פּעלדער פון
אַטלאַנטע
ווי פילמען אַפן לײלעך.
און עס פּינטלען אַלע ווילע
קראַמפּנדיקע רויטע אויגן מיט העל-הימלדיקע ווייסלען
אַף בלוטיק-זונענדיקן קאָנטינענט, —
פאַרפּעכט ! פאַרשטיינט ! פאַרברענט !

דער אַלטער אָנקל טאָם איז טויט,
פאַרשמיסן און
פאַרטרויט
צו גוטער, שוואַרצער ערד.
ניטאָ דער שקלאַפן-מאַרק, דער אָפענער ? נאָר די סיימאָן לעגרי'ס
האָבן פון דעמאָלט אָן זיך געמערט און מערן זיך.
און גאַנץ דאָרעם, ווי די גאַנצע נאָרד, איז איצט אַ פרייער מאַרק
פון ווייס און שוואַרץ.

און שוואַרצע לעבנס, און רויטע הערצער
אין ווייסער, שוואַרצער און אין געלער הויט פאַרקלערן זיך
איבער ווילדן, שוואַרצן טויט.
די ווייסע ראַסע לעגרי'ס, מיט הענטשקעס פון ווייסן זייד,
שטייט אַפן מאַרק, מיט שטעקנס אויסגעשניצטע, געפּאָלירטע,
מיט אָנגעצילטע רעוואָלווערן אַף שלייפן און
אַף ברוסטן,

רירן זיך, ווי בייזע גווילעמס,
אומרואיק, פון אַלץ נאָך ניט געשטילטע גלוסטן
צו שפּאַלטן קעפּ, צו ברעכן נאַקנס,
צו פּאַסעווען מיט מעסערס
פּעניס... אַון לייבער.

טויט איז טויט,
גוטער אַנקל טאָם.
נאָר מיר, זיין שטאַם — שוואַרץ און ווייס און געל —
זיינען אַלע רויט!
זיינען אַלע רויטע זין!

אַנהויב יאָר, —
צוועלף ברידער
געלינטשט אַפן דאָרעם!
אין ניו יאָרק —
ליווי און גאָנזאַלעס —
אין איין וואָך.
עס שטייט ניט אָפּ שיקאַגאָ, עס שטייט ניט אָפּ
קיין שטאָט.
עס האָט דער הערשער איצט נאָר
איין געבאָט: נעגערס זיינען שוואַרץ, נעגערס זיינען
רויט! — סיי ווי סיי
קומט זיי טויט.
איז, אָט, זיינען מיר אַלע
באַ די קוואָרים פון „ציוויליזירטן" נאָרד און ווייסן דאָרעם,
מיר אַלע, די נעגערס
מיט זיבערן אָרעם, אָן ווייִמוט, אָן טרערן,
באַ אונזערע שוואַרץ-רויטע קוואָרים מיר שווערן:
זאָלן ווייסע מירמל-וואַנעס ווערן פולע, הייסע
הערשער-קוואָרים!

טליע-שטאָט — אַטלאַנטע,
עס פּליסט אַ סריפּע צו דיינע טורעם-ווענט,
וואָס דיינע בלוט-פּאַטריקנטע געוואַנטן — די האָדסאָן-געזעצן —
פּאַר פּאָוערס, קאַר, בורלאַק,
פּאַר ניוטאָן, סטאָרי און מערי דאַלטאָן
וועלן ניט שטילן און
ניט לעשן.
שטופּט, פאַרשטופּט

אין טויטנצעל, אין גרוב,
צעטרינקט, צעזינגט די פרייד
אין קלויסטער און
אין קלוב. עס פלעמלט זיך, גייט-אויף
אין אונזער רויכערדיקער שטוב
דער פייערדיקער ווינט, פאר האָדסאָנס גרוים געזינט
מיט אונטערשטופּער און מיט שקלאַפן. האָדסאָן! דאָ איז שוין
דיין לעצטער האפן! בייסט
ווי טיף איר קענט! צו שפּעט! — עס ברענט,
ברענט אין אַלע ווינקלען פון
דיין לאַנד.
ווערג און טרעט! —
עס שלאָגט צוריק
די שפּרינגענדיקע ברעט
אין דיין ברייטן, „קולטורעלן" שטערן
און עס פינקלען נאָך
דיינע דימענטענע טעג
בלויז דורך דעם פלאַקער פון דער לעצטער סרייפע
פון אונז, די שווארצע זין!
שווארץ פון קנעכטשאַפט און פון פּלאָג, פון יעדן פּריסט און
דעמאַגאָג, וואָס שרייט
וועגן „רויטער זינד" בא ווייסע און „ווייסער זינד"
בא שווארצע.
האָדסאָנס, אַלע האָדסאָנס! — אמעריקע
איז אונזער לאַנד
דורך בלוט און אַרבעט! אייער לאַנד איז עס
אַף געלן פּארמעט!
די ערד זעט אוים ווי מיר, די נעגערס, ווייס און שווארץ און געל,
ווי מיר, די פּראַצעדיקע נעגערס פון „דיין" לאַנד,
די רויטע זין
פון גוטן אָנקל טאָם.
איר הערט דערוויל, לאַכט אָפּ און הערט
אונזער פּראָטעסט.
נאָר הינטער דעם,
שטייען גרייט, געשטאַרקט און פעסט
אַלע געלע, אַלע רויטע, אַלע שווארצע און ווייסע נעגערס פונם לאַנד,
מיט רייפער זיכערקייט פון זיגער.
מיר פילן די פרייריקע גרייטקייט פון קריגער געשטאַרקט פון דעם עמעס
פון אַרבעט און ערד. ביז איצט —
דאָס וואָרט! פון איצט —

די שווערד! אַ גרוס,
כאַוויירים פון
אַטלאַנטע, אַלע נעגערס פון פּראַצע, אַ גרוס אייך
אין די טויבע טויטנצעלן.
מיר, די לאַם-און-רידלדיקע נעגער-ראַסע,
וועלן אייך און אַלע אַלקאַלירטע נעגערס פון דער וועלט
מיט אונזער רויטן ווינט
באַפרייען!
מיר וועלן! מיר וועלן!

ל. יורמאַן

# געקראָגן אַ דזשאַב

(דערציילונג)

בעאיים ער איז געגאַנגען אַראָפּ מיט די טרעפּ, האָט ער געהאַלטן אַ בריוו אין ביידע הענט און געלייענט. זיינע פיס האָבן פּאָרזיכטיק געטאַפּט די שטיגן און אין זיינע אויערן האָבן געקלונגען דוואוירעס רייד:

— יאָסל — האָט זיין ווייב אים נאָכגעשריען, בעאיים ער איז אַף די שפּיצפינגער געגאַנגען צו דער טיר קעדיי זי נישט אויפצואוועקן — זאָלסט נישט וואַגן צו לויפן! . . . געדענק וואָס דער דאָקטאָר האָט דיר אָנגעזאָגט, יאָסל! . . .

ער האָט געלייענט דעם בריוו און געשמייכלט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט און געקוקט אַרויף מיט די טרעפּ, צו דער טיר צו. אויבן האָט געברענט אַ ליכטל אַף דער סטעליע. ער האָט געקוקט אַף דער טיר, אַ פריילעכן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געמורמלט:

— יעס מעם! . . . יעס מעם! . . .

דערנאָך האָט ער אַריינגעלייגט דעם בריוו אין מאַנטל-קעשענע און איז אַראָפּגעלאָפן מיט די טרעפּ. אונטן, האָט ער אויפגעפּראַלט די טיר: דרויסן איז נאָך געווען גרוי; די גאַס איז געווען פּוסט. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן די מאַנטל-קעשענע, וואו דעם כאַווערס בריוו איז געלעגן, און אין זיינע אויערן האָבן ווידער געקלונגען דוואוירעס רייד:

— יאָסל — האָט זיין ווייב צו אים געזאָגט, בעאיים זי האָט זיך אַ קאַפּעלע אויפגעהויבן אין בעט — דער „דזשאַב" איז אַ לייכטער, שרייבט מעקס; ווי צוגעפּאַסט פאַר דיר איצט . . . דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז די מאַיסע מיט דיין האַרץ איז אַ צייטווייליקע זאַך

בלויז . . . טאַ נעם-זשע דעם סייכל אין די הענט אריין און האַלט דיך אין דער מאַילע . . . הערסט, יאָסל ? ! . . .

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ ; דערנאָך האָט ער פאַרריסן דאָס פּאָנעם אַרויף, צו די פענצטער וואָס אַפן ערשטן שטאָק, וואו די ערשטע רויטקייט פון דער זון האָט זיך אָפּגעשלאָגן.

פון ערגעצוואו האָט זיך דערטראָגן אַ שווער טאַרקען פון אַ לאַסט-מאַשין; ער האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען גיין צו דער סאַבוויי.

אַ רונדע, אַ דין-רויטע שויב האָט זיך גערוקט פון אונטער באַ-קופּערטע כמאַרעס און איז געבליבן פּלוצים שטיין, איין העלפט אינ-דרויסן און מיט דער אַנדערער אינעווייניק. ער האָט אַ דריגע געטאָן אַ שטיינדל מיטן פוס. דאָס שטיינדל איז געווען צוגעפרוירן און זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט : ער האָט אָנגעהויבן צו שפּרינגען אַף איין פוס, זיך אויסגעדרייט בעיים ער האָט געהאַלטן דעם פוס אין דער האַנט און פריילעך-בייז געקוקט אַפן שטיינדל, וואָס איז רואיק געלעגן אַפן אייגענעם אָרט ; ער האָט זיך געשטעלט אַףביידע פיס ; קעגנ-איבער האָט זיך אויפגעמאַכט אַ פענצטער ; ער האָט געזען ווי אַ פרוי שטעקט אַרויס אַ האַנט און נעמט אריין פון געזימס אַ פלאַש מיט מילך. ער האָט אַ פריילעכן מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו איר. זי האָט אַ צי געטאָן מיט די פּלייצעס און פאַרהאַקט דאָס פענצטער.

— אַזוי . . . — האָט ער אַ מורמל געטאָן — אַזוי-ה ! . . .

דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט גיין צום ראָג. בעאיים ער איז געגאַנגען האָט ער געקוקט אַראָפּ און געדאַכט האָט זיך, אַז ער זעט עפּעס אַפן טראָטואַר, זעט ווי ער ברענגט אַהיים אַ בייטל מיט עסנווארג באַ-נאַכט ; ווי זיי זיצן ביידע, ער און זיין דוואוירקע, און עסן וועטשערע און אַ געלעכטער וואָרגט אין גאָרגל און הערט נישט אויף. און דער-נאָך, נאָכן עסן, הויבט ער זיך אויף און ציט צונויף די ברעמען און גייט אַרום אַ „פאַרדימיווינטער". זי קוקט אַף אים, דוואוירקע, און פרעגט פּלוצים אַן אומרואיקע :

— וואָסי, יאָסל ? . . עפּעס ? . . עפּעס ? . . .

דערנאָך דרייט ער זיך אוים צו איר. נאָר ער קען מער נישט איינהאַלטן זיך און צעלאַכט זיך אַפן קאָל און שלעפּט פון דער קעשענע די ערשטע „פעידע" און לייגט דאָס געלט אוועק אַפן טיש פאַר איר. זי ווערט אַ ביסל „אָנגעמורגעט" און לאָזט אַראָפּ די נאָז. דערנאָך פאַרגייט ער אַהינטער איר ביינקל און בויגט זי אַריבער, הויבט אויף איר קאָפּ און קוקט איר אין די אויגן. און זי זאָגט, קלוימערשט אַ ברויגעזע :

— דו מיט דיינע שטיק . . . מאַזיק ! . . .

און ער הויבט זי אויף פון ביינקל. ער נעמט זי אַרום און זאָגט :

— ששש ! . . . ששאַ ! . . .

און פּלוצים דערזעט ער דעם זייגער און כאַפּט זיך, אַז עס איז שוין שפּעט.

ער טוט זיך אָן דעם מאַנטל און בעאיים ער לאָזט זיך צו דער טיר זאָגט ער:

— דוואוירקע, מאָרגן גייסטו אַריבער און קויפסט דיר דעם ווינטערמאַנטל . . .

און זי זאָגט צו אים:

— דו דאַרפסט האָבן אַ פּאָר שיך אַפּריער . . . קום נישט אַהיים שפּעט פון מיטינג . . .

יאָ, אָט אַזוי! . . .

אַז ער איז צוגעקומען צום ראָג, האָט ער פאַרוואונדערט אויפגעהויבן דעם קאָפּ: די פּריילעכע מינע איז אַראָפּ פון זיין פּאָנים, ווי אָפּגעווישט מיט אַ האַנט. עפּעס האָט ער קוידעם נישט געקענט פאַרשטיין: אונטן, טיפער אין גאַס זיינען געשטאַנען שטיקער מעבל פאַר אַ הויז. ער האָט עפּעס אַ מאָדנע טעלעפּע געטאָן מיט די הענט; מיטאַמאָל האָט ער אָנגעהויבן צו באַנעמען: מע שטעלט אַרויס אַ שאָכן פון אַ דירע!

ער האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין; מע שטעלט דאָס אומישנע אַרויס דעם שאָכן אין די זאָרעס קעדיי סע זאָל זיך נישט אָנזאַמלען אַן אוילעם! נאָך האָט ער באַלד פאַרשטאַנען; מע מוז אַריבערלויפן צו די אַרבעטלאָזע קאָנסלס!

פון הויז, וואו ער איז געשטאַנען, איז אַרויס אַ פרוי מיט אַ מילךבאַנקע אין דער האַנט. זי האָט פאַרוואונדערט אַ קוק געטאָן אַף זיין פּאָנעם. דערנאָך זיינען אירע אויגן אַוועק אַהין, וואו ער האָט געקוקט. זי האָט לאַנג נישט געטראַכט, נאָר גיך גענומען גיין אַהין, וואו מע האָט אַרויסגעשטעלט פון דער דירע.

פון ווייטער אַ ביסל האָט זיך דערטראָגן אַ גערושום פון סאָבוויי; ער האָט אַ טאַפּ געטאָן די מאַנטל-קעשענע, וואו דער בריוו איז געלעגן, זיין „דזשאָב"; דער ראש פון סאָבוויי האָט זיך צעקייקלט איבער דער גאַס און איז שפּעטער געוואָרן שטילער.

פון אונטן, פון הויז, פון וואַנען מע האָט אַרויסגעטראָגן דאָס מעבל אַף דער גאַס, האָט ער דערהערט אַ געוואַלד, אַ געיאָמער פון אַ פרוי.

דערנאָך האָט ער געזען ווי אַ פרוי איז אַרויס און געהאַלטן איינגעוויקלט אַ קינד אַף די אָרעמס.

ער האָט געקוקט ווי די פרוי מיט דער מילך-באַנקע איז צוגעגאַנגען צו דער פרוי וואָס מיטן קינד אַף דער האַנט. ער האָט אַ קוק געטאָן צו דער סאָבוויי-סטאַנציע און פּלוצים גענומען לויפן אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג, צו דעם הויז פון די אַרבעטלאָזע קאָנסלס.

ער האָט זיך אַלעמאָל אויסגעדרייט אַף קריק. בעאיים ער איז געלאָפן,

זיינען דוואוירקעס ווערטער אים נאָכגעלאָפן, זיך אָנגעהאַלטן אָן זוים פון זיין מאַנטל און געשריגן:

— זאָלסט נישט וואַגן צו לויפן, געדענק, יאָסל!

— געדענק, וואָס דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט!

די ווערטער האָבן אים געשלעפּט באַם מאַנטל און געוואָלט איינ-האַלטן. ער איז געלאָפן. ער האָט שווער געסאָפּעט... ער האָט געפילט ווי דער אָטעם גייט אים אויס... זיין ברוסט האָט זיך געהויבן ווי אַ בלאָז-זאַק: אַרויף און אַראָפּ... פאַר אים האָט דער וועג גע-גלאַנצט מיט טונקעלע פינטעלעך... די פינטעלעך האָבן נאָדלדיק געשטאָכן זיינע אויגן... דוואוירקעס ווערטער האָבן נישט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם...

ער איז געבליבן שטיין.

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ... אונטן, ווייט שוין... האָט זיך אָנגעקליבן אַן אוילעם פאַרן הויז... ער האָט ווידער גענומען לויפן... פאָראויס אים. אַ ביסל ווייטער בלויז... די אַרבעטלאָזע קאָנסלס...

זיינע הענט זיינען אים פאָראויסגעלאָפן, ווי אַ בלינדן אַ שטעקן... דאָס מויל איז אים געווען אָפן... זיין אויבערקערפּער איז נאָכגע-לאָפן די פאָראויסגעשטרעקטע הענט... הינטער אים זיינען נאָכ-געלאָפן דוואוירעס ווערטער...

ער איז צוגעלאָפן צו אַ פאַרענטשע... ער האָט געצויגן דעם אָטעם דורכן מויל...

פאַר די אויגן איז דאָס שווינדלען געוואָרן שטאַרקער, שאַרפער... מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָנהאַלטנדיק זיך באַ דער פאַרענטשע, האָט ער געטאַפּט דעם טראָטואַר מיט די פיס צו די טרעפּ צו...

פון אויבן... פון ערשטן שטאָק, האָט ער געהערט שטימען... אויבן איז געווען דער אָפּיס פון די קאָנסלס... ער איז אַרויף מיט די שטיגן וואָס פאַרן הויז... ער איז אַריין אין קאָרידאָר... ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן טרעפּ-אָנלען... ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אויף די שטיגן... זיינע אויגן זיינען געווען פאַרמאַכט... אין די אויערן האָט געזשומעט... ער האָט זיך געפּרואווט אויפהויבן און נישט געקענט... מיטאַמאָל האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען... ווי ער זאָל מוירע האָבן, אַז דאָס קאָל זאָל נישט אויסגיין... ער האָט געשריגן:

— קאַ—אהה—מרעדס!... קאַמ—מ—רעדס!!!...

אויבן איז געוואָרן אַ גערודער. אויבן האָט זיך אויפגעמאַכט אַ טיר. אויבן האָבן זיך באַוויזן באַכערים מיט מיידלעך. אַ רעגע זיינען זיי געשטאַנען און געקוקט אַראָפּ... דערנאָך זיינען זיי אַראָפּגעלאָפן... זיי האָבן אים געוואָלט אויפהויבן...

ער האָט זיך געוועהרט... ער האָט שווער געדעכעט דורכן אָפענעם

מויל . . . פאַר זיינע אויגן האָט געשווינדלט . . . אין זיינע אויערן האָבן מאָטאָרן געזשומעט און געמאָלן דוואוירעס ווערטער . . . אין זיין מאַנטל־קעשענע איז געלעגן די איינציקע האָפענונג פאַר א דזשאָב . . . ער האָט גערעדט אָפּגעריסן . . . ער האָט געזאָגט:

— איך . . איך בין אָלרייט . . גייט . . גייט אַף . . ברייענט . . עווענין . . דאָרט שטעלט מען . . שטעלט מען ארויס . . א שאָכן . . . אַף . . אַף דער גאַס . . גייט . . גייט . . גיך! — — — —

דערנאָך איז אַלץ טונקל געוואָרן פאַר זיינע אויגן. שפּעטער האָט ער געהערט ווי א טייל איז אוועק, זיינען אראָפּגעלאָפן מיט די עטלעכע טרעפּ, וואָס פאַרן הויז. ער האָט געפילט ווי מע טראָגט אים פאָרזיכטיק ארויף, ארויף.

און דוואוירעס ווערטער זיינען אויך מיטגעגאַנגען, שטילע, מילדע און מידע, און זיי האָבן געהאַט א שמייכל אַף די ליפּן, א טרויעריקן שמייכל, די ווערטער, און אים מער נישט געצויגן קריק, זיינען נאָכגעגאַנגען און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי מענטשן וואָס פארשטייען אז אזוי און נישט אנדערש דאַרף דער טאָג זיך אָנהויבן.

## פּערעץ מאַרקיש

# הונגער - מאַרש

1

די גאַסן — אויף! א יאַרום אַף א יאַרום!
די שטיינער הייס זיך שלײדערן פּאַרטייעט;
צעטראַסקעט זיינען הענט. עס קוקט אריין דער טאָג דורך רויטע שפּארעס
איז אָפּן לייב, אין אויפגעריסענעם מיט פייער.

זיי שוועבן אָן ווי מאַכנעס פויגל אָן געפּעכער
אַף נעסטן אייזערנע געקאָוועטע מיט גראַטעס;
באַלקאָנען בעלמעדיקע אומעטיקע דעכער
קאַשקעטן אָנגערוקטע, אויגן — קאַסע, סוקעוואַטע!

צעבראַסטעט זיינען קעלנער, אָנגעפּליקטע מאַנטלען,
און מיילער אָפענע פון שיך
און ציינקאַסטנס מיט דראָט געבונדן, —
זיי גייען גיך.

און ס׳טראָגן רויטן פּיין און צאָרן רויטן . . .
אָ, ברידער טרויעריקע, ברידער וואַגאַבונדן !
עס האָבן ווינטן אייך פאַרטרויט,
עס האָבן ווינטן העפקערע צו גוטס דערמאָנט אייך . . .

2

די דעכער אָנגערוקט ווי היטלען אפן דרויסן,
די פּאָנעס פלאַקערן און שרייען : — ברויט !
און ס׳רייסן ווינטן אויס די ברענענדיקע אויסיעס
און וואַרפן זיי דער שטאָט מיט דראָונג. און געוואַי.

פון צוים זיך רייסן צוריק — אַנטקעגנדיקע פערד,
דער וועג פון ראָגן ברעכט זיך און פאַרשטעלט,
נאָר ס׳רעדט דאָרט זייער טראָט צונויף זיך מיט דער ערד
און יעדער סאָפּ — איז טראָט ! און יעדער טראָט באַפעלט !

געוועלבן קוקן נאָך אין פיבער און אין פּאַכעד,
און איינע — שליסן זיך,
און אייניקע — פאַרמאַכט,
זיי הערן אין די טריט זיך איין, ווי אין געבראָמשק פון ציינער . . .

פון גאַס צו גאַס — געפּויסטיקט און געשטיינערט —
ס׳באַפעלן טריט :
— פאַרשוווער ! פאַרשוווער !
און רייסן זיך אַריין אין קלייטן פון געווער !

3

עס ברעכן שויבן זיך. און שויבן קוויטשען.
און איינער ליגט שוין טויט. מע ווייסט ניט — ווער . . .
אַ טשאַטע רייטער פּאָכעט שוין און היט שוין,
און ס׳איז שוין יעדער פּויסט געפּאַנצערט מיט געוווער !

עס הוסט די גאַס מיט קוילן און מיט בליי
און מענטשן לייגן זיך און פאַלן צו דער ערד.
מע לויפט, מע יאָגט, מע שטויסט זיך און מע טרייבט.
און ס׳בלישטשעט פון דערווייטן — שווערד צו שווערד !

אַ פּאָן אף דר׳ערד,
אַ פּאָן — אין קויט !

און רויט מיט שווארץ און שווארץ מיט רויט.
און עמעץ קרעכצט.
און עמעץ — דרויט;

פון שטערנס — בלוט!
פון מיילער — טויט!
פון בליק צו בליק שווארצאפּלט שרויט.
מיר ווילן ברויט! מיר ווילן ברויט!

## דאָוויד פרישמאַן

# די פישער

דריי פישער פאָרן צום פישן ארויס
אין נעבל, אין גרויען, גאָר ווייט אפן מער.
זיי טראַכטן פון ווייב און פון קינד און פון הויז,
פון אויגן, וואָס קוקן זיי נאָך ביז אהער —
די אַרבעט דעם מאַן, די טרערן דער פרוי
און שווער זיינען זאָרגן און לעבן איז גרוי —
און פינצטער שטורעמט דאָס מער.

דריי פרויען בליקן ארויס פונם טורעם,
אפן ברעג, אינם נעבל, — דאָס ליכט איז גאָר קליין.
זיי בליקן אין ווינט, זיי בליקן אין שטורעם.
אָט שווימען שוין ברעטער — צעבראָכן — אַליין —
די אַרבעט דעם מאַן, די טרערן דער פרוי
און פאַלש איז די כוואַליע און וואסער איז רוי —
און שטורמיש שוימט דאָס מער.

דריי טויטע ליגן גאָר שטיל אפן זאמד;
די מאָרגנזון פינקלט, דער ווינט איז אוועק.
עס בליקן דריי פרויען אהין אפן זאמד
און בליקן און בליקן אָן אויפהער, אָן עק —
די טרערן דער פרוי די אַרבעט דעם מאַן
און קורץ איז דאָס לעבן, א שפּאַן נאָך א שפּאַן —
און ליכטיק גלאַנצט דאָס מער.

ל. מילער

# CAN'T YOU SEE?

אפן שוועל פון דעם וואקזאל, האט מיך באגעגנט
א ליכטיקער פרימארגן.
און עפעס האט אין מיר זיך ווי געכידעשט
און געפרייט זיך:
— איז בין איך ענדלעך, הייסט עס, אין דער סאוט?
און ס'האט אלס ענטפער מיר
א יונגע זון א לאך געטאן אין פאנים,
מיין קאפ געגלעט און ווי צו מיר גערעדט:
— דו קומסט אפאנעם פון א קאלטן געגנט?
מיסטאמע רעגנט דארט אצינד און שנייעט,
עס מוזן דארט געווים די גאסן זיין
מיט שניי פארווייעט...
אבער דא בא אונז — איז וואַרעם!...
א? איא, ס'איז וואַרעם?...

יא, יא, ס'איז וואַרעם.
די זון שיינט העל
און כ'פיל גאר ניט אליין,
ווי שנעל איך שפאן און שפאן
אונטערן בלויען הימל פון דער סאוט. —
ביז עס שטעלן מיינע פיס זיך אפ
פון זיך אליין, בא א ראג פון גאס
וואו ס'איז א „דזשיטני"-קאר געבליבן שטיין.*)
עס שטייגן נעגער לייט ארוים,
פאסאזשירן צוויי, — א נעגער-יונג,
נאך אים, א יונגע נעגער-פרוי.
עס טוט א הויך אף מיר מיט טאמעזדיקער זון,
מיט זאפטיקייט פון ערד.
איך טו א טראט אף דעם געשטעל פון דזשיטני-קאר
און וויל ארייז,
נאר וואס באטייטן אט די אויגן די צעשראקענע?
וואס קוקן זיי אזוינע גרוים-פארוואונדערטע אף מיר?
און וואס פארצאמט דער נעגער בא דער ראד,

---

*) אין דער סאוט פארן נעגער אין באזונדערע „דזשיטניס" און
ווייסע אין באזונדערע.

מיט דער האַנט, דעם וועג פאַר מיר
ווי מיט אַ פּרענטע אייזן אַף אַ טיר? . . .
איך זאָג מיט כּידעש און מיט קאַס:
— פּלאַץ איז דאָרט פאַראַן — לאָז אַריין!
און ער — נישט רירעוודיק,
ווי אַ בער אַ שווער פאַרוואונדעטער
טוט אַ ברום אַרויס:
— „יו קענט קאַם אין!"
און איך, דער נאַר וואָס איך בין!
איך פלאַקער אויף:
דערקלער! וואָס איז דער מיין דערפון?
דאַן צינדן זיינע אויגן רויט זיך אָן,
ער טוט אַ בויג צו מיר אַ פּאָנים, פול מיט האַס,
אַ פּאָנים, ברוין ווי בראָנז און דאַך, ווי בלאַס
עס איז געוואָרן!
ער טוט אַ שמייכל אין פּאָנים מיר,
מיט סינע, מיט שרעק און מיט געבעט:
— „קענ'ט'ש יו סי דהאַט יו קענ'ט קאַם אין?"
ער טוט מיך לייכט אַ שאַר אַוועק,
פאַרקלאַפּט די טיר און פאַרט אַוועק. — — —
מיט אַמאָל האָב איך דערפילט דעם זין פון זיינע רייד . . .
עס האָט זיך אַלץ געטאָן אַ מיש באַ מיר אין קאָפּ
און ס'האָט אין בלוט געטאָן, ווי קראָפּעווע, אַ ברי:
„קענ'ט'ש יו סי?"
יאָ, יאָ, איך זע — דאָס האָבן זיי,
די הערן פון געזעץ, אויסגעשפּרייט אַ נעץ
פון דערווייטערטקייט און האַס,
צווישן מיר און ברידער פון מיין קלאַס.
איך בין אַליין אַצינד —
דער נעגער-שקלאַף, וואָס טראָגט באַ זיך אין בלוט
באַליידיקונג און שרעק — דורך דוירעס אָנגעזאַמלטע.
איך שטיי און הער: ווי די שקלאַפן-אייגנטימער
דינגען זיך פאַר מיר און פאַר מיין לייב
און קויפן מיך מיט ווייב און קינד
און טרייבן אונז אין אַרבעטס-צוואַנג.
עס קנאַלט די בייטש
און לינטשער-באַנדעס רינגלען אונז אַרום.
עס שלייפט זיך אוים דער שלייף פון שטריק,
עס וואַרט דער בוים — — —
און דו, פאַרוואָס האָסטו פאַרקלאַפּט די טיר

אין מיין געזיכט
און ביסט אַוועק מיט אויגן ברענענדיק פון קאַס,
צו מיר, דיין ברודער פון דער זעלבער נויט?
און האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט
צווישן מיר און דיר,
וועלן מיר ביידע, האַנט אין האַנט, די וואַנט צעברעכן
און פאַרווישן יעדן צייכן וואָס צעטיילט אונז ביידן,
און פאַרמישן זיך מיט ליב און גייסט
און פאַרב פון אונזער ביידנס הויט
אין קאַמף געגן אונזער סוינע
אַף לעבן און אַף טויט
פאַר אונזער פרייהייט.

## א. פרינץ

# לעניו

ניט קיין שוואַרצע ליכט איצט ברענען
אַף זיין יאָרצייט, —
גאַנצע לענדער ברענען
מיט פייער-פלאַם פון כאַוועג לעניו.

אין סרייפע: מעזוזעס מיט איקאָנעס
און אויסיעס אַשיקע קראַקען ווי וואָראָנעס;
ציטערן לעצטע נאָנעס פאַר פאָנען אַף קופאָלן
און די קראָען מאָלן לעצטן שוואַרצן צירקל.

לעניו —
סירענען שרייען-אויס איבער אַלע לענדער — לעניו!
ס'ברענען אינדיע, כינע און מאַדריד,
ס'ברענען גאַסן פון האַוואַנע און בערלין
אונטער לענינס טריט. —
ניטאָ קיין ליכט הערלעכער און שענער
צו יאָרצייט פון כאַווער לעניו.

פון דזשאָרדזשיאַ ביז נאַנטשאַנג
פלאַטערט נעגער-האַנט צו קולי-האַנט;
ס'האָט זיין קאָפּ קולי היינט געשטעלט
אַף שאַרף פון ראַנד;
ס'איז פון קולי-בלוט די יאַנגטזע רויט.

און אַף וואַסערן פון גאַנג
שווימט אַרום דער טויט.
זינגען יאַנגטזע-כוואַליעס אין פאַליעס פונעם גאַנג
מיט אַ רויט געזאַנג
און שטראָמען שוועסטערדיק צוזאַמען
צו לענין-לאַנד.

ס'זיינען אויפגעגאַנגען וואונדער העלע
אַף קירגיזן, קאַלמיקן, באַשקירן —
זיינען טריט פון נאַצמינען הייסע און שנעלע
צו לענינשע שוועלן,
צו פייער פון פירער.

ברענט לענין-ליכט אין בלוט פון מיליאָנען,
און זיין פּאָנעם העלט אַף פּאָנעם פון וועלט,
און טרייבט
די ראַד אין שטאָט און פעלד
און צינדט
אַף וויטסטע דערפלעך פייער-פאָנען.

לענין —
ס'האָט הייסער אָטעם פון אָקטאָבער
שוואַרצע ליכט פאַרלאָשן, —
דוירעס נאָך דוירעס וועלן ברענען
מיט פייער-פלאַם פון כאַוועך לענין!

נאָכעם י.

## אַ הימנע

אַ יאָמטעוו! מאַכט-אויף אַלע מערק,
און פייערן צינדט אָן אַף אַלע בערג!
עס קומט אַ שטורעם אָן אַ צאַם,
פון לאַנד צו לאַנד, פון יאַם צו יאַם . . .
אַזוי פיל דוירעס אַלץ געגאַרט,
אַזוי פיל דוירעס אַלץ געוואַרט!

ער גייט, ער קומט! איך הער זיין טראָט!
ער קומט אַרויס פון גרויסער שטאָט,

מיט הונגער-פייער אין זיין בליק
און מיט אַ האַרץ וואָס גאַרט נאָך גליק.
זיין וואָרט שלאָגט פייער אויס פון שטיין,
ער קומט, ער קומט, ער האַלט אין גיין . . .

איך הער זיין טראָט, ער גייט, ער גייט.
און הערצער צאַפּלען אויף פאַר פרייד;
ער וועט דעם האַר פאַריאָגן און פריי לאָזן דעם קנעכט
און הייליקן וואָס איז פאַרשוועכט
און אויסראָטן מיט וואָרט און שווערד
וועט ער די ליידן פון דער ערד.

## אב. וויקטאָר

# טאם מוני ..

(גאָווערנאָר ראָלף זאָגט זיך אָפּ
צו באַפרייען מוניין...)

טאם מוני, —
צוויי ווערטער קורצע, — ווייכע,
באַוויזן האָבן צו דערגרייכן
די ווייטסטע ווינקלען פון דער גאָרער ערד
נאָך איידער קלאַנג פון ראַדיאָ האָט זיך אָפּ איר געהערט,
און ס'האָט דער נאָמען „טאָם מוני",
ווי מיט אַ רייף אַ שטאָלענעם ארומגענומען
דאָס ריזיק האַרץ פון גרויסן וועלט-פּראָלעט,
וואָס האָט זיין שטורעם-וואָרט געזאָגט: ניט וועט,
ניט וואָגן זאָל דעם היינקערס האַנט
טאָמ'ס לעבן אָפּ דער טליע אויסלעשן . . .
העי, מוני! — שוין 16 יאָר, אַז נאָכאַנאַנד
דו ביסט פאַרשפּאַרט אַהינטער שווערער טפיסע-וואַנט
און האָסט דיין קעמפערישן איך אָפּ ניט אַ האָר פאַרגעסן! —

טאָם מוני . . .
דיין נאָמען איז געוואָרן אַ סימבאָל
פון גייסט אין צעל געהאַרטעוועט ווי שטאָל,
באַטש גוף צעשרויפט און פאַר דער צייט געעלטערט;

און ווען דו האסט דערהערט שוין איצט צום פערטן מאל,
אז בלוטזויגער, בורזשוי און ליבעראל פארשטעלטער
דיך ווילן ניט ארויסלאזן א לעבעדיקן אף דער וועלט, —
ניט אין פארצווייפל האסטו דיין פאנים זיך פארשטעלט
און ניט געבראכן איז געווארן דיין געמיט . . .
מיט ווארט פון קלאסנקאמף דיין רוף איז אנגעגליט
און שפריצט מיט פייער-פלאם ;
מיט הייסן גלויבן, צוטרוי צו דיין שטאם
און מיט פאראכט און ברענענדיקן האס
צו די באצווינגער פון דיין קלאס . . .
און ניט פאר זיך אליין, צום ארבעטער דיין רוף :
„איר ארבעטער פון יעדן לאנד, שטייט אויף !
און צו דער רויבער-באנדע מאכט אן ענד...”

טאם מוני —
די זעכצן יאר אין קאליפארניער טפיסע-ווענט
אווארע האבן דיר דיין גייסט א סאך געשליפן,
נאך מערער נאך און שטארקער נאך —
דיין כוש דער פראלעטארישער האט דאס באגריפן . . .

***

דער קאליפארניער גובערנאטאר, דער „האנארייבל” מיסטער ראלף,
אווארע איז א בירגער באשעווער און עפשער אויך א מאן א בראווער ;
א מענש, וואס טראגט א גאנצן יאר נאר שטיוול מיט באליאווועס,
מוז האלטן פון „פרינציפ” און איז ניט סטאם א וואלף . . .
און פונקט אזוי איז אויך זיין בוזים-פריינט,
דער מעיאר פון ניו־יארק,
וואס האט אזוי זיך אויסגעפיינט,
פאר דיר, טאם מוני, זיך געמיט אזוי און אויסגעזארגט,
ביז פול געווען מיט אים איז יעדע געלע ציטונג-בלאט . . .
נאר ניט א קעמפער קויפט זיך פרייהייט פאר פאררעט
און ניט א קעמפער האט אין זינען זיך אליין . . .
טאם מוני ! דיין רוף פון טפיסע-זאק „סאן-קווענטין” *)
האט איבער פעסטונג-זייל פון סאקראמענטא
דערגרייכט אין „פאלסאם”,
אין „אלקאטראז”
און דורכגעלעכערט אלע זעק פון שטיין :

*) סאן-קווענטין, פאלסאם און אלקאטראז — נעמען פון קאלי-
פארניער טורמעס.

„העי, קאמעראדן! ס'איז ניט קיין איינצל־קאמף, —
דאָס איז דער קלאַסנקאַמף וואָס ברענט . . .
דאָס איז דער סוינע — קאַפּיטאַל,
וואָס האַלט פאַרשפּאַרט אונז אין די גרויע ווענט . . ."

**
*

טאָם מוני, —
דער כוש דער פּראָלעטאַרישער וועט קיינמאָל אונז ניט נאַרן,
ווי ס'האָט ניט אָפּגענאַרט סאָוועטישער אָקטאָבער.
ניטאָ א „דזשייל" אזא, וואו סוינע זאָל פאַרשפּאַרן
דעם האָרעוואַניקס האַס און זיין גערעכטן צאָרן,
וואָס וועט דעם רויבער־פּויסט צעברעכן און באַגראָבן.
די 16 יאָר, וואָס האָבן דיך פון אונזער קאַמף אַוועקגעריסן,
מיט ציין און נעגל האָבן זיך אריינגעביסן
אין סאַמע האַרץ פון ברענענדיקן קאַמף,
און ניט פאַרפעלט צו שיקן דיר די קעמפערישע גרוסן
פון היגע סטרייקס פול־בלוטיקע,
פון אויפשטאַנדן און הונגער־מאַרשן מוטיקע,
פון אַרבעטער־אַרמייען, מיליטאַנטן,
און פון דעם שנעלן וואוקס פון אונזערע גיגאַנטן
אין פאָטערלאַנד פּראָלעטישן, —
סאָוועטישן . . .

טאָם מוני! — און אַלע איר,
כאַוויירים קעמפער, אונטער שטיין און שטאָל פאַרשפּאַרטע!
אין לעצטן קאַמף, אַקשאָנעסדיקן, האַרטן,
ווען אָנגעשטריינגט איז יעדער טראָט און יעדער ריר, —
אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן מיר! —

די טורמעס, שעכט־הייזער אין פּוילן,
דער וואַלד מיט טליעס אין רומעניע,
דער פּאָליציייסקער פויסט אין מעש געפּאַנצערט, —
אין אונז קיין שרעק זיי קאָנען ניט פאַרפלאַנצן . . .
טאָם מוני!
און אַלע איר, חברים קעמפער!
זעט: אונטער פּראָלעטישער פאָן
דער קאַמף פאַר אייער אַלעמענס באַפרייאונג
הויבט ערשט זיך אָן! . . .

## וו. דזש. דזשעראַם

אידיש: מ. א. סול

# אַ נעגער-מוטער צו איר קינד

הער אויף וויינען, אויפעלע,
'מזיסט אי' דיין געוויין,
גומי נאָפּל, מאַמעס ברוסט
טרוקן ווי אַ ביין.

טאַטע איז אַ באָלשעוויק,
'ן קאַרצער טאַטע פּרירט,
ניט נעגאַנוועט, ניט גערויבט,
אַרבעטסלייט געפירט.

וואָס-זשע טויג דערציילן דיר,
שעפעלע, מיין רינד,
וועסט אַליין פאַרשטיין אַמאָל,
ביסט נאָך איצט אַ קינד.

כ'וואָלט געוואָלט אַ יאַם מיט מילך
שטאַרקן דיינע הענט.
טאַטע וואַרט זאָלסט קומען, זון,
ברעכן טורמע ווענט.

## נאָכעם באַמזע *)

# גאָטפאָרכטיקע פאַבריקאַנטן

אַף קישנס פוכיקע עס ליגן אַזוי שטיל, קעפּ מיט קאַפּלען זיידענע באַצויגן
און גופימלעך צופרידענע עס טענצלען אַזוי מילד אַף ווייך באַפּעדערטע מאַטראַצן
זינגט מען יעדן מאָרגן אַ לויב-געזאַנג צו גאָט
און צו גלעזער וואַרימע אַף זילבערדיקע טאַצן.

*) נאָכעם באַמזע איז אַ יונגער פּראָלעטאַרישער דיכטער פון פּוילן. ער דרוקט זיך אין דער „ליטעראַרישער טריבונע" און אַנדערע רעוואָ-לוציאָנערע אויסגאַבן.

ציט מען וועסטן זיידענע אראָפּ אַף בייכער קיילעכדיקע
וואָס זיינען פול ווי ברונעמער אין דער אָסיענדיקער צייט,
פינטלט סטאַם אַן אויגעלע צו מאַריוסאַ דער דינסט,
וואָס האָט אַ הויכן בוזים און אַ ברייט צעוואַקסן לייב.

ווישט מען שטיל בענימעסדיק ברילן שוואַרץ-באַרעמטע
און מ'וואַרפט ניט גלויבנדיק אַפן זייגערל אַ בליק:
— זאָג נאָר דאַרטשעניו, מיין ווייב, איז דער זייגער טאַקע צוועלף,
וואָס עס פייפט שוין די פאַבריק?

און ווען מען זעט אַמאָל אַ האַנט,
אַ האַנט מיט טריפנדיקן בלוט —
שרעקט מען זיך פון שטוב אַרויסגיין און מען ציט אַ ניגונדל:
— ס'איז ביטער אַף דער וועלט; ס'איז ליבינקער, ניט גוט. —

קלאָגט מען מיט אַ מינעלע אַף דער צייט וואָס איז אוועק,
וויינט מען מיט אַ ביטערקייט אַף דעם גלויבן, וואָס פאַרגייט,
און באַ טעלער אָנגעפילטע מ'זינגט אַ לויב-געזאַנג צו גאָט,
ווי קאָטערס אין כוידעש מערץ, וואָס שטילן וויינענדיק די פרייד.

ק. ליבקנעכט

## איך נעמט באַ מיר אַוועק די ערד

איך נעמט באַ מיר אוועק די ערד — נאָר נישט דעם הימל
און אויב די אויגן זעען נאָר
דורך גראַטעס אייזערנע,
דורך שטאַבעס-רייען,
אַ שמאָלן פּאַס,
געפרעסט פון שווערע מויערן —
עס איז גענוג
צו זען דעם הייליק-לאַכנדיקן הימל-בלוי,
פון וואַנען ס'פליסט צו מיר דאָס בלאַסע ליכט,
און צייטנווייז
טאַנצט לייכט צו מיר אַראָפּ אַ פויגל-קוויטש פאַריאָסעמט.
עס איז גענוג
צו ווייזן מיר אַ שוואַרצן דאַכער,
וואָס פלאַפלט לייכט אין פרייען פלי,
און דאָס זיך בייטנדיקע בילד פון וואָלקן, —
געטרייע פריינט פון מיינע טפיסע-טעג.

און זאָל עס זיין אַ שמאָלער פּאַס נאָר — יענע נאַכט
האָט זיך דער העלסטער שטערן דאָ באַוויזן,
דער העלסטער הימל־שטערן אין דער תּפיסה,
און האָט, באַהערשנדיק די וועלט פון ווייטן כאָלעל,
געשיינט אין שפּאַלט פון ענגן קאַמער
העלער — הייסער און מיט אור־קראַפט,
ווי קיינמאָל נישט פאַר אייך — פון יענער זייט!
און האָט אַ גליענדיקן שטערן־שאָס אַראָפּגעוואָרפן. —
איר נעמט באַ מיר אַוועק די ערד, נאָר נישט דעם הימל,
און זאָל עס זיין אַ שמאָלער פּאַס נאָר
דורך גראַטעס אייזערנע, דורך שטאַבעס־רייען —
פריי מאַכט פון גוף די כושים,
און דעם פרייען גייסט באַפליגלט, אַזוי פריי —
ווי איר, וואָס ווילט אין טפיסע מיך פאַרלענדן,
זיינט קיינמאָל נישט געווען!

## כאַים שוואַרץ

# מיין ברודער אין דזשייל

מיט צאָרן אין פויסטן און אויפשטאַנד אין בלוטן,
מיט ליבע פאַר ברידער, פאַר סאָנים — מיט האַס —
אין שטאָלענע רייען מאַרשירן מיר, ברודער,
אין שטאָלענע רייען מאַרשירט אונזער קלאַס.

און פרואוון די הערשער פאַרשטעלן דעם וועג אונז
און רייסן אַ כאַוועך פון רייען אַרויס —
נו, ווער וועט זיך שרעקן? — עס קומען אַנטקעגן
מיליאָנען פאַרשקלאַפטע מיט בייליקן פויסט!

אַז דריקנדע נויט גייט אַריבער די ברעגן
און הונגער־קויל ליגט אַף די שוועלן פון הויז, —
מיר זיינען ניט אָרים דאָך! ס'איז דער פאַרמעגן
פון הערצער אין סרייפעס אין לאַנד באַ אונז גרויס!

דער סוינע אין שרעק איז; דעם סוינעס האַרץ ציטערט
פאַר מאַכנעס פאַראַקשנטע, מאַכנעס אין שפּאַן:
נאָר ס'קענען אין דזשייל־ווענט געדונגענע היטער
ניט אויסלעשן ברוּיזיקן אויפשטאַנד־געזאַנג.

מאזאָליקע הענט זיינען שטאַרקער פון גראַטעס,
און גלויבן אין זיגן — פון קייטן־געקלעם;
עס קומען שוין גרוסן פון מינען און באַטעס,
וואָס סמאַליען די טריט אָפּ און לייב אונטער העמד!

א שטאָלענער אַקער רייסט ערדן אַף גרודעס
און פונקען צעזייט ער אין קעלער און גאַס...
אין שטאָלענע רייען מאַרשירן מיר, ברודער,
אין שטאָלענע רייען מאַרשירט אונזער קלאַס!

מוישע שיפּריס

## ליד פון שוואַרצן שיכפּוצער

שוואַרץ איז מיין הויט,
נאָך שוואַרצער מיין נויט.
נישטאָ קיין פרייד.
מיין היים א הינטישע נאָרע,
אַף יעדן בוים איינגעשניטן אין קאָרע —
א שטריק איז גרייט.

— פּוץ גיכער, ניגער, גיך.
זאָלן גלאַנצן די שיך.
— יעס, סער.
— א וואָרט ניט מער.
— יעס, סער.

בא רייכע טירן שטייט מיין טאַטע געבויגן
גאַנצע טעג — די מאַמע אַף דילן אויסגעצויגן —
פאַרן ביסן ברויט.
ווייסער באַלעבאַס גייט פאַרביי מיט שפּאַט
אונז, וואָס „לעבן אַף זיין גענאָד" —
וואַשן זיין קויט.

— העי, ניגער, אַביסל שנעלער,
זאָל גלאַנצן העלער.

— יעם סער.
— אַ וואָרט ניט מער.
— יעם, סער.

אין דאָרעם אַף הייסע באַוול-פעלדער,
אין אַפריקע אין זומפּיקע וועלדער —
אַרבעט ניגער.
ווייסע באַראָנען זאַמלען פּעסער מיט גליק
און צירן די גאַסן מיט נעגערס אַף שטריק —
הענג, הענג, ניגער.

פונדאַנען רייסט זיך היים מיין שטים,
אין אונטער-ערד פאַרשטיקט :
— פוץ גיך, ניגער, גיך.
זאָלן גלאַנצן די שיך.
— יעם, סער.
— אַ וואָרט ניט מער.
— יעם, סער.

אונטער אונזערע הימלען —
פייערדיקע צלאָמים און ווייסע קיטלען —
ציטער, ציטער, ניגער.
אַ בראַנד, אַ קויל און אַ שטריק
און אַ הימל פול מיט גליק —
אַרבעט, אַרבעט, ניגער.
— העי, ניגער, ביסל שנעלער.
זאָל גלאַנצן העלער.
— יעם, סער.
— אַ וואָרט ניט מער.
— יעם, סער.

## אַ האַנט אַפן טיש

אַ נאַקעטער טיש. אַ פאַרלאָזענע האַנט.
אַ בערגעלע ביילעוו. אַ פאַרלאָשענע קנויט.
ווי ליפּלעך באַ טרוקענער, מאַמעשער ברוסט
שמאַכטן די פינגער באַ סקאָרענקעס ברויט.

אַן אומעטיק ווינקל — אַן אייזערן בעט.
דריי קינדער, אַ ווייב און אַ קעלט.
אַף אומרו פון זייגער הוידעט די נויט
טיק-טאַק און טיק-טאַק — זי גריזשעט און קוועלט.

אַף נאַקעטן טיש — אַ פאַרלאָזענע האַנט
מיט פינגער — גוואורע פון שטאָלענער צוואַנג.
כאָלעמען פינגער פון אייזן און שטאָל,
ווי ס'כאָלעמט דער סערפּ פונם צייטיקן זאַנג.

כאָלעמט די האַנט פון מאַשינען-געזאַנג,
פינגער ווי ניטן געבויגן אין קראַמף.
פון צאַר און פון פּיין שטאָלט זיך אַ פויסט.
הויבט זיך, פאַרמעסט זיך אין שטורמישן קאַמף.

## ה. רויזנבלאַט

# מיר שמידן דעם פרייהייטס-פאַרבאַנד

עס אָטעמט דער בלאָז-זאַק און בלאָזט אַף די פלאַמען,
עס שלאָגן די האַמערס אין גלוט-רויטן שטאָל,
עס שפּריצן און טונקען זיך גאָלדיק די פונקען
און אויגן אין טיפער היסלאַיוועס באַטרונקען
איבער דעם פייער, קלינגט מעכטיק אַ קאָל:

צי שטאַרקער די מוסקלען,
הויב פלינקער דיין האַנט,
דיין האַמער זאָל הילכיקער קלינגען:
מער רינגען, מער רינגען,
מער שטאָלענע רינגען,
מיר שמידן, מיר שמידן דעם פרייהייטס-פאַרבאַנד.

עס וויגט זיך דער האַמער אין קלאַנגען פון זילבער,
עס גליען די רינגען אין גאָלדענעם שטויב,
עס מישט דער געזאַנג זיך צונויף מיט די פלאַמען,
עס פלעכט זיך די קראַפט מיט דער ליבע צוזאַמען, —
דער שטאָלץ פון אַן אָדלער, דאָס האַרץ פון אַ טויב.

עס גליען די מוסקלען,
עס ציטערט די האַנט דער האַמער א. א. וו.

מיר שמידן דעם גלויבן, מיר שמידן די פרייהייט,
מיר שמידן אַ ליכטיקן, נייעם פאַרלאַנג.
מיר שמידן די הערצער, פון הערצער געטרייע
אַ שטאָלצן, אַ נייעם, אַ פרייהייטס-געזאַנג.

עס גליען די מוסקלען,
עס פיבערט די האַנט,
דער האַמער א. א. וו.

## מוישע קויפמאַן

# אַ בריוו צו די דעפּאָרטירטע

(צו די אַרעסטן און דעפּאָרטאַציעס
פון רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער)

פונדאַנען שטרעק איך אויס צו אייך מיין האַנט,
פון מי און זון פאַרשטויבט און ברוין.
קאָן זיין, איר קאָנט מיך ניט: — כ'בין איינער פון האַמוין.
פונדאַנען שטרעק איך אויס מיין האַנט און זאָג:
אין נויט, אין הונגער-פּלאָג,
אין אונטער-ערד פאַרשטיקט —
מען האָט אונז ניט באַזיגט!

פונדאַנען שטרעק איך אויס מיין האַנט און טויזנט הענט,
און פּלייצעס, פּלייצעס — לעבעדיקע ווענט.
זייט ווייסן:
דער בונד איז ניט צעריסן!
כאַווירים, זייט געגריסט.
ווייל וואו איר זייט —
איר זייט צווישן אונז,
איך זע אייך לעבן מיר!

ס'וועט אַ שטורעם-טאָן דער וואַלד
מיט קלונג פון האַק,

מיט בליאַזג פון שווערד —
דער לעבעדיקער וואַלד,
צעוואַקסן ווייט און ברייט,
וואָס איר האָט דאָ געזייט.

פונדאַנען ריכט איך אָן צו אייך מיין בליק,
פאַרטונקעלטן פון וואָכעדיקע זאָרגן,
און איך זאָג:
מאַרטירער וואָס איר זיינט,
ס'איז אונזער טאָג.
ס'איז אונזער היינט
און אונזערער — דער פול-באַפרייטער מאָרגן!

מען האָט אונז ניט באַזיגט!
מען האָט אונז ניט באַזיגט!

## סאָרע פעל-יעלין

## געוועזענע

געוועזענע!
ווי בלעטער דאַרע פון אַ בוים,
איך זע אייך קרעכצן פוילנדיק
באַם זוים פון שייד-וועגן;
און נעבעכדיק איז דאָס פאַרמעגן אייערס,
ס'בינטל טויטע שאָטנס
פון אַ פאַרשפּיגן לעבן . . .
איז, זאָג איך אייך, פאַרוויאַנעטע,
אומזיסט איז אייער מי, אומזיסט!
געבליט און ניט דערבליט,
געברענט און ניט דערברענט;
געלעבט און ניט דערלעבט
צו זען די אויפגייענדיקע זון —
געבלענדט זיינען די שוואַכע אויגן אייערע געוואָרן
פון דעם ליכט;
פאַרשווענדט האָט איר די קויכעס מאָגערע
אין שוואונג נאָך פרייהייט
און אין אימפּאָטענטער שרעק,

אין אייגן אש און מיסט
דעם לעצטן פונק אין זיך דערשטיקט . . .
געוועזענע !
ווי שאָטנס בלאַנקעט איר אַרום אין פּוסטן כאַלעל,
און שלעפּט זיך אום מיט טויטע קעמפּער־טעג,
מיט העלע גלויבנפולע יאָרן
ווי מיט אַ מיעסן הויקער . . .
דרייען זיך זיכרוינעס אייערע
ווי קלאָונס אין מעשונעדיקן טאַנץ,
מיט פּריקרע פאַרבן־פלעקן
און מיט קלאָון־מיצן,
און בייסן אייער ביין,
און ברענען אייער מאַרך
מיט כוואַליק בייסיקן און וויצן
פון אייער אייגענעם „אַמאָל" . . .
אַ שפּיי אין פּנים און קלאָון־צונג,
אַ פּוסטער ליאַרעם און אַ פּויקן־קלונג
איז זייער טרייסט פאַר אייך, געוועזענע,
אין אייער וויסטן סאָף !
איז ווי צו אייך, וואָס קוקן אָן דאָס ליכט
בלויז מיטן רוקן,
און טאָפּטשען זיך מיט שאָטנס אַף איין אָרט !
איז ווי צו אייך,
וואָס קוויקן זיך מיט אויפגעבלאָזן אייזל־וואָרט,
וואָס איז ווי גרין־פאַרצויגן זומפּ
אי פויל, אי סאַמעטיק, אי גלאַטיק ;
איז ווי צו אייך, וואָס קוקן שטענדיק
אַף צוריק נאָך גליק,
און יאָגן זיך נאָך שאָטנס אייגענע,
ווי ס'שטיפערישע הינטל נאָך זיין אייגן ווידל.
ס'וועלן שטורעם־ווינטן אייך פאַרשאָגן פון די וועגן ;
ס'וועט די זון פאַרווישן אייערע סליאַדן ;
און ברענען וועט די וועלט — און זיך צעברענען ;
און בליען וועט די וועלט — און זיך צעבליען.
און ציען וועט די וועלט — און זיך דערציען
ביז לויטערקייט פון זונען,
ביז פּראַכט פון רעגנבויגנס,
ביז מאַכט פון ליכט
איבער צערונען־טויטע וואָלקנס . . .
אומזיסט די מי, געוועזענע, אומזיסט !

איר, בלעטער דאַרע פֿון געזונטן בוים
באַם זוים פֿון שייד-וועגן,
פֿאַרנעמט אַף גיך דאָס נעבעכדיק
פֿאַרמעגן אייערס
און גייט צוריק אין אייער טויטער רו,
אין קוואָרים וואָרימע
פֿון אייגן אַש און מיסט.

## ב. פענסטער

# אַ בריוו פֿון אַ מאַמען

ערשטנס, ליבער זון, קען איך דיר שרייבן,
(אַף לאַנגע יאָרן זאָל עס נאָר פֿאַרבלייבן)
אַז דו וואָלסט איצטער ניט דערקענט דיין מאַמען.
אַזוי, זעסטו, שרייב איך דיר דעם בריוו אין גראַמען,
ניט ווייל איך וויל ווערן אַ פּאָעטעסע,
אַזאַ נאָר, וואָס האָט אַנדערע אינטערעסן . . .
נאָר ס׳לעבן אין מיר זינגט איצט אַף דער עלטער,
(ווי, לעמאָשל, אַלטער ווייַן אַרויס פֿון קעלטער).

צווייטנס, וויל איך דיר אַלעס דאָ דערקלערן,
עס וועט דיך זיכער פֿרייען דאָס צו הערן:
כ׳באַלאַנג צום „קאָנסל" צווי מאָל עלעף. —
מ׳האָמיר אָנגעפּאַנגען מיט ווייבער צוועלעף,
וואָס האָבן נאָר געוואוסט פֿון קאָכן טעפּלעך
און צוואָגן, זיי מיר מויכל, קינדער קעפּלעך;
פֿאַרמאָגן מיר שוין היינט אַ דרייסיק פֿרויען,
וואָס מ׳קען אפֿילע פּאָליטיק פֿאַרטרויען . . .

איז פֿרעג ניט ווי דיין מאַמע איז פֿאַרנומען —
מ׳האָט מיך אין עקזעקוטיוו אַריינגענומען.
און וואָלסט די אויערן ניט געגלויבט אַוואַדע,
ווען דו זאָלסט הערן ווי איך האַלט אַ רעדע;
כ׳בין דאָך טאָמער אַזאַ שווייגערן געווען,
איז מיר מיטן ריידן איצט אַ נעס געשען . . .
איז עמעס, ווען מען פֿילט מיט לעבן און געביין,
איז ריידן שוין ניט שווער — ס׳רעדט זיך שוין אַליין.

און אז מען דארף אמאָל פאַר סטרייקער זאַמלען, —
איז גוט! איך דאַרף פאַר דיר מיין קינד ניט שטאַמלען . . .
פאַר איך אום שאַבעס אויך, — כאָטש איך האָב אַ ברירע . . .
און גלויב מיר, כ׳פיל גאָרניט קיין אַוועירע . . .
דיין מאַמע טוט שוין אויך קיין ליכט ניט בענטשן
און ס׳אַרט מיך אָסער ניט וואָס ס׳ריידן מענטשן,
כאָטש אָפּגעלעבט מיט זיי אַזוי פיל יאָרן
און כ׳וואוין דערצו נאָך אָפן ערשטן גאָרן.
איז ליכט אין הארצן בענטש איך — ניט פאַר גראָשנס,
נאָר ליכט וואָס ווערן קיינמאָל ניט פאַרלאָשן . . .

כ׳טראַכט נאָר איצטער, ווען דיין טאַטע וואָלט געלעבט,
וואָלט ער אויך, ווי איך, צום זעלבן ציל געשטרעבט.
אַז קיין רייכטום האָט ער קיינמאָל ניט דערוואָרבן,
ווי געלעבט, איז ער אָרים אויך געשטאָרבן,
וואָלט ער פאַר דער צוקונפט עפּעס כאָטש געטאָן
און פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט די רויטע פאָן . . .

## כאַים גילדין

# סטאַלין

אין לייד,
אין פרייד,
אין שלאַכט —
אַ כּאַוועקער דרייסיק יאָרן,
דרייסיק יאָר סאָלדאַט אין וועלטישער אַרמיי,
דאָס נייַע לעבן שאַפט אין זינגוועדיקן האָרן,
און פייערט גלייך מיט אונז דײַן שטאָלצן יובּיליי.

נישט איינער האָט אין וועג דעם פאָדעם ניט דערוועבן,
ניט איינער האָט די פאָן געוואָרפן מיטן שטאַנג,
אַ דרייסטער אָנגריף איז דײַן פופציק-יאָריק לעבן,
אַן ערשטער אין דער ריי
אויף יעדן נייעם פלאַנג.

אין טורמעס נעבן גראַט,
אין טייגעס אין סיבּירער,
אויף טויט געבעטן פראָנט, אין רויכיקן געבריל, —
אין האַרצן האָסט געגערט די האַרטקייט פון אַ פירער,
וואָס הערט אין ווייט פון צייט
דעם זאַנגען-רויש פון ציל.

ניט יעדן איז באַשערט,
ניט יעדן איז געראָטן
אַ לעבן זיכער גיין
און אויסמיידן אַ גליטש,
ניט יעדן איז באַשערט
דורך שטעכעוודיקע דראָטן
דערטראָגן יענע גאָב, וואָס האָט געלאָזט איליטש.

מיט דרייסט פון יאָרן שלאַכט געקרונצלט איז דײַן פּאָנעם,
פאַרגלייווערט אין דעם בליק אַן אומרואיקע רו,
פאַרמאָגט נאָך עמעץ ווער
אַזוינע בייזע סאָנים?
פאַרמאָגט נאָך עמעץ ווער
אַזוינע פריינט ווי דו?

דיין וואָרט איז האַרט און שטרענג,
אָן פּליטערלעך,
אָן פאַרבן,
מע קאָן דיך מער פון טאַט,
מע קאָן דיך מער פון מי,
פון יעדן דיינעם ריר געקראַכט עס האָבן שאַרבנס,
און ליבן האָסט געשטעלט ווי לעמער אַף די קני.

שוין לאַנג,
שוין לאַנג
פאַר די, וואָס האָבן זיך פאַרהינקעט,
דיין נאָמען איז אַ בייטש מיט בריענדיקן קנאַל,
וואָס ברייטער דיין פאַרמעסט,
אַלץ טיפער זייער זינקען,
און שווימיקער דער זאַד פון אויפגעברויזטער גאַל.

וואו זיינען זיי אצינד, די העלדן פון פאַכראָנעס,
וואָס האָבן אונזער שוואונג געהאַלטן פאַר דער האַנט?
מיט אויפגעשוימטער פרייד,
מיט טראַקטערנע קאָלאָנעס
אין קאָלעקטיוון מאַרש
אַ דאָרף צו דערפער שפאַנט!

אין אימפּעט רוישט דאָס לאַנד מיט נייע דנעפּערבויען,
און מיליאָנען הענט זיי טראָגן הויך די פאָן.
אַ לאַנד, וואָס קאָן איר גליק אַזויפיל הענט פאַרטרויען,
איז ווייניק אַ טורקסיב,
און קליין אַ וואָלגע־דאָן!

דער ווייט אַף לאַנגן האַלז די שטאָלענע אַרקאַנען
מיט אַזעסדיקן שוואונג
פאַרוואָרפן האָט דאָס לאַנד
און בינדט
און קניפּט צונויף די גרעסטע אָקעאַנען,
און צווינגט — געבוירן ווייץ זאָל מידבערדיקער זאַמד.

די שיף איז צענדליק מאָל געשוואומען צווישן ריפן,
און בלינדע האָבן זיך צעברילט: „אַ נייעם ווענד”,
נאָר סטאַלין האָט געשעפּט פון לענינישע טיפן
און רואיק אונז דערפירט צו בליענדיקע רענד.

טאָ זײ באַגריסט!
נאָר דיר באַשערט איז קאָנען
באַשיצן אַזױ טרײ דאָס לעניניש געבאָט,
װײל שטענדיק האָסט געקאָנט אין גאַנג פֿון מיליאָנען
פֿאַרצװײגן אַזױ פֿעסט דײן זינגעװודיקן טראָט.

טאָ זײ באַגריסט!
און זאָל די סינע כװאַליען.
װאָס דרײסטער אונזער גאַנג —
אַלץ מערער גאַל און שױם,
פֿאַר אונז ביסטו געװען דער שטאָלענער און טרײער סטאַלין,
און ס׳האָט מיט דיר
באַ יעדער טיר
פֿאַרצװײגט זיך אונזער טרױם.

אין לײד,
אין פֿרײד,
אין שלאַכט —
אַ כאַװער דרײסיק יאָרן,
דרײסיק יאָר סאָלדאַט אין װעלטישער אַרמײ.
דאָס נײַע לעבן שאַלט אין זינגעװודיקן האָרן
און פֿײערט גלײך מיט אונז דײן שטאָלצן יובילײ.

## איציק פֿעפֿער

# ס׳איז שױן קלאָר

ס׳איז שױן קלאָר נאָך די יאָרן פֿון זיג,
ס׳איז שױן קלאָר און באַשטעטיקט:
אַ צוג, װען ער קומט אױף אַ בריק,
װערט ער מיט שטילקײט געזעטיקט.

אַ צוג, װען ער קומט אױף בריק,
גײט ער װאָגיק, פֿאַרטראַכט און פֿאַמעלעך
און שפּרײט זײנע רינגיקע רױכן אױף װאַסערלעך העלע,
און װאַרפֿט זײנע רינגיקע רױכן
אױף כװאַלישע טעלער.

ס'איז שוין קלאָר פאַר דער אויגיקער וועלט
און אַפילו פאַר בלינדע :
אַ צוג, ווען ער קומט אַפן פעלד,
גייט ער שטענדיק געשווינדער ;
אַ צוג, ווען ער קומט אַפן פעלד,
איז מיט רויש און מיט ראַש און מיט ווילדקייט,
און וואַרפט זיינע ראַשיקע רויכן אַף פעלדישער מילדקייט,
און וואַרפט זיינע רויכיקע וואָלקנס
אַף ווייצענער שטילקייט . . .

ס'איז שוין קלאָר פונעם אייז־יאַם ביז דניעפּער.
ס'איז שוין קלאָר און באַוויליקט :
אַ צוג, ווען ווער גייט אין אַ סטעפּ
אַף די רעלסן פון פרילינג,
פליט ער נאָך הייסער אַף סטעפּישן רוקן,
האָט ער קיין צייט ניט די רעלסן באַקוקן.

מיט אויגן מיט גרויסע,
מיט רויטע לאַמטערנעס,
צי ליגט
אַף די רעלסן
אַ נעכטיקער שטערן,
צי ליגט
אַף די רעלסן
אַ היינטיקע שטערונג,
אַן אַלטע נעוויילע,
אַ בינטל מיט בלומען, —
דער צוג ווייסט פון יאָגן,
דער צוג ווייסט פון קומען !

ווי צו די אַלע,
די אַלע, וואָס שטערן
דעם צוג זיך באַוועגן
און ליגן אַף זיינע געשוואָרענע וועגן !
ער וועט זיי צעמאָלן
דער צוג
דער גערעכטער,
ער וועט זיי צערייבן
מיט זאַפט און מיט בלוט,

אַף די פעלדער באַשרייבן,
פאַרשרייבן,
פאַרקריצן
אַף רעלסן אַף ווייטע,
אַף רעלסן אַף קאַלטע:
אַט דער האָט דעם יאָג
פון די רעדער
פאַרהאַלטן! . . .
און ווידער די ווערסטן, די סטעפּישע, שלינגען
און לויפן נאָך הייסער און לויפן נאָך שנעלער,
און וואַרפן די רויכן, ווי שטאָלענע רינגען,
אַף ווייצענער שטילקייט,
אַף כוואַלישע טעלער.

## אַף שליאַכן

צו וואָס איז די שרעק פאַר די פרעסט,
פאַר די נעכט אַף פאַרשנייטע וואָקזאַלן,
ווען דו שטעלן די פיס דיינע פעסט,
ווען דו קיינמאָל אַף שליאַכן ניט פאַלן.

אין יעדער געבוירענער וואַנט
דערפיל איך די פרייד פון אַ שלאַכט־טאָג,
דער שליאַך איז דאָ קלאָר און באַקאַנט —
אַ האַק! און אַ פענצטער איז פאַרטיק.

צעוועק זי, די פרישקייט אין זיך,
פון דיינע פאַרלאָשענע קוואַלן,
ווען דו מוירעדיק שפּאַנען און גיך,
ווען דו קיינמאָל אַף שליאַכן ניט פאַלן.

# מיר, די פופצניאָריקע

(אויסצוגן פון דער פּאָעמע)

מיר קוקן זיך ארום . . .
א וועג . . .
פון שוידער אין סיביר
ביז פרייד פון בריגאדיר!

טוען מיר א פרעג:
— דאָס זיינען מיר?
— מיר?

1

דאָס זיינען מיר!

דאָס האָבן מיר די פופצן יאָר געהויבן,
ס׳איז אונזער שלאָג פון הערצער,
ס׳איז אונזער שוואונג פון הענט!
ס׳איז אונזער האסט
און אונזער ברען
און אונזער גלויבן.
מיר האָבן זיך דערקענט!

דאָס זיינען מיר!

„מיר זיינען כוואליעס און דאָס לעבן איז א יאָם . . .
„מיר זיינען שיפן אף צעבושעוועטע טייכן . . .
„מיר זיינען צונגען פון איין גרויסן פלאָם" . . .

אלטע, אָפּגעבליאַקעטע פארגלייכן!

מיר זיינען מער!

מיר קוקן זיך ארום:

אונטער אונז יאָרהונדערטן פארזשאווערטע,
דער ווייטסטער טרוים, דער מאָרגן איז שוין נאָענט!
טוט א קוק,

כאַוויירים מיינע,
כאַווערטעס:
אינמיטן — מיר, די פופּצניאַריקע!
אינמיטן —
מיר, דער פראַנט!

2

מיר, די פופּצניאַריקע,
מיר האָבן זיך געשלאָגן,
באַפאַרבט מיט בלוטן רויטע
די האַרבסטיקע פאַרטאָגן!

מיר די פופּצניאַריקע,
פילאָזאָפן און בויער,
אונזער מוט געהויבן האָט
א מויער נאָך א מויער!

מיר די פופּצניאַריקע,
וואָס האָבן מיר געגעבן —
א לעבן אזא לעבעדיקס,
אז לעבן זאָל דאָס לעבן!
— אונזער
לעבן!

3

אונזער לעבן:
אין שאַכטעס און אין קאַבינעטן,
אין ווינקעלעך טיפסטע, אין העכסטע געוועטן,
אַף ריזן-מאַסיוון, אין סעדעלעך ענגע,
אין אויסרופן צאַרטע, אין אורטיילן שטרייַנגע,
אַף סכאָדן, קאָנגרעסן, אין „ציק", אַף זאַוואָדן,
אַף צונגן, מיט ברויט און מיט אייזן געלאָדן,
אין מורמל פון ווינטן, אין זילבער פון שטערן,
אין לאַכן, אין ריידן, אין וואַגן, אין ווערן,
אין שלאָגן דעם סוינע, אין כאַוועון די קינדער,
אין רעדעס פון פירערס, אין קעפּ פון דערפינדער,
אין ליאַזגען פון אייזנס, אין שעפּטשען פון קאָרן,
אין שפּילן פון פידלען, אין רויש פון מאָטאָרן,
אין מאַרש פון אַרמייער, אין שווינדל פון רעגנס,

אין וואוקס פון גיגאַנטן, אין שיפלעך באַ ברעגן,
אין רייכעס פון בלומען, אין הודזשען פון שטאַנגען,
אין הערצער פון שלאָגלער, אין ליבע-געזאַנגען!
אונזער לעבן!

4

און ווער עס האַלט די הענט אַף פּאַטשן „בראַוואָ"
בלויז!
און ווער ס'באַהאַלט די הענט פאַר קעפּלעך קוטשעראַווע —
בלויז!
און ווער עס היט די הענט פאַר זיך און פאַר זיין ליבן מאָגן
בלויז!
דעם וועל איך זאָגן:
— לויז!
— פלי!
— מיר האָבן פיינט אָט-די!

5

ווער?
ווער קרעכצט עס: שווער?

גרינג איז נאָר זיך קייקלען פון די בערג.
גרינג איז לעבן ווי אַ וואָרים אַף דער ערד,
גרינג איז נאָכזאָגן דאָס שוין געזאָגטע וואָרט.
גרינג איז טאָפּטשען וואַסער אַף איין אָרט,
גרינג איז מעסטן די שוין אויסגעמאָסטענע מעסלעסן
און עסן
קאַשעס, וואָס די זיידעס האָבן נאָך פאַרגרייט!
שטייט!
מיר וואַרטן ניט אין פליוש פון טרוים פאַרטייעט,
ביז אונזער גליק וועט אָנקומען אַליין,
ווען קלאָווים האַוקען אַף דער פרייהייט
און טיגרען בלאָנקען אום מיט פייערדיקע ציין!

ניין!

6

איז ווען עס איז אַ גלאַטער וועג געווען געגרייט
פאַר די, וואָס טראָגן נייעם פייער אונטער זונען,
פאַר די, וואָס האָבן נייע שטראָמען אויסגעפונען,

פֿאַר די, וואָס גייען האַרגענען דעם טויט,
פֿאַר די, וואָס זיינען פֿאַלן גרייט
אין לעצטן און אַנטשיידענעם געשלעג!

איז ווען עס איז געווען פֿאַר זיי געגרייט אַ גלאַטער וועג?
אַ גלאַטער וועג
פֿאַר די, וואָס ענדערן דעם פּנים פֿון דער ערד?

7

מיר האָבן מיט פּוך אונזער וועג ניט געבעט,
איז אונז טויזנט מאָל גרינגער דאָס גייען,
מיר האָבן נאָר פּאָשעטע ווערטער גערעדט,
האָט די ערד זיך געשפּאָלטן אַפּצווייען!

און ווען אונזער וואָרט האָט אין טיפֿן געזיגט,
האָבן קרוינען געפּלאַטערט און לענדער.
מיר האָבן געוויינלעכע מוסקלען צעוויגט,
האָט די ערד אירע הויטן געענדערט!

פֿאַרלאָרענע טראָפּנס פֿון בלוט ניט געציילט,
ניט געקוקט אױף די אייגענע וואונדן,
מיר האָבן געוויינלעכע מאַיסעם דערציילט,
האָבן אויגן זיך אַנדערש געצונדן!

אונזער בלוט האָט אױף הויכן אַזעלכע געברענט,
וועט קיינמאָל עס קיינער ניט שטילן;
אונזער געווער זיינען אונזערע הענט,
אונזער געווער — איז דער ווילן!

געווען איז עס, דאַכט זיך, אַ כאָלעם, אַ טרוים,
ס'האָט אַ מענטש אױף דער וועלט זיך פֿאַרמאָסטן;
איצט פֿירן שוין מער ניט די וועגן קיין רוים,
איצט פֿירן די וועגן קיין מאָסקווע!

יענער מענטש האָט די וועגן מיט פּוך ניט געבעט,
איז אונז טויזנט מאָל גרינגער דאָס גייען,
ער האָט, דאַכט זיך, פּאָשעטע ווערטער גערעדט,
האָט די ערד זיך געשפּאָלטן אַפּצווייען!

8

אונזער טאָג — אונזער ברויז,
אונזער וועג — אונזער זיג
אונזער ערד פליט פאָראויס,
זייער ערד פליט צוריק!

שיינע וויטרינעס,
העלע פּאַרטאַגן,
פולע וויטרינעס —
א ליידיקער מאָגן.

אין בלוט און אין וויינען
שווענקען זיך נעכט,
די ביליקסטע סכוירע:
איז קנעכט!

9

הערט:

דער מידער קולי, דער קאַלטער פין,
דער אומרואיקער נעגער און דער שטורמישער פּראַנצויז,
די געלע און די ווייסע זין,
די גאַנצע ערד וועט טאָן א ברויז
מיט לענינס,
סטאַלינס
און מיט זיג...

און ס׳וועט די וועלט, וואָס האלט די וועלט אין קייטן און אין נויט,
אוועק אף יענער וועלט,
פון וואַנען קיינער קומט שוין ניט צוריק!

אָט-דאָס וועט זיין א יאָנטעף אף דער ערד!
און ווער עס מיינט, אז ער איז וויט,
דעמס לונגען האָבן ניט די ווערט
די גרויסע לופט פון אונזער צייט!

## איזי כאַריק

# טאָרף

טאָרף, דער פאַרמורזעטער, שטומער פּלעביי,
דער ברוינער, אָנהעגנטיקער ניכנע,
ער האָט זיך געוואַלגערט אין האַרבסטן, אין שניי,
אין ווייטע, פאַרוויוגעטע וויכערס . . .

גאָלדענע וואָרסטן מיט אייביקער זון
האָבן אין אים זיך פאַרקליבן.
און ער האָט אַליין ניט געוואוסט גאָר דערפון,
דער שטומער, אָנהעגנטיקער גיבער.

א גרויסער פאַרוואַרלאָז — באַם רוסישן טראַקט,
באַ דערפער און שטעטלעך — לישייעס.
אַצינד גייט ער אויף אין מאַשינעס קאָנטאַקט,
און ווייכע וואַלפּראַמאָווע פייערן . . .

איצט לויכט זיין געזאַנג אַפן העלסטן עקראַן,
זיין קויעך — אין יעדן קאָנווייער.
און ס'ציט זיך א ליכטיקע שנור איבער ראַנד, —
א גאָלדענע שנור איבער אונזערע ווייען . . .

עס האָבן קאַלווירטן דעם קויעך דערפילט,
צעעפנט זיך טיף און צעוואַרעמט.
עס גייט אויף באַגייסטערט דאָס לעבן און שפּילט
אַף אונזערע טעג-סטראַדיוואַרים . . .

איין ליכט-מאַגיסטראַל איבער גאַנצענעם לאַנד,
איבער גאַנצער סאָוועטן-פּלאַנעטע.
און ס'שווייגן פאַרשעמעטע אַף יענער זייט יאַם
די שטולן פון סאַקאָ-וואַנזעטי . . .

ניין, ניט קיין שטראָף אין דעם שטראָם איז פאַרלייגט,
ניין, ניט קיין שאָ פון פאַרניכטונג . . .
עס גייט איצט מיין לאַנד, מיט אַן אָפענער אויג,
איבער לעצטן באַריער —
צו געשיכטע

איין גליק-מאגיסטראל. איין ווארעמער פּולס
פון פּאָליוס ביז פּאָליוס עס ריזלט.
לענין:
ראטנמאכט פּליוס
עלעקטראָפיקאציע,
הייסט —
קאָמוניזם.

## פּיניע דער בלעכער

(אויסצוג פון דער פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס")

ס'איז פּיניען גוט צו זיין א יונגער בלעכער,
הויך און הילכיק לאכן איבער דאך.
עס רייסט, עס ציט און ס'ווילט זיך הויך און העכער,
אהין וואו ס'רוט דער טאָג, אהין, וואו ס'רוט די נאכט.

שוין הייס דער בלעך, און פּייכט איז נאָך דער הימל,
די זון איז נאָענט: נעם און כאַפּ זי אָן . . .
און אונטן דאָרטן דרייט שוין א געווימל,
שילדן קרעכצן און אומרו הויבט זיך אָן.

קרעמער איילן זיך, ווי קליינע, פלינקע פייערן,
הערצער רייסן זיך און ס'פּלאַפּלען הענט . . .
פארווילט זיך דאָס פון טיפן הארץ א שפּיי טאָן:
— איי, ווערט פארשוואונדן און פארברענט!

ס'איז פּיניען גוט מיט הילכיקן געלעכטער,
לאכן, לאכן הילכיק איבער שטאָט.
עס רייסט, עס זינגט און ס'הילכן לייכטע בלעכן,
און טיף אין הארצן שטראָמט און שטראָמט . . .

שוין קיל דער בלעך און שטיל איז שוין דער הימל,
אלע שטערן זיינען רואיק פּייכט.
טראָגט זיך איבער דאך אן אָוונטיקער הימן
און אלע הערצער ווערן קוועלנדיק און רייך . . .

מען האָט אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט — ביז נאַכט און פון באַגינען
זיצט מען איצטער אַף די בלעכן מיד . . .
זינגט דער פעטער פיניע זיין פלימעניק פיניען
יעדן אָוונט, יעדע נאַכט אַ ליד:
— — — — — — —

— „איצטער לעבן זיי אין קייטן און אין שניי,
איצט זיינען זיי שוין אַזוי ווייט" . . .

אַך, איז דאַן אַ צייט אַזאַ געוועזן —
אין וואַרשטאַטן האָט געפּיבערט און געוועקט . . .
שטרייק און בלוט, און פרייד פון מאַרסעליעזע,
אַז וואָס ווייסטו, וואָס פאַרשטייסטו, —
שנעק!

האָט מען זיי אַלעמען אַזעלכע האַסטיק-הייסע
גענומען און פאַרוואָרפן קיין סיביר.
ווען, אָ ווען וועט מען אַ נעם טאָן אַ-דעם קייסער
און שווערערהייט אַ בראָך טאָן דורך דער טיר . . .
און גרינג און גיך אַ נעם טאָן יענע ברידער,
גרינג און גיך זיי אַ טראָג טאָן ביז אַהער."
— — — — — — —

יעדן אָוונט זינגט דער פעטער פיניע לידער,
יעדן אָוונט ווערט דער דאַך פאַרקלערט . . .

און אַלע נאַכט אַף שטילקייט פון געלעגער,
דערהער איך שטיל אַזוי ווי דורך אַ ווינט, —
ס'קלאָגן קייטן עלנט אַף די וועגן,
און זיי פאַרווייעטע קוקן שטיל אַף מיר . . .

אַזעלכע הויכע, קרעפּטיקע און ווייטע,
ס'מוז יעדערע פון זיי דאָך זיין אַ ריז.
ווען כ'קען כאָטש איינמאָל נאָר אַ קוק טאָן פונדערווייטן
און שטילערהייט אַ זאָג טאָן זיי: — איך גריס . . .

נאָר סיביר איז ווייט, ווייט אַזוי פונדאַנען,
און אונזער גרוס פאַרלירט זיך און פאַרפרירט . . .
מיר ווייסן ס'איז באַם קייסער אַ לאַנד אַזאַ פאַראַנען,
רופט מען דאָס פאַרווייעטער סיביר . . .
— — — — — — —

און ווען דאָס לאַנד האָט זיך צעברודערט און צערעדט
מיט טויזנט פויסטן, טויזנט הימנען אין איין אָטעם,
האָט זיך צעטראָגן דאָן אַן איילֿיקער דעקרעט
פון אוראַלער בערג ביז מינסק מיט אירע בלאָטעם.

יעדער איינער — איז אַצינד שוין ניט קיין איינער,
יעדער קאָפּ איז איצט שוין טויזנט קעפּ.
מיר מוזן איצט צוזאַמען און פֿאַראייניקט —
נידער מיט . . .
— און נידער!
— און — עס לעבט! —

אין יענעם טאָג האָט קיינער ניט גערעכנט,
ווער ס'וועט בלייבן און ווער סע דאַרף פֿאַרגיין,
ס'איז געוואָרן שטריינג און אומרואיק און העכער
און קיינער האָט זיך ניט דערקאָנט אַליין . . .

אויף יעדן ראָג — פּלאַקאַטן און אַפישן,
אין יעדן הויז ברענט הונגעריק דער טויט,
און קיינער ווייסט ניט, קיינער קען ניט וויסן, —
וואָס איז בעסער: קאַמפער אָדער ברויט . . .

— — — — — — —

האָט מינסק אַוועקגעשיקט אַ צוג מיט הייסע יונגען,
האָט פּיניע אויך צווישן זיי געברענט . . .
מ'האָט הינטער זיי קיין מאַרשן ניט געזונגען
און ניט געפּאַכעט מיט יאָמטעוודיקע הענט.

צו גרויס, צו גרויס איז אַפּן פראָנט דער אומרו,
און ס'קען דער הימל פּלאַצן איבער מינסק,
און אויב מען דאַרף — וועט מען צוריק ניט קומען
און שטילערהייט שוין בלייבן אונטער ביקס . . .

— — — — — — —

לאָמיר זינגען, זאָל די נאַכט איצט פּלאַצן,
ס'איז שטיל אַזוי, ס'איז שווער אַזוי!
— און האַרטער לאָזן האַקן זיך און האַקן
מיט יונגן פּייף, מיט פּאַך און מיט געשריי.

און זאָל מען הערן, זאָל דער שונא קומען
און מעסטן זיך דאָ שפּיז אָן שפּיז.
די נאַכט איז היים, די נאַכט איז פול מיט אומרו
און אומרו שרייט פון קאָפּ און ביז די פיס.

## קאַטערינקע

העי, צעשריי, צעשפּיל זיך, קאַטערינקע,
דו האָסט ביז איצט געליטן אין דער פרעמד;
א דאָרשטיקע, א פריילעכע און פלינקע
האָסטו זיך אומגעשלעפּט אין אָרימינקער העמד.

אונזער שטים האָט קיינער ניט געפּעסטעט,
אונזער בלוט האָט קיינער ניט געשטילט,
פון יעדן שויב און יעדן זאַטן פענצטער
מען האָט אין אונז געשליידערט און געצילט . . .

אין געסעלעך צעקרימטע און פאַרדרייטע,
פאַרזונקענע אין בלוט און אין געוויין,
האָסטו געוואָלט פאַרהוליען יעדנס ווייטיק
און ניט געקאָנט צעהוליען זיך אַליין . . .

אין האַרטע טעג, אין האַרטן לויף פון יאָרן,
מיר האָבן זיך א ריס געטאָן אין קאָן,
און שווער געשריען און געוואָרנט
אין אונזער שטעכיקן און האַרציקן זשאַרגאָן.

העי, צעהוליע און צעשפּיל זיך, קאַטערינקע,
אין שאָלן, אין געשרייען און אין קלעפּ,
ווער עס דאַרף און ווער עס מוז פאַרזינקען,
זאָלסטו שלאָגן, ווי א דונער אַף די קעפּ.

מיר ווילן און מיר קאָנען צאַרט זיין,
נאָר מיר ווילן ניט און קאָנען ניט אַצינד,
אויב געזונגען, — איז פון פולן האַרצן,
אויב געהוליעט, — איז געהוליעט, ווי דער ווינט.

פון שטויב פון גאַס, — און ביז די העכסטע פענצטער
אונזער ליד זאָל זינגען, ווי אַ פאָן.
מיר זיינען איצט די שטאַרקסטע און די שענסטע:
איך, און דו, און קויטיקער זשאַרגאָן.

## גע - פּע - או

אזויפיל סאָנים לאָקערן אַף אונז
מיט שווערן גרויל און וויסטעניש באַלאָדן,
וועל איך דיך היינט באַזינגען, גע־פּע־או,
און אויפהויבן מיין ליבשאַפט, ווי אַן אָדע.

אָ, גע-פּע-או מיינע, צאַרטע גע-פּע-או,
אין סאַמעטענער שטריינגקייט פון דיין נאָמען,
אַ געבענטשטער, אַ פאַרשאָלטענער, ווי דו,
זאָל מיר פאַרגעבן זיין דער טאַינעג פון נעקאָמע . . .

איך האָב זיך היינט געפרייט מיט יענעמס טויט,
פּונקט, ווי איך פריי זיך, שפּילנדיק מיט קינדער,
ווען מיינע סאָנים לעסטערן מיין ברויט,
לעסטערן און טויטן מיינע קינדער,
זאָל מיר פאַרגעבן זיין דער שווידער פון מיין פרייד,
וואָס מוטיקט מיך, באַרואיקט מיך און לינדערט.

און הויב אים אויף אין אויסגעשריי פון ווייטיק,
און נעם איך איצט מיין איינגעשטילטן האַס
זאָל זיין געבענטשט די ליבשאַפט און דער האַס,
וואָס טריפט, ווי טוי, אַריבער אַלע טויטע . . .

זאָל זיין געבענטשט די וואַכנדיקע האַנט,
וואָס איז געוואוינט צו בלוט און צו פאַרגעבונג,
ווען סאָנים לעסטערן מיין איין און איינציק לאַנד,
און קוקן נאָך מיט גרויל אַף אונזער לעבן, —
זאָל זיין געבענטשט די שטראָפנדיקע האַנט!

## א. קושניראָוו

# צוג

נו, גענוג!
אָפּגערוט און איבערכאַפּט דעם אָטעם —
ציט אין וועג אריין זיך לאָזן ווייטער,
צוג, מיין צוג!

די וואַגאָנעס אייזן-פעסט געבויט,
איינס און איינס, און אויסגעפּרואווט איז יעדער
פון דער האַרטער גלאַנצנדיקער הויט
ביז די שווערע שווינדלדיקע רעדער.

און אין שפּאַן — אַזאַ לאָקאָמאָטיוו:
אין געלויף מיט אים זיך ניט פאַרמעסטן,
ווען ער שפּרינגט אַריבער טיפסטע טיף,
ווען ער שלינגט פון אונטער זיך די ווערסטן.

ס'האָבן יונגע און פאַרגליווטע הענט
אַרום אים כאַדאָשים זיך געפּאָרעט,
ער זאָל יאָגן, ער זאָל טראָגן זיך אין וועלט
מיט אַ רויטן שטערן אויפן פאָרנט.

אַלע פעלדער איצטער אין מיין לאַנד
אונטער ווייסע שנייענדיקע פעלצן.
און עס יאָגט זיך, און עס טראָגט זיך נאָכאַנאַנד,
און עס לויפט, און לויפט, און לויפט דער שנעלצוג.

נאָר דער שווינד פון רעדער ווערסטן האַקט,
נאָר די שויבן ליכטיקייט צעטרייסלען . . .
און וואַגאָנעס פול און פול געפּאַקט —
יונגען אימפּעטיקע, זינגענדיקע, הייסע.

הייסע יונגען אין די שויבן אָנגעשפּאַרט,
קעפּ אויף קעפּ אין ליכטיקייט זיך באָדן.
און אין יעדערן פון זיי דאָרט זיצט אַ האַרץ,
אָ, אַ האַרץ . . . מיט ברויז אַן אָנגעלאָדנס!

עמעצער די פּויסטן דריקט צונויף,
און מיט ציין פאַרקריצט שוין דאָרטן עמעץ,

ווען דער צוג אין אימפּעטיקן לויף
שטויסט זיך אָן מיט שטערן אין אַ גרענעץ.

עפּשער איז געקומען שוין די צייט
אויסלאָדן מיט וואָס די הערצער ברויזן . . .
אָט די גרענעצן — אַף ווערסטן ווייט —
אָט . . . צעשפּאַרן זיי אַף עטלעכע כאַטש טויזנט!

דו אַזעלכער, דו אַזוינער, דו, מיין צוג!
נאָך פאַראַן פאַר אונז אַ וועלט אַ ווייטע —
איבערכאַפּט דעם אָטעם — און גענוג!
צייט אין וועג אַריין זיך לאָזן ווייטער!

# וועגט

מיר,
הויכע, האַרטע, פעסטע ווענט,
פאַראורטיילטע: הערן און שטומען . . .
טויזנטער,
טויזנטער יאָרן מיר זיינען געהאָרכזאַם געוועזן:

געהערט און באַנומען! . . .
און שווייגנדיק,
אין זיך דעם מורמל פון דוירעס געשטיקט . . .
נאָך מער,
מער וועלן מיר שוין ניט שווייגן . . .

מיר הערן:
אַ שטייגן,
אַ גרייפן,
אַן אָפּקלאַנג

פון שווערע, פון שטייפע, פון אייזערנע טריט . . .
ס'גייט אַ גרויסער, אַ מעכטיקער,
אַלץ, וואָס ערשט נעכטן
געהערשט האָט ווי פעלז,
ווי גראַניט,

פאַלט פאַר אים, קניט
מיט ציטער און גרויל . . .
— גיט אונז אַ מויל!

באַקלעפּט און באַהענגט אונז
מיט מעננעם אפּישן, פּלאַקאַטן און בלעטער . . .

מיט זיי,
ווי מיט ריזיקע גאָרגלען,
וועלן מיר שרייען:
מיר הערן —
פעסטע, שווערע, זיגערישע טריט! . . .

## מ. כאַשטשעוואַצקי

# צום מוליער

— מוליער, אַ מוליער, אין פאַרטעך אין גרויען,
וואָס בויסטו דאָ, מוליער, דערקלער.
— אַ טראַקטאָר־זאַוואָד, אָט דאָ זעסטו, מיר בויען,
דעם גרעסטן אין פסס"ר.

— מוליער, אַ מוליער, איז זאָג מיר, איך בעט דיך,
דיין יאָגעניש, זאָג, וואָס באַטייט?
— אַך, לאָז צורו, ס'איז בא אונז אַ געוועט דאָ,
מיר טאָרן פאַרלירן קיין צייט.

— צו וואָס דער געוועט און מיט וועמען, אָ, זאָג נאָר,
און טראַקטאָרס, וואָס גייען דיר אָן?
— מיר דאַרפן די לענדער די רייכסטע דעריאָגן —
און טראַקטאָר וועט העלפן דאָס טאָן.

— מוליער, אַ מוליער, און ווער וועט באַלוינען,
פאַר יאָג און פאַר מי אָן אַ מאָס?
— מיר בויען אַליין און מיר אַלע אינאיינעם
און יעדער פון אונז באַלעבאָס . . .

### מ. האַרצמאַן

## איך, — אָט דער פּאַשעטער מענטש

איך, — אָט דער פּאַשעטער מענטש מיט מיין מעכטיקן גלויבן,
בין געקומען צוגיין פון דער שטומקייט — פון וויסטיקן טהאָם, —
איך האָב באַהאַלטן צוויי שטיקער וועלט אין די אויגן,
און אין די הענט טראָג איך אום נאָר מיין אייזערנעם לאָם.

פאַרגרעבט איז מיין הויט, ווי די קאָרע, פאַרשטומט איז מיין לאָשן;
ווער האָט אין מיין מויל מיר אַף קלאַנגען צעטיילט מיינע רייד?
ווי באַ מיין צוואַנג, וואָס זי האָלט אירע קלינגלעך פאַרשלאָסן,
אַזוי האַלט איך אויך מיינע ליפּן פאַרשלאָסענערהייט.

כ'בין צו מיין יוגנט, מיין צוווייטער, אין שטילקייט געקומען, —
געקומען אהערצו צו גיין אין דעם רויטן געפעכט;
כ'האָב עס, דאָס לעבן, אַזוי פאַרן גאָרגל גענומען, —
איך, — אָט דער פּאַשעטער מענטש — אַזוי פּראָסט, ווי די ערד.

## שטיבעלעך מיינע

איר, שטיבעלעך מיינע, — איר נידעריקע שטיבעלעך און ליקן!
איר ערדיקע דילן! — איר פּענימער געלע און גרינע —
אויסגעקושט כ'האָב אייער קלאָלע באַ אייך אַף די ליפּן, —
געטרונקען האָב איך מיט די אויגן באַ אייך אייער סינע.

דערהערט האָב איך אייער געוואָי אין דעם בלוט פון מיין יוגנט —
פון דעם טויטן אָקאָפּ, וואו איר זיינט דאָרט געלעגן געשוואָלן,
מיטן מויל דעם פאַרברענטן פון טיפוס, פון בלוט נאָך פאַרטריקנט, —
איך זע אייך מיט קינבאַקן ברייטע, אַזוי ווי באַ שטריינגע מאָנגאָלן.

אַ באָרוועסער בין איך געגאַנגען צו קעלערס פאַרגרויטע, —
פאַרבלוטיקטע האָב איך געהערט, ווי איך זינג און איר פרייט זיך,
און אויפגעגאַן איז מיין געזאַנג, — אַ שטיק בלוט אַזאַ רויטע, —
אַ גליקלעכער הער איך אַזוי, ווי מיין ליד איצט פאַרגייט זיך.

איר, שטיבעלעך מיינע, — איר נידריקע שטיבעלעך און ליקן !
איר ערדיקע דילן ! — איר פּענימער געלע און גרינע,
אויסגעקושט כ'האָב אייער קלאָלע באַ אייך אַף די ליפּן,
געטרונקען האָב איך מיט די אויגן באַ אייך אייער סינע.

## כ. ווײַנערמאַן

### צום קאָמסאָמאָל

מיין פרי
אַף שטילע וואַסערן שווימט אָפּ.
שטעל איך זיך באַם רודער
מיט מיין פרי צו פליסן,
צו מיין הוילן גליק,
צו ליבשאַפט פון מיין טאָג —
אין מיין האַנט די שליסל.

אַ טאָג מיט מי, אַ רונדיקן, איך טראָג
איבער שפּראָצנדיקע בייטן און באַשטאַנען.
ווער ס'פאַרמאָגט נאָר לייב און לעבן,
ווער סע טראָגט אַ קאָפּ —
אונטער מיינע קראַנען.

זון באַ מיר אין לאַנד,
אין היימלאַנד מיינעם זון,
און כ'בין ניט ווי אַ זוימען-שיט אַף העפקער.
ווער ס'האָט זאַפט אין שטאַם,
און ווער אַ שטאַם אין גרונט —
אין באַהעפטונג.

— — — — — — —

העלער מיינער דאָר און לאַנד
אין פרי-שיין פון באַגינען.
קאָמסאָמאָליע — שטייפער שטאַם,
היימלאַנד — אוקראַינע.

קאָמסאָמאָליע אין פאַרבייט
איבער לאַנד און שעטאַך.

איבער פעלזן פון מיין צייט
בלוטיק איך און קלעטער.

זוימען — זוניקער פארמעסט,
יארן — יונגע דעמבלעך,
אלץ וואס פויל איז און ניט פעסט,
צעשטערן און פארלענדן.

אלץ וואס בליט אף שאנד און שפאט,
פארלענדן און צעשטערן.
האסטיק, — הילכיקער „נאליאט" —
לייכטע קאוואלעריע.

היימערד-היימלאנד, היימערד-לאנד —
קוואליק-פולער לאגל,
ביז דאס הארץ מיינס זינגט און פלאמט
ט'ליבשאפט מיינע שלאגן.

ביז דאס הארץ מיינס נאגט און פלאנט,
שיין פאר דיר פארהיט איז,
קאמסאמאליע — האלבער טאג
איבער מיינע בריקן.

העלער מיינער דאר און לאנד
אין ווייטיקדיקן מיען.
מיט צוויט און ליד, מיט רום-געזאנג
פיבערט דיין שאליעך.

## מ. כאשטשעוואצקי

# דאס ליד פון ציגל-טרעגער

— 2000 ציגל
דערלאנג!
— 2000 ציגל מיט הונדערט!
— דריטהאלבן טויזנט!
— פאראן!
— דריי טויזנט ציגל.
גיט אונטער:

פון אינדערפרי און ביז שפּעט,
טיף איבער נאַכט און ביז טאָג-ליכט —
מונטערער אַרבעט-געוועט,
שווערער געוועט פון די שלאָגלער.

הענט זיינען מאָגער און דאַר,
אַקסלען זיך בויגן באַ פּילע,
אָבער דער דראַנג איז דאָך שטאַרק,
פעסטער פון אייזן דער ווילן.

2000 ציגל!
— דערלאַנג!
דריטהאַלבן טויזנט איז מערער!
דריי טויזנט ציגל!
— פּאַראַן —
אַלע פּולוואָגיקע — שווערע.

מוליערס מיט אונז אין געוועט
בינדן מיט צעמענט די ציגל,
ערשט באַ דער ערד געוועין — זעט,
איצט אַזוי וואוקסיק געשטיגן.

ס'וועלן דאָ צעכן זיין גרויס,
ליכטיקע צעכן ווי יאָרן,
רוישן טאָג-איין טאָג-אויס
וועלן דאָרט הערצער-מאָטאָרן.
און אין דעם רויש און געבלענד,
דאָ אין צעזונגענע צעכן,
פון אונזערע צעכן דער עכאָ
וועט הילכן פון ציגל אין ווענט.

— צוויי טויזנט ציגל!
— דערלאַנג!
דריטהאַלבן טויזנט!
— געפּרואווט זיך!
דריי טויזנט ציגל!
— פּאַראַן.
דריי טויזנט,
הונדערט
מיט פּופּציק . . .

## כ׳האָב אַ יונג און בליענד לעבן

„כ׳האָב אַ יונג און בליענד לעבן",
— ניין, איך ציטער ניט אַזוי —
כ׳האָב געבראַכט עס איינצואוועבן
אין בעטאָניקן געבוי.

פון אַ שטעטל ווייט פון שליאַך דאָרט
כ׳בין אַריבער שוין די בריק, —
אָט דער שליאַך, וואָס האָט געבראַכט מיך,
האָט קיין סטעזשקעס ניט צוריק.

קלאָגן קלאָגערס, טרערן האָזן,
לויפעריי און רייסעריי —
כ׳וועל מיין אַרבעט ניט פאַרלאָזן,
ניט אַוועק כ׳וועל סיי ווי סיי.

גראָבן ערד צי לאָדן וועגן —
טראָגן ציגל, מישן טינק,
ס׳וועט קיין אַרבעט ניט פאַרוועגן,
יעדע מי וועט זיין מיר גרינג.

ווייל אַריין בין איך אין טויער
און דערטראָגן האָט דער ווינט:
זיי געגריסט, דו יונגער בויער,
קינד פון אַרבעטער-געזינד.


מאָניע כייקין


## דאָס ליד וועגן פאַסטעך,

וואָס האָט באַגריסט דעם אַלווייסרוסישן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר.

איז מיין פאַסטעך אויסגעוואַקסן אַף דער בינע,
מיט אַ בייטשל,
מיט אַ פייפל,
מיט אַ גרוס . . .

אין די זומערדיקע בראָנזענע באַגינענס,
האָט דער פּאַסטוך נאָר זיין טשערעדע געוואוסט.

דערמאָנען זיך אים זומערס איצט אַמאָליקע, —
ס׳איז זיין טאַטע אויך אַ פּאַסטעכל געווען.
פלעגט ער פּאָיען זיי, די שעפעלעך די וואָליקע,
מיט קאַלטע וואַסערן אין זומערדיקן ברען.
צו די זומפּן,
צו די בלויע,
צו דעם גרונט,
פלעגט דער פּאַסטעך טרייבן אָנפּאָיען די זון . . .

אַף רו, אַף אייביקער איז טאַטע אָפּ צו זיידן,
אָפּגעשטעלט ט׳דער טאַטע אים זיין בייטשל מיט דער פייפל,
קאָן ער זיך, דער פּאַסטעך, איצט נישט שיידן,
מיט זיין טשערעדע און זומערדיקער רייפקייט.
ווייל די בלאָטעס,
ווייל די גראָזן,
ווייל די גריבער,
האָבן אויסגעזוייט זיין קאָפּ מיט ווייסן זילבער.

האָבן שאָען,
פלינקע שאָען,
ווי דער ווינט . . .
אויסגעשריען,
איבער לענדער!
ברעך! . . .
צינד! . . .
נו, איז וואָס, ער פּאַשעט נאָך די שאָף דאָרט!
ניין! זאָלן דאָרן שעפּסן הונגעריק אין שטאָל! . . .
ס׳איז אַוועק דער פּאַסטעך, איז אַוועק דער אַלטער
מיט זיין זון סערגייקען, מיט פּאַסטעכער אין וואַלד,
ציטערט סראָרע,
וויינען שעפּסן,
וויינען שעפּסן
אינעם שטאָל.
ס׳איז אַוועק דער פּאַסטעך מיט פּאַסטעכער אין וואַלד.

דערמאָנען זיך אים זומערס איצט אַמאָליקע,
ס׳איז געפאַלן זיין סערגייקע אינעם בראַנד . . .

. . . גוט מאָרגן, שעפעלעך, קינדער מיינע וואָליקע,
איר געהערט שוין איצט צו מיר און צו מיין לאַנד.
ווייל אין פייער,
ווייל אין הייסן,
ווייל אין בראַנד,
איז געפאַלן מיין סערגייקע פאַר מיין לאַנד.

קליבן פאַסטעכער ארומיקע צונויף זיך,
דער פאַרטיי אַ גרוס אַוועקשיקן אין שטאָט,
שטימט מען פאַר דעם אַלטן, קלייבט מען אויס דעם פאַסטעך,
און גלייך אָפּן צוזאַמענפאָר, און גריסן זאָל ער דאָרט!
ווייל אין פייער,
ווייל אין הייסן,
ווייל אין בראַנד,
איז געפאַלן זיין סערגייקע פאַר דעם לאַנד.

קומט ער עס אין שטאָט, דער זילבערדיקער אַלטער,
ברענגט ער אַ מאַטאַנע, אַ פייפל מיט אַ בייטש:
ווען אייער רוף אין פייפל וועט אַ שאַל טאָן,
קומען מיר מיט אונזער שטרייַנגער בייטש . . .
ווייל די סטאַדעס,
ווייל די גראָזן,
ווייל דער וואַלד,
וועט געהערן נאָר צו אונז און אונזער לאַנד . . .

אין די זומערדיקע בראָנזענע באַגינענס,
האָט דער פאַסטעך נאָר זיין טשערעדע געוואוסט.
שטייט ער איצט, דער פאַסטעך, אויף דער בינע,
מיט אַ בייטשל,
מיט אַ פייפל,
מיט אַ גרוס . . .

## כאַים גילדין

# אַ גאַנצן טאָג

אַ גאַנצן טאָג איך שמייכל נאָר, און יעדן ווילט זיך וויטען,
אַ גאַנצן טאָג איך וואונדער זיך, ווי קאָן מען זיין פאַרבלענדט?
אומעטום עס שפּראָצן דאָך אַזוי פיל נייע בליטן,
אומעטום עס וואַקסן דאָך אַזוי פיל נייע ווענט.

די הונדערט טויזנט עלנטע, מיט אומרו פארן מאָרגן,
פון לעבן אויסגעוואָרצלטע ווי ווילד-גראָז פון א בייט;
זיי רייטן איצט אַף טראַקטאָרן מיט הייסער ליד אין גאָרגל,
אין סטעפּ די הענט די זאַנגיקע מיט פרייד צו זיי פאַרשפּרייט.

פאַרוויאַנעטע אין קעלער-שטוב פון ערשטע קינדער-יאָרן,
אין דרייען איינגעהויקערטע באַם האַמער,
באַ דער נאָדל,
מאַזאָליעם האַרטע באָדן איצט אין פונקען פון מאָטאָרן,
שלאָנגלער טרייע זיינען איצט אין הונדערטער זאַוואָדן.

פאָלק נאָך פאָלק —
פון אומרעכט מיעסער געקרייצטע,
פאָלק נאָך פאָלק —
פון שינדער אייגענע באַגאַזלט און געפּלאָגט;
דעם ערשטן מאָל זיי גלייכן אויס די הויקערדיקע פּלייצע,
און יונגער ווערן זיי אין לאַנד וואו קאָמוניזם טאָגט.

א גאַנצן טאָג איך שמייכל נאָר,
די ליפּן מיינע ברומען,
מעסלעסן גאַנצע כעשבן איך מיין גרויס פאַרמאָג;
פאַר גאַנצער וועלט עס ווילט זיך מיר,
עס ווילט זיך מיר באַרימען
מיט פרייד,
מיט שטאָלץ,
מיט רייפן שניט
פון מיינע אויסגעשטראַלטע טעג.

## ב. אָליעווסקי

### שאַכטע

א געלער רויך גייט אויף אַף אויוונס פון מאַרטען,*)
א ווייסער רויך גייט אויף פון אַלע דאָמנעס —
פון אַרץ,
און שוואַרץ

*) נאָמען פון פאַבריק.

פון סלאַנצן און פון קאָקס —
אַ בלוטיקער, אַ רויטער אָקס
אין ברענענדיקער וואָלגע פון טשוהון
גייט זיך אָנפּאָיען די זון.

און שטערן —
לעמפּעלעך שאַכטיאָרישע פאַרגייען.

פון רויטער נאַכט —
די שוואַרצע בערג פון שלאַק
(די טעראַקאָניקעס און גלייען)
גייען אויף די ווייטע, ווי פאַרלאָשענע וואולקאַנען . . .

סע קרעכצן שווער די הייבערס און די קראַנען
מיט העלזער קעמעלשע אין גראָווער ווייט.

אַ שאַכטע שרייט:
און פריער דין הויבט אָן „מאַריע",*)
גרע-עבער ענטפערט אָפּ „גלאַדקאָווקע".*)
גראָ-אָב דער „בים" *)
און הייזעריק „בונטאָווקע".*)

די ערד — איז שוואַרץ,
דער הימל — שוואַרץ.
וואַגאָנעס פול מיט אַרץ
אי נאַכט, אי טאָג —
גייען אַלץ פון קריוואָי-ראָג.

מיט שטיינקוילן געפּאַקט
זיי טראָגן זיך צוריק
אָף טאַגאַנראָג,
ראָסטאָוו,
אָף קריוואָי-ראָג
דורך פאַררויכערטן צעהודעטן פאַרטאָג.

הודאָקעס רעווען הויך,
די לופט מיט מעש צעליאַרעמען.

---

*) נעמען פון שאַכטעס.

סע שטייען אויף פארשלאָפענע קאזארמעס,
די טירן סקריפען אויף און עפענען די לאָדן.

פון אלע זייטן וועלט
סע הודען די זאוואָדן —
אין טאָג פארדרויכערטן,
אין טאָג אין קלאָרן.

אין אלע זייטן סטעפ
באווייזן זיך שאכטיאָרן.
און אין דער טונקלעניש
די לעמפעלעך —
סע פינקלט און סע ברענט.
שאכטיאָרן טראָגן אום
א שטערנדיקן הימל אין די הענט.

## ש. האלקין

## די שאַרף פון שווערד

ניט זידלען, ניט פלוכן,
ניט שוימן פאר קאָס,
נאָר זאמלען ווי פרוכטן
אין הארצן דעם האָס.

ניט לויפן, ניט שמייען,
ניט פינען פאר היץ,
נאָר שארפער קליי-זאיען
זאָל שארפער זיין איצט.

דאָס בלוט אין די שלייפן
צום סוינע געווענדט,
און צענפאַך געקויפלט
די קראפט אין די הענט.

און ווער איז דער סוינע ?
און וואָס וויל דער פיינט ?

אין אָפּענער וואוינונג
פאַרטייעט אריין.

אין העכסטן פון גאַרנס,
אין דרייצנטן שטאָק, —
זיך פּלייסיק געפּאַרעט,
געפּיילט און געטאַקט;

א קאַלטן געוועער —
פאַר פריינטלעכער האַנט,
און א פינצטערע רער
פאַר א ברוסט בא דער וואַנט

פאַר גינציקן אויפנעם,
פאַר גרימצענדן בליק —
אַף שפּיצן א רוף
מיט געלאָדענער ביקס . . .

פון שפּיצן, פון אויבן
א צייכן — א ווינט:
„פאַרזאַמלט זיך, שטויבן
אין לאָנדאָן-בערלין.

„פאַרזאַמלט זיך, שפּליטערס
פון כּאַרעוועער קרוין,
פאַרוואָגלטע ריטער
נאָך רויב און נאָך לוין.

„פון דאַנען — פון מיזרעך —
קיין מאַירעוו א פייל:
פון גאַסן פאַריזער
צו גרענעצן איילט!

„מיר זיינען דאָ היגע,
מיר טראָגן די פליכט —
צעוואַרפן די ציגל
און אויסלעשן ליכט.

„מיר וועלן ניט לאָזן
צעוואַקסן זיך הויך —

די אייזנס צעבלאָזן
אין דאַמף און אין רויך.

„די שאַכטעס דערטרינקען
אין אייגענער נעץ;
אין בוזעם — אַ פינקע,
אַ נאָדל אין פעטס.

„און ס'וועלן זיך אָנצינדן
דערפער און שטעט:
פון מאָסקווע ביז דאָן צו —
אַ פלאַקער-געוועט.

„און קומען מיט פאַנצער,
מיט פאָן און מיט שפיז
זאָל אָדלער פון דאַנציג
און פריינט פון פאַריז!"

(און נאָך דעם פאַרשטערן
די שטערנס געפאַלבט:
ווי פראַנקן און סטערלינגס
צעטיילן אַף האַלב) . . .

נאָר האַרט באַ געבייען
און העכער פון דאַך —
אַ פעסטע, אַ טרייע,
אַן אַרבעטער וואַך.

און אויער פאַרנעמט אַלץ
און טריט זאָגן אויס:
פאַראַן דאָ אַ פרעמדער
אַצינדער אין הויז.

פאַרבאָרגן בייזוויליק
אין גרונט, אין דער מיט,
אין ווענט און אין דילן —
אַ קנויט דינאַמיט.

און ס'קומען צופליען
פאַררויכערטע הענט,

מיט פויסטן זיך ציען
און רינגלען די ווענט.

און ס'טראָגט זיך פון דרויסן
דורך קראָקוועס און שוועל —
א מעכטיקער-גרויסער,
א הארבער באַפעל:

די פוס, וואָס באטרעטן
דאָס הויז האָט געוואגט —
זאָל איצט זיך ניט רעטן
פון גרויזאַמען פּסאַק!

די האַנט, וואָס דערנענט
דעם פּולווער צום פונק —
זאָל אַלטקייט ניט זען,
זאָל אומקומען יונג!

פּאַר קעפּ, וואָס געוואָלט האָבן
אַרבעטער-פּיין —
א שווערד א געשטאָלטע
דער ריכטער זאָל זיין!

מ. טאלאלייעווסקי

## אָט אַזוי הויבט זיך אָן דער געזאַנג...

צום 15טן יאָרטאָג פון אָקטאָבער.

„דאָס וועט זיין אונזער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט"... —
אָט אזוי הויבט זיך אָן דער געזאנג
פון דער גרעסטער
און לירישסטער צייט!

אָט אזוי הויבט זיך אָן דער געזאנג
אַף אַלע מענטשלעכע שפּראכן.
אָט אזוי הויבט זיך אָן

אונזער הימן,
אונזער מאַרש
פון ניצאָכן —
אין יאָנטעוו און אינדערוואָכן.
אומעטום, אומעטום
אין דעם ראַטנפאַרבאַנד דעם באַפרייטן,
און אָט דאָרט אַף אַנצאָליקע סטריטן און שטראָסן,
וואו פויסטן געפאַנצערט אין שטרייִנגן גערולדיקן האַסן,
גרייט מען גרויסע אַנטשיידענע שטרייטן.

און אויך דאָרט,
פון ענגער פאַרריגלטער קאַמער,
וואו צווישן דעם מענטש און דער זון
איז אַ גראָבע און שטיינערנע וואַנט,
הילכט אויך אויף דער געזאַנג —
יעדער קלאַנג
אַ פּילטאָניקער האַמער,
יעדער וואָרט איז אַ גרוס,
אַ ראָטפראָנטישע האַנט.

זיינען יאָרן געגאַנגען
און האָבן ווי שטיינערנע פּלאַסטן
אַף אייביק געלייגט אַ מעכיצע
פאַר וועלטן, פאַר צוויי,
דער נאָמען פון איינער — אָקטיאַבער
מיט פרייד, אַ געפּלאַסטערטער,
דער נאָמען, דער צווייטער —
איז שוידער,
איז געסיסע,
איז אומקום,
איז וויי . . .

דער נאָמען דער ערשטער —
איז שטענדיקער פרילינג צעבליטער,
דער נאָמען דער צווייטער —
איז גליוווער איז שטענדיקער האַרבסט . . .
און ס׳דאַכט, אַז אַפילו די זון,
אָט דער הייסער און הויכער,
זי שפּירט נאָכן קאַמף
און זי מעלדעט:
אַלטע אייראָפּע, דו שטאַרבסט!

## דאָרע כייקינע

# אַ בּריוו

דו שרייבסט:
„איך בענק ניט, כ'בין אַזוי פאַרנומען,
אַף בענקען סטייעט ניט קיין צייט,
כ'וועל האָבן אורלויב, כ'וועל געוויס אין קיעוו קומען,
נו, בלייב געזונט, מיין כאַווערטע, מיין פריינט."

ס'איז האַרבסט אַצינד אין קיעוו און אין כאַרקאָוו,
נאָר ערד צעשיט זיך היינט אין פרילינגדיקן צוויט.
פאַרענדיקט אַ גיגאַנט אַף בויען נייע טראַקטאָרס,
אַ יונגער טראַקטאָר-ריז אין אונזער הויפּטשטאָט בליט.

כאַווערטע, מיין טייערע, כ'בין דיך אַזוי מעקאַנע,
וואָס דיינע הענט צעבויגן האַרטן שטאָל!
מיט דיר אינאיינעם כ'וועל אַף „סערפּ און האַמער"
טראָגן אונזער פריידיקן און שווערן אָל.

וועבן ליין איז טויזנט מאָל דאָך גרינגער,
ווי בויגן שטאָל, צי שטיין בּאַ מאַרטען.*)
מיין קליינע האַנט, מיט קליינע מיינע פינגער
איך וויל זאָל אויפהויבן
דעם סאַמע שווערסטן שטיין!

מיין לאַנד איז פופצן אַלט, און אונז איז שוין צו אַכצן,
ווען מיר וועלן פאַרגיין, וועט לאַנד נאָך אַלץ זיין יונג,
געשיכטע וועט ווערן — די „פינפהונדערט אַכצן",
דער „פינפיאָר אין פיר" דער גאַנצער פייער-רינג . . .
— — — — — — — — —
. . . אין אַ מינוט אַ פרייער כ'לאָז אַראָפּ די וויעס, —
צעבליטע ערד צעשפרייט זיך אונטער פיס.
פון ווייטן ס'קומט אַ יונגער טראַקטאָר,
אַף טראַקטאָר זיצט אַ יונגער טראַקטאָריסט.

אַף ברוינעם לייב — אַ לייוונטענע העמדל,
די העמד כ'האָב אויסגעוועבט אין זונענדיקן טאָג,
עס ווערט מיין פרייד אַ פלאַטערדיקע פענדל

---

*) פאַבריק.

און אין אָקטיאַבער-טאָג, ווי פּאָן,
איך וועל זי אויפהענגען אַף ראָג.

אָקטיאַבער, האַרבסט, אין קיעוו און אין כאַרקאָוו,
נאָר ערד צעשיט זיך היינט אין פרילינגדיקן צוויט.
אויב מיר וועלן פאַרגיין — וועט ניט פאַרגיין זיין טראַקטאָר,
און מיינע העמדלעך, און עפּשער אויך מיין ליד . . .

## פּערעץ מאַרקיש

## ניט געדאַיגעט
(געקירצט)

— פון כאַסלאַוויטש ביז אָדעס
און פון טאַלנע אין אוקראַינע,
— ווער וועט אויסמעסטן די ווערסטן ?
— ווער וועט אויסציילן די מיילן ?

פּערצן ווערסט איז ביז אַ סטאַנציע,
נ'פון אַ סטאַנציע — ווער קאָן וויסן ?
שטעט און שטעט, גובערניעס גאַנצע,
— פאָר און רייט און גיי צופוס !

„מענדל — פרעגט דאָס ווייב — ווי קלערסטו,
אידן פאָרן דאָך מיט באַנען, —
— וויפיל איז, אַ שטייגער, ווערסטן
ביז אַהינצוצו פון דאַנען ?"

נאָר ווער פאָרט עס דען מיט באַנען ?
מ'איז, חלילה, דען מאַגנאַטן ?
— אָט וועט מען די שקאַפּע שפּאַנען,
וועט אַ רועך אין איר טאַטן !

מ'גיט אַ זאָג צום פערדל : פּעטער,
קום אָקאָרשט אַרויס פון שטאַל נאָר,
און — אַ גוטן טאָג דיר שטעטל,
און — אַ גוטן טאָג דיר טאַלנע !

---

איז דער אומעטיקער וואָגן,
מיט פאַרזאָרגטע רעדער שווערע,

אַנגעטאַסעט, אַנגעטראָגן
פון צו זען און פון צו הערן!

קינדער פּישטשען, קינדער סמאַטשען,
דאַרע לייבעלעך פון לעבער;
און אינמיטן, ווי אַ קוואַטשקע,
זיצט אַליין די מענדעליכע.

„זע נאָר, מענדל — שטעלט זי אָפּ אים,
זע נאָר, דאַכט זיך — הערשל פּייסים." —
און אַף מענדלען גלאַנצן טראָפּן,
טראָפּן שווייסיקע און הייסע...

„מענדל, זע נאָר, ביזט אַ מייוון?
ס'פּאַרט דאָך עפּעס ס'גאַנצע שטעטל!"
וואַקסן וואָגנס, ווי אַף הייוון,
און אַ וועג איז אַ געבעטער.

נו, אַוואַדע, נו, וואָס מיינסטו?
— און דער שווייס פון מענדלען טריפט, —
דאָס, פאַרשטייסטו מיך, ווי הייסט עס —
איז דאָך אַ... קאַליקטיף!

„— נעבעך" — גיט זי זיך אַ פּלעדער, —
„— קאַלי — קאַלי — קאַלי — ווי?"
און דער וואָגן שלעפּט די רעדער
ווי סוכאָטעדיקע פיס.

קוקט זי זיך מיט די וואָגנס איבער,
קוקט צו יעדערן זיך צו —
און די שקאַפּע פּאָכט און כריפּעט,
אָט-אָט שפּייט זי אויס די צונג.

גיט אַ ריר זיך מענדעליכע
פונם וואָגן פון דער טיף, —
„—זאָג-זשע מיר נאָר, מענדל, כ'בעט דיך,
וואָס הייסט אַ... קאַלי-יק-טיוו?

— אָנגעטראָגן אַפּן סטעפּ האָט...
„—וואָס — זאָגט מענדל — וואָס סע הייסט?

אי, וואָס האָסט זיך אָנגעקלעפּט!
אי, וואָס טשעפּעסט זיך — איך וויים — — —

ס'איז מיסטאָמע — צו דעם פאָרן,
דיר א דאיגע — וואָס סע הייסט;
בעסער קוק, ווי ס'וואקסט דאָס קאָרן,
ס'אַרא פּאַשע, ס'אַרא ווייץ!

קאַליקטיוו איז דאָס . . . וואָס אַלע,
ווי צום ביישפּיל — ס'קאָרן, — זעסט?
איינציקווייז די שטענגלעך — פאַלן
און אינאיינעם — וואקסט זיך פעסט."

און אַליין בלייבט מענדל הינטן,
עפּעס פּאַסיקט ער די קראַיקע, —
און ער פּאַכט פון ווייט און מינטערט:
— האידאַ, האידאַ, — ניט געדאַיגעט!

ס'שמעקט דאָס פעלד אזוי מיט בסאָמים
און די טוואַוע — אינדערלופטן;
גייט און טראַכט זיך מענדל: — לאָמיך,
לאָמיך צוגיין זיי א פּרוב טון!

— אז פון בײדע זייטן — קאָרן,
קעפּלעך פולינקע פאַרהאַנגען, —
גיט זיך מענדל דאָרט א פאָרע
בא די דרעמלדיקע זאַנגען.

גיט א פאָרע זיך פּאַמעלעך,
אויפוועקן זיי ניט, כאַלילע,
„זעסט — זאָגט ער צום ווייב — אַזעלכע,
אָט אַזעלכע הויכע, פולע!"

„און נאָך פולער, און נאָך הויכער,
און אזעלכע אויך, פאַרשטייט זיך!"
און ער גיט זיך א פאַררויכער:
„— זעסט שוין, ווי ס'מאַזל דרייט זיך!"

פערציק ווערסט און פערציק מײלן,
און דאָס שקאַפּעלע געטריי גייט;

— אַלץ אָף שפּעטער, נאָר דערווײַלע —
וויאַקעט מענדל: — ניט געדאַיגעט!

איז מען זיך אַזוי פּאַוואָליע,
ניט געפאָרן, נאָר געקראָכן.
— ווער האָט דען געציילט די צאָלן
פון די טעג און פון די וואָכן?

וועג — אַהין גייט, וועג — אַהער גייט,
ווער — אַהין און ווער — פון דאָרטן, —
דאָ — אַ טאָל און דאָרט — אַ בערגל,
און די פעלדער, ווי די קאָרטן.

---

אַ פאַרזאַמלונג אויסגערופן,
— אידן אָנגעפּעלצט מיט בערד,
— נו, וועט מען מיט מאַזל פּרובן
מאַיוועך זיין אַ פאַרשע ערד.

מ'דאַרף אַ האָרעווע טאָן אַזאַ מין,
מ'דאַרף די ערד אַ גראָב טאָן טיף!
— ריישעס, זאָל עס זיין — צוזאַמען,
און ווייהאַשיינעם — קאָלעקטיוו.

איינער ווייסט — וואָס ס'פעלט באַ איינעם,
און דער צווייטער ווייסט פאַר זיך;
אָבער קאָלעקטיוו — אינאַיינעם,
זיינען אַלע — אייזן-זיכער.

דאָס אַלץ — ווען — אַ קאָלעקטיוו איז,
ווי סע גייט סאָוועטסקי סטרוי:
שטעמפּלען, בערד מיט רויטן טריוואַקס,
ריכטיק, מענדל, — אָט אַזוי!

דער — אַ קעסטל, דער — אַ ברעטל,
דער — אַ לייסטל, דער — אַ סטויפל,
דער — אַ זעקל, דער — אַ רעדנע,
און — פון אָנהויב, פון מאַ-טוויוואו!

און אַהינצו און אַהערצו,
ניט געדאַיגעט און ניט געקראַצט זיך;

שטעקן פּלעקער אין דער ערד שוין,
וועגטלעך באָקן זיך, ווי מאַצע.

אי — אַ דאָך ? נו, וואו ז׳געשריבן,
אַז אַ דאָך דאַרף מענדל האָבן ?
מענדל האָט ניט קיין פּאַראיבל,
און געקלאַפּט דאָרט און געגראָבן.

„הער נאָר, זאָגט זיין ווייב : פּאַראַנען
כאָטשבי ערגעץ-וואו ארויסגיין ?"
— בעהיימע, — ענטפערט ער, — פון וואַנען ?
ביסט דאָך דאַנקען גאָט, אין דרויסן !

איז פאַרקאַשערט אידן, ארבל,
איינס אָן איינס — אַ גאַנצער שאָק ;
נ׳זיך גענומען צו דער ארבעט
אין אַ מאַזלדיקער שאָ !

אידן גראָבן, אידן טעסן, —
ווער — אַ דרענגל, ווער — אַ ברעטל ;
— ניט געלייגט זיך, ניט געזעסן,
און עס וואַקסט אין פעלד אַ שטעטל.

נ׳אַז סע וואַקסט אַ דאָרף אַ אידיש
אַף די שאָען — פראַנק און פריי דאָרט,
איז עס דאָך אַ גרויסער כידעש,
איז אַוואַדע — ניט געדאַיגעט !

ס׳איז דער סטעפּ — אי פריש, אי נאַקעט,
דער פרימאָרגן — ראָז-פאַרנעפּלט ;
אָפּן האָריזאָנט — אָן אַקער,
אַ באַר-דאַס, אָן אָקס — דערנעבן.

און די וויטן זיינען האָריק,
ווי די ווייכע פעל פון אָקסן —
ס׳האָט דאָרט ערד שוין טויזנט יאָרן
ניט געגראָבן, ניט געבראָקט זיך.

פלעכטן שטיבלעך זיך, ווי קוישן,
— נעם זיי אַלע אין די הענט דיר —

און אַ ראָט אינמיטן שטייט שוין.
— וואו-זשע איז דאָרט ערגעץ, מענדל ?

ס׳שרעקט נאָך מענדל פאַר דער ערד זיך,
פאַר דער ברייטקייט, פאַר דער פרייקייט ;
— זיבן מיילער, זיבן הערצער,
נאָר מיסטאָמע — ניט געדאַיגעט !

מענדל לויפט נאָך אַ פאַרכושטער,
ס׳איז אים נאָך ניט אַלץ צום הארצן ;
ס׳קאָן נאָך זיין פעלד צו אים ניט צושטיין,
ווי סע טרעפט זיך, ווי סע מאַכט זיך.

לויפט ער, לויפט ער, נאָר וואוהין-זשע ?
מיט דעם סטעפּ צו האָריזאָנטן ;
דער פרימאָרגן — ווי געוואונטשן,
נאָר אַף הוילן לייב אים אָנטאָן !

---

שוויים האָט פעלדער אָנגערירט שוין,
— פון באַגינען ביז באַגינען —
וואַקסט אַ ווירטשאַפט, בליט אַ ווירטשאַפט
פון די הוילע הענט און פינגער.

גענז אין פאַרטעכלעך אין ווייסע,
הינער אין פאַטשיילעס רויטע ;
אידן האָרעווען, האָרעווען פלייסיק
באַ דער ערד און באַ די ברויטן.

איז אַ בעהיימעלע — אַף צווייען,
און אַ שקאַפּקעלע — אַף דרייען ;
און מע אַקערט און מע זייט,
און ס׳איז — מענדל, ניט געדאַיגעט !

און ווער ווייסט דען, וואָס איז בילכער,
ס׳זאָל דער אויבערשטער ניט שטראָפן :
— צי די קינדער אַ פּאָר שיכלעך,
צי דעם פערד אַ פּאָר פּאָדקאָוועס ?

און ווער ווייסט דען, וואָס זאָלסט פריער שוין,
אַז אַ ביישעק אַזאַ נעמט מיך.

— נאָך אַ כאַזערל אין ווירטשאַפט,
צי די קינדער נאָך אַ העמדל?

הויבט זיך אָן — איז אָן אָן ענדע:
נאָך אַ גאַנז און נאָך אַן אינדעק;
גייט אַוועק אַ סעדרע, מענדל,
מענדל שאָף און מענדל רינדער!

נאָך אַ קו און נאָך אַ לאָשעק,
און אַ טראַקטאָר נאָך דערביי גיב,
נו, ניטאָ נאָך? נו, איז וואָס-זשע?
וועט ער זיין! און — ניט געדאַיגעט!
— — — — — — — —

פון אַמעריקע — אַהערצו,
און פון דאַנען — צוריק אַהין, —
גייען בריוו מיט שטיקער הערצער:
„— הויכגעשעצטע טעכטער זין —

און זייט וויסן, און איך מעלד אייך,
פריער גאָט און איר אַליין —
און מע איז שוין אָף די פעלדער,
און דאַריבער, און בעכיין! . . .
— — — — — — — —

און בעכיין, דאַריבער טאַקע,
ווילן מיר אייך קומען מעלדן,
אונזער וואָלאָסט איז ווי אַ טאַטע —
— נאַ דיר ערד און נאַ דיר פעלדער,

און אַזוי אַביסל ווירטשאַפט,
דאָס איז דאָך סאָוועטסקי סטרוי:
נאָך אַ טראַקטאָר, ביז אימירטשעם
מ'עט אַראָפּנעמען דאָס ברויט . . .

און בעכיין, טאַקע דאַריבער,
זאָל אייך גאָט גאָרניט פאַרגעסן,
ווי עס ווינטשן אייך די ליבע
פון דער איצטיקער פּראָפעסיע.“

יאָ, צי ניט — נאָר וואַרטן, גרילצן —
ווער פאַרווערט דען? צי ווער נייט דען?

גייט אוועק א וואָך, א צווייטע,
און נאָך אַזויפיל, נ׳וויפיל ס׳ווילט זיך.

מ׳האָט געוואַרט, געוואַרט אַזויפיל
און די ערד מיט הענט געקרישעט, —
נאָר געקומען, נאָר צולויפן
איז א טראַקטאָר אַפן אישעוו.

מיט א היץ און מיט א פּאַרע,
מיט א הילך דאָרט און מיט נאָך וואָס?
ס׳קרויזלט רויך זיך — א פּאַפּאַכע
און די קינדער קווּטשען באָרוועס.

עפּעס נעגל אַף די רעדער
און א גאָרגל, טאַטע, האָט ער;
ציט זיך מענדל, וויל א רעד טאָן:
וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדי!

פערציק קינדער, צוואַנציק ווייבער,
האָבן אים מיט נעז באַטראַכט שוין:
אוי אוי, אוי — איז דאָס א טרייבער,
אוי, וועט ער דאָס טאַראַטאַטשען!

פערציק בערד און פערציק אידן
מיט די הענט און בערדלעך קאָזע,
— א יונגאַטש ס׳איז, אידן, היט אייך,
מ׳דאַרף צו אים א ברײַנדל קאָזאַק!

שרייען אַלע און מע טאַפּט אים;
— טרייבן זאָל א מיידל דאַווקע;
נ׳אַז א מיידל טרייבט א טראַקטאָר,
איז דאָך גאָר שוין ניט געדאַיגעט!

פולע פורן אָנגעפּאַקטע,
ס׳וועט קיין וועג, דאַכט זיך, ניט קלעקן,
איז שוין דאָ אין פעלד א טראַקטאָר
און די ערד ער שניידט, ווי לעקעך.

דעם בוריאַן ווי צוקער קייט ער,
און דאָס פעלד איז מיט א קראַיקע;

— אידן, הא! וואָס זאָגט איר, ווייטער?
— גייט שוין, מענדל, ניט גערדאיגעט!

שטייט דער אָקס און קוקט פארכידעשט,
אויגן שטילע — אויסגעטאראקעט, —
מענדל מיטן גאנצן אישעוו
שלעפּט צום אָקס דעם נייעם טראקטאָר.

צוגעשלעפּט אים צו די הערנער
און א ווענד זיך צו דעם זאָקן:
— נו, דו, חכם מיינער, הער נאָר,
וואָסטו עפּעס איצטער זאָגן?

אי אָן הערנער, אָן א ווידל,
און א קענער קיין איין-האָרע;
קוקן זיי זיך שטיל אָן ביידע:
— ווער מעם טעג און ווער מעם יאָרן?!...

ס'האָט דער אָקס זיך צוגענענטערט,
און א שמעק פון דאָ, פון דאנען...
און א זאָג געטאָן האָט מענדל:
— נו, דו אָקסנקאָפּ — פארשטאנען?

— וואָס ליגט דאָרטן אין די קעפּ אייך?
— מענדל! —שרייט דאָס ווייב אים: — קום!
ס'רייסט דאָס הארץ, א כאיע נעבעך,
בעסער גיי מעלק אוים די קו!

פול דער אישעוו מיט גאזעטן
און א קלוב, א באלאלאיקע, —
ארבעט מען דעם טאָג צו זעט אָן
און די נאכט איז — ניט גערדאיגעט.

אלע נ'איינעם — איז דאָך לידער,
ס'איז א מעכאיע זיי צו הערן:
און ווי קאָרן ווי צעבליטער,
בליען יונגע פּיאָנערן.

---

פעלד אין קימפּעט ליגט און דיכעט,
ס'טראָגט די טוואוע הויך און העכער;

און עס דאַרף שוין מענדעליכע
מענדלען נאָך אַ זון געבאָרן.

מענדל גיט אַ מעלק די בעהיימע,
קנאַקט אין שעפּל, ווי אַף דעבער;
אַז מיט ווינדעלעך אין דערהיים דאָרט
איז פאַרפּאָרעט מענדעליכע.

טראָגט אַריין דאָס שעפּל מענדל,
ס'איז זיין באָרד פאַרטראָפּנט מילכיק, —
און ער גיט זיך אַ ווענדע,
און ער גיט אַזאַ מין הילך:

„— טרינק, מיין קרוין, פון גאַנצן שעפּל,
זאָלסט מיט מילך באַ מיר זיך פּאָיען;
און געבאָרן אַף די סטעפּעס
זאָלסטו מיר אַ יונג — אַ פּויער!"

מענדל ציילט די טעג און וואָכן,
ציילט און רעכנט און פאַררעכנט —
און אין קאָרן דעם בען-זאָכער
האָט געבאָרן מענדעליכע . . .

רו דעם אַקער, רו דער שקאַפּע,
און מע גייט אַהין, וואוהין-זשע?
— נו, זאָגט מענדל, אַדראַבע,
גיט נאָר, כעוורע, אַזאַ דרינזשע!

אַזאַ פריילעכס, אַזאַ עפּעס,
נו, מאַמזיירים, נו, דערמאָנט זיך;
לאָזן וויסן פעלד און סטעפּעס,
אַז אַ מענדל קאָן נאָך טאַנצן!

און די הענט געגורט אַף לענדן,
און די כאָלעוועס — צעוויגן, —
און עס טאַנצט און ס'דרייט זיך מענדל,
ס'איז דאָס פעלד אַ פאַרגעניגן!

און צעפּאָרעט און צעקאַטשעט,
און אין קאָלעקטיוו, איר, אַלע!

— העי, מאַמזיירים, — אַ קאָזאַטשקע,
אַ כאַסלאַוויטשער, אַ טאַלנער!

וואָס־זשע שטייט איר, וואָס־זשע בלייבט איר?
העי, גערדינזשעט, באַלאַיקע,
און אַ רועך אייערע לייבער,
— אָט אַזוי, און ניט געדאיגעט!

## ל. קוויטקאָ

# רויטאַרמייער

„פּריזיוו"

האָט מען איינגעלאַדן אַלע פּריינט,
און גוט־באַקאַנטע ניט פאַרגעסן:
— ברענגט ניט גאָרניט, אַלץ וועט זיין,
אַלץ צום טרינקען און צום עסן.

די מוטער — קאָשיקעס זי שלעפּט
און שעפּעריש פאַרקלערט געריכטן.
דער פאָטער — דאָפּלט זיינע פליכטן:
הין און הער ער מעסט די טרעפּ —
אין קעלער,
צי נאָכן טעלער,
צי נאָכן וויין.

דער זון, — ער שיינט,
אים אַליין מע פייערט היינט.

ניטאָ קיין פּלאַץ שוין אָפּן הענגער,
די היטלען וואַרפט מען וואו־ניט־וואו,
און מענטשן קומען אַלץ נאָך צו —
עס קלעקן ניט קיין בענקלעך.

ערנסט מישט זיך מיט געלעכטער,
געריך פון קיך און טישן פלעכט זיך,
עס שמייסט די שיין אין גלאָז, אין פליסעכץ,

ציט פון זיי קאַלירטע שפּיזן.
פרייליך גייט פון שמועס דער שטראָם. —

מע זעצט דעם זון פונאויבנאָן.

זיין יוגנטלעכער פּאָנעם שיינט פארברוינט איז;
פרייליך שטעקט דאָס שניר׳ל מאך איבערן מויל,
ברוסט-בלאַט, הענט, ביז עלנבויגנס — הויל,
די פינגער — פון ארבעט ניט-געשוינטע.

דער פאָטער הויבט זיך אויף דער ערשטער:
„צוערשט, דער רויטער ארמיי א גרוס
פון אן אלטן ווילנער בערשטער.

„איך גיב איר איבער מיין בען-יאָכעד,
דער רויטאַרמיי, — מיין טייער קינד,
איך זע, מיין אלטע זאָגט מיר נאָכעט . . .

„גייסט זיין, מיין קינד, א רויטארמייער,
זיך לערנען שיצן אונזער לאנד.
קיין קנעכטשאַפט ווייסט זי ניט דיין האנט,
אף וואך דעם שלאָגלער-לאנד וועסט שטייען!

„אמאָל . . . אויך מיך געמומען דינען.
אין קעלערשטוב געווען א קלאָג:
צען-מאָל טילעם האָט געזאָגט
דער טאַטע, און טרערן רינען.

„די מאַמע האָט מיך איינגעקלאַמערט:
זי וועט ניט אָפּגעבן איר קינד
דעם צאַר אף שכיטע, — ווי און ווינד —
און זי יאָמערט און זי ליאַרעמט:

„אונזער שפּייזער . . . און א שוואַכער זייער,
אונזער טרייסט אין ווייסטן גרוב. —
גאָט, אין צווייטן גאָרן, אין דער שטוב,
האָסט זיבן געזונטע ליידיקגייער!

„דאָרט איבער אונז, אונטערן שינדל
איז די סימכע זייער גרויס:

פונעם פריזיוו איז אַרויס
דעם באַלעבאָס דאָס פערטע זינדל.

„אַריינגעשטעקט אין יאַד דעם אָדן,
האָט מען דעם בענאָק באַפרייט,
דער זון איז געזונט,
מיט בלוט און מילך געלאָדן, —
פרעסט מען, הוליעט מען פאַרשייט.

***

„איצט ליגן די בורזשוקעס אונטן,
און זייער אָרדנונג באַגראָבן ליגט מיט זיי, —
איצט האָבן מיר די אויבערהאַנט די געזונטע
און שיקן אונזער זון אין רויטאַרמיי.״

## כאַנע לעווין

# דורכרייס

סאַניען—מיט ליבשאַפט געשענקט.

אויגן
אין די הענט!
די הענט
אָפּן סטאַנאָק!
יעדער ווייסט זיין אָרט
און יעדער קאָן זיין ראָד!
פּלאַקאַטן פון די ווענט
קלאַפּן ווי אַ גלאָק:
— אַ דורכרייס אין זאַוואָד!
— אַ דורכרייס אין זאַוואָד!

פּאַרטיי ט׳געשטעלט אַ פאָדערונג:
אַ טאָג —
צוויי טראַקטאָר-ראַמעס,
דער זאַוואָד האָט אויסגעפילט
איינע —

און ניט מער!
זיינען די בריגאַדעס
דרייסט אָבער און יונג —
און פאַר קויכעס יונגע
זיינען דאָ דען צאַמען?
ווען יונגע קויכעס שפּילן,
וואָס קען זיין צו שווער?

ווער האָט היינט אַ בעט!
ווער דאַרף איצט
אַ היים!
מיטן פּאָנעם צו דער ערד,
דער מעכאַניק וואַרט און רוט.
גלייך מיט אַ באַגנעט
האָט אַ סוינע אים געליימט,
גלייך אַ סוינע האָט אַ שווערד
אין פּלייצע אים פאַררוקט!

— מעכאַניק, היי!
— אָ האָ!
— מעכאַניק, היי!
— כ'בין דאָ!
— גיי!
מאַשינעס בענקען
נאָך דער לאַסקע
פון דיין צוואַנג;
מאַשינעס מעגן
פעסטען זיך,
לאַשטשען זיך
און קרענקען,
מענטשן
ווערן שטאַרקער
אין מידקייט
פון אַ דראַנג.

ערגעץ וויינט אַ קינד?
ערגעץ וואַרט אַ פריינט?
ווער געדענקט עס איצט,
ווען מען גייט עס אָן!
פאַרזאַמלונג האָט באַשטימט:

ראַמעס
געבן
דריי! —
איז יעדערער אין שוץ
און ווייסט,
וואָס האָט צו טאָן.

אויגן
אין די הענט!
די הענט
אָפּן סטאַנאָק!
אָפּרו שלאָף —
אין שטורעם,
ווי סטרוזשקעס אין
אַ קאָן . . .
פּלאַקאַטן פון די ווענט
קלאַפּן, ווי אַ גלאָק:
— מיר ווילן ניט פאַרלירן
דאָס רעכט
אויף אונזער פּאָן!
ביז האַלבער נאַכט איז גרינג
און אויגן זיינען אָפּן;
נאָך צוועלף — די וויעס שווער,
ווי וואַגאָנעטן-ווענגלעך.
נאָר ווער
פאַר גליק
פון שלאָפן
פאַרקויפן וועט די ערע?
פאַרשפּילן וועט דאָס כיעס,
מיט הענט אַראָפּ? — אוממעגלעך . . .

אויגן
אין די הענט!
די הענט
אָפּן סטאַנאָק!
ווער האָט היינט
פאַרזאַמט?
אוועקגיין ווער וועט
פריער?
פּלאַקאַטן פון די ווענט

קלאַפּן, ווי אַ גלאָק:
— ניט מיר!
— ניט מיר!
— ניט מי-יר! —
דער זאַוואָד האָט שלאָגלער
און שלאָגלער ווילן קאָנען
דער קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי,
וואָס מאָרגן וועט דאָ זיין,
אָט אַזוי אָט זאָגן:
— „מיר ברענגען אַ מאַטאָנע:
ראַמעס בעט איר צוויי;
מיר גיבן אָפּעט —
**דריי!**

**איז**
**אויגן**
אין די הענט!
די הענט
אָפּן סטאַנאָק!
יעדער ווייסט זיין אָרט,
יעדער קאָן זיין ראָד.
פלאַקאַטן פון די ווענט
קלאַפּן, ווי אַ גלאָק:
— אַ דורכבּרוך
אין זאַ-אַ-וואָד!
— אַ דורכבּרוך
אין זאַ-אַ-וואָד!

## אָ, לאַנד מיינס!

אָ, לאַנד מיינס!
אַלץ שפּעטער קומט די זון,
און אַף דעבער אונזערע
פּאַרפּרוירן-קאַלט זיינען
פרימאָרגן-טויען.
זאָל זיין געבענטשט
די שאָ פון דיין ניסאָיען!

אַלץ נעם איך אָן פאַר ליב.
שענק מיר און פאַרגיב
מיין שוואַכן מענטש-געשריי, —
אין וויי, אין מיינעם,
טראָג איך ניט קיין צאָרן.
געבענטשט זאָל זיין דאָס אָרט,
געבענטשט זאָל זיין דער ראָג,
וואו דו האָסט מיר באַפוילן
אָפּוואַרטן דעם טאָג,
ביז דער אַרבקאָפּ *)
וועט אויסציען
אַ טאַרבעלע מיט קאָרן . . .

אָ, לאַנד מיינס!
וואָס קאָן זיין שווערער,
ווי אַפן ראָג זיך שטעלן
און שטיין
שאָענקאַנג,
אין פרעמדע פּלייצעס
אויסגעשמירט דעם שטערן? . . .
וואָס קאָן זיין שווערער,
ווי הויקערן זיך שטיל
אונטערן וואָג פון בליקן
פון יענע,
פון די לעצטע,
וואָס דיך און פּלייצע דיינע האַסן?
זאָל זיין געבענטשט
די שווערסטע פון די מאַסע'ס!

אַלץ נעם איך אָן פאַר ליב!
שענק מיר און פאַרגיב
מיין שוואַכן מענטש-געשריי —
אין וויי, אין מיינעם,
טראָג איך נישט קיין צאָרן.

איך ווייס, —
און ווער דען ווייס עס נישט? —
ווי ברייט
דיין האַרץ איז

---

*) אַרבעטער-קאָאָפּעראַטיוו.

און דיין האַנט.
פון יעדן ווינקל,
יעדעס לאַנד,
פון כינעזער און ביז נעגערן —
פאַר אַלע גלייך
געגרייט האָסטו דעם טיש
פון דיינע וועגן ;
אַלע גלייך
מיט פליישן און מיט ברויט באַוואָרנט,
אַלע באַ איין טיש !
איך ווייס עס גוט,
און ווער דען ווייס עס נישט ? . . .

דו האָסט צעאַקערט נייע ערדן
און אויפגעמישט האָסט
צעמענטן און ליים,
אַז שטעט,
אַז דערפער
זאָלן נייע שטייגן ;
נאָר די,
פאַר וועמען
טויט איז
דאָס לעבן פון מיין לאַנד,
לאָזן נישט
דער ליים
זאָל אויסברענען אין ציגל.
איך ווייס עס גוט, —
און ווער דען ווייס עס נישט ? —
שענק מיר און פאַרגיב
די שאָ פון ווײ,
די שאָ פון אָפּגעשוואַכטער מוט,
ווען ציענדיק די הענט
צו שאָטנס פעלדישע,
צו טעג פון שטורעם
און פון זיג,
בלינד אַזוי
דערזע איך נישט,
אַז כ׳בין אין מיט פון קאַמף,
אין מיט פון קריג . . .

סאָרע קאַהאַן

# אַף דער וואַך

כ׳שטיי אַף דער וואַך היינט באַ קינדערשע בעטלעך,
און גלעט זיי די קינדערשע שטערנס;
זין, מיינע זין, איר זאָלט ווערט זיין
צו טראָגן דעם פינפקאַנטיקן שטערן.

כ׳בין שוין איצט, קינדער, פאַרמאַטערט,
ניט גרינג איז צו שטיין אַף וואַכטעס,
נאָר כ׳האָב זיי אומזיסט ניט געפּאַטערט,
די טעג פון די ברויזיקע שלאַכטן.

ס׳שרייבט היינט מיין קלאַס זיין געשיכטע,
אַף טעג, ווי אַף רויטינקע בלעטלעך,
וועט איר, עפשער, קינדער אויך מיך דאָרט
געפינען אַמאָל אין די צעטלעך.

ס׳העלן אַזוי די ארומען,
און ס׳ציען צו זיך די געוועטן,
ס׳האָבן די ציפערן שטומע,
פון אונזערע זיגן צייערדט זיך.

ס׳האָט אַלץ זיך אַזוי פיל געענדערט,
שווער איז מיין לאַנד צו דערקאָנען,
דעם אַלטן און גרויען „געוועזן איז"
ס׳ווילט זיך אַזש גאָר ניט דערמאָנען.

ווען איך בין געוואָקסן צעבראָכן,
ווען איך בין געוואקסן באַליידיקט,
ווען ס׳זיינען די יאָרן געקראָכן,
נודנע און ברודנע און ליידיק . . .

איצט זינגען אין גאַס רויטאַרמייער,
די טריט זיינען ריטמיש, ווי לידער,
קלאָרע און פּראַסטיקע שנייען,
סקריפּנדיק זינגען עס איבער.

אין שלאַכטן אין לאַנגע, אין הייסע,
מיט קוילן, אין קנוילן, אין שיסונג —
מיר האָבן אַף שטענדיק געטויט שוין,
דעם צאַרישן „איך קען ניט וויסן".

מיר ווייסן שוין קלאָר איצט, מיר ווייסן,
וועמעס נעכטן מיר האָבן באַגראָבן,
וועמעס דער היינט איז, דער גרויסער,
וועמעס מאָרגן אַף אַקסלען מיר טראָגן.

שטיי איך אַף וואַך היינט בא בעטלעך,
וואו ס'וואַקסן די זין מיינע טרייע,
מיינע אויגן — עלעקטרישע לעמפּלעך
צינדן זיך אָן מיט אַ פייער.

פּאַרטיי מיינע!
לאַנד מיינע!
הערט זשע!

ס'וויל היינט אַ מאַמע אייך שווערן:
ס'וועלן די זין מיינע ווערט זיין,
צו טראָגן פינפקאַנטיקע שטערן.

ש. ראָסין

# בערל בעקער
(באַלאַדע)

1

בערל בעקער איז אַ פּראָסטער אינגל,
זיינע אויגן זיינען מעליק גרוי,
צו דרייצן יאָר, גאָר אַ קינד נאָך,
האָט ער געקנאָטן קאַסטנס ברויט.

בערל בעקער ווייס, וואָס נויט איז,
און עפּעס נאָך ווייס בערל גוט —
דערפאַר האָט ער אַזוי דערפרייט זיך
מיט רויטן שטערן אַף זיין גרינעם הוט . . .

אויסגעוועז אַף אַלע פראַנטן,
אין לענדער פרעמדע, אין אייגן לאַנד:
דערפאַר איז טייער רויטע פאָן אים
און ביקס געלאַדענע אין שטרענגער האַנט . . .

דערפאַר איז טייער אים אזוי און נאָענט
זיין פאַנצער שטאַלענער מיט בלינדער נאַז,
און מער פאַר אַלעמען זיין בלאַנדער כאַוועך —
אַנטאָן מאַטראָס.

2

האָט זיך א מיטן-טאָג אזא א שטאָטישער פּאַרטייעט,
איינגעהערט צו זיך, צו שלאָפנדיקע שרעקן . . .
פּלוצים האָט א ראָג א שאָט געטאָן מיט כאַיעל
און האָט דעם טאָג אַף טויזנט שטיק צעברעקלט.

אויפגעפלאַצטע שווייגנדיקע גרוילן
האָבן הימל אָנגעצויגענעם אַף שטאָט צעלעכערט, —
ס'האָבן נאָך אַף גאַסן זיך געצויגן רויטע טיילן,
ס'האָט וואָקזאַל געפלאַקערט נאָך מיט רויטס אַף דעכער . . .

3

זאָלן אַקסל זיך ענגער פאַרשליסן
און ביקס זאָל געצילט זיין און גרייט, —
ס'האָט דער סוינע אין שטאָט זיך באַוויזן
און דראָט אונזער כאַיעל מיט טויט . . .

איז אין ראַטנהויז געווען א באַראַטונג,
האָט בערל גענומען א וואָרט: —
„בראָנעוויק זאָל דעם סוינע פאַרהאַלטן
און, כאַווירים, אַט דאָס לייג איך פאָר" . . .

און שטיל איז געוואָרן די זיצונג,
און אַלע, ווי איינער, פאַרשטייט:
בראָנעוויק וועט אַליין דאָך ניט שיסן,
בראָנעוויק וועט אַליין דאָך ניט גיין . . .

אַנטאָן האָט פאַרקוקט אַף די הענט זיך
און פּלוצים ער שרייט אויס פון אָרט: —
„העי בערקי, נעם, צי אָן די לענטעס!
און איך מאַך שוין גרייט דעם מאָטאָר" . . .

## 4

א בראָנעוויק, א בראָנעוויק צערעוועט זיך אַף פּלעצער —
א בלינדער העלפאנט רעדערט שווערן לאַסט —
ער שלעפּט די שווערע פיס, ווי קלעצער,
און אַקערט מיט דער נאָז די גאַס.

ער טרייסלט-אויף די לופט, די גאַס, די גאַנצע שטאָט שוין
און וויגט זיך שוין דער הימל און די ערד —
דאָס האָט זיך בערל בעקער מיט אנטאָן מאַטראָסן
געשטעלט מיט בראָנעוויק דעם סוינע אַפן וועג . . .

אינמיטן זיך פאַרשניטן, אַף ציילעם פון די וועגן,
מיט לייב פון בראָנעוויק דאָס מויל פון גאַס פאַרשטאָפּט,
זיי וועלן זיך ניט רירן, זיי וועלן ניט אוועקגיין,
זיי זיינען גרייט באַצאָלן פאַר דעם מיט זייער קאָפּ . . .

## 5

בראָנעוויק האָט לאַנג מיט סוינע זיך געראַנגלט,
בראָנעוויק באַשירעמט האָט פאַר פוסגייער א גאַס ;
זיינען ברידער דאָרט געגאַנגען און געגאַנגען —
רויטע טיילן האָבן שטאָט פאַרלאָזט.

נאָר פאַרבליבן זיינען איינצלנע, געציילטע,
(פאַרבליבן — ווייל אַזוי האָט מען באַדאַרפט).
— בראָנעוויק באַשיצט האָט רויטע טיילן,
ביז עס האָט זיך אָפּגעשטעלט זיין האַרץ . . .

## 6

כ'האָב געזען זיי,
זיי זיינען דאָ געלעגן
צעשאָסענע
אַף בלויען פראָסט —
בערל בעקער
און אנטאָן מאַטראָס.

דזשאָן ריד

# אַנטשיידענער קאַמף

עס האָט שוין געטונקלט. פון אַלע זייטן האָריזאָנט האָט זיך גע-טראָגן אַ געברום פון די פאַבריק-פייפערס און זיך צונויפגעגאָסן אין איין רויש, אַ שאַרפן, אַ פולן מיט אומרו. פון די אונטערנעמונגען זיינען אַרויסגעגאַנגען צענדליקער טויזנטער אַרבעטער. אין די צענד-ליקער טויזנטער האָבן די אָרעמע וואוינונגען אַרויסגעשיקט זייער באַ-פעלקערונג. דער רויטער פּעטראָגראַד איז אין סאַקאַנע! קאָזאַקן!

צו דאָרעם און דאָרעם-מאַירעוו האָבן זיי זיך באַגעגנט איבער די פינצטער-ווערנדיקע גאַסן, צו די מאָסקווער טויערן — מאַנצבילן, פרויען און קינדער מיט ביקסן, מיט רידלען, מיט העק, מיט בינטן-דראָט, מיט פּאַטראָנטאַשן איבער די אַרבעטער-קליידער.

קיינמאָל ביז אַהער האָט מען נאָך ניט געזען אַזאַ פרייוויליקן אַרויסטרעט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. ווי אַן אימפּעטיקער שטראָם, האָט זיך דער אוילעם באַוועגט, מיט אַריינגעפלאָכטענע אין אים ראָטעס סאָלדאַטן — מיט האַרמאַטן, מיט אויטאָמאָבילן, מיט וועגענער.

דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַריאַט איז מיט דער ברוסט זיינער געגאַנגען פאַרטיידיקן די הויפּטשטאָט פון דער אַרבעטער-פּויערשער רעפּובליק.

ס'איז געוואָרן טאָג. די פּיקעטן פון קערענסקיס קאָזאַקן האָבן פאַרבונדן אַ שיסעריי מיט די ראַטן-גרופּעס. איבער די וויסטע פעלדער, אין דער קאַלטער רואיקער לופט האָט זיך צעדונערט דער דונער פון שלאַכט. דעם דונער האָבן דערהערט די אַרומבלאָנדזשענדיקע סאָלדאַטן, מאַטראָסן, אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געזאַמלט אַרום קליינע ברענענ-דיקע שייטערס און געוואַרט. הייסט עס, ס'האָט זיך אָנגעהויבן. און די אַלע וואַרטנדיקע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום שלאַכט-פעלד. די מאַכנעס אַרבעטער אויף די שליאַכן האָבן פאַרגיכערט זייערע טריט.

די מאַטראָסן האָבן זיך געשלאָגן ביז צום לעצטן פּאַטראָן, און נאָכדעם זיינען זיי געגאַנגען אין אַטאַקע קימאַט מיט הוילע הענט. אַרבעטער, ניט געלערנטע צו שלאַכט, האָבן זיך געוואָרפן אויף די אָנ-פאַלנדיקע קאָזאַקן און פון די פערד זיי געשלעפּט.

און נייע פּראָלעטאַרישע מאַכנעס, נייע רעזערוון זיינען געגאַנגען זיי פאַרבייטן אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס.

אַזוי האָט אַ גאַנצע נאַכט דאָס פאָלק פרייוויליק פאַרביטן איינער דעם אַנדערן, ביז די אָנדראָטיקע סטאַנציע האָט אָנגעזאָגט דער וועלט

די בסורע פון ניצאָכן. און אַף מאָרגן האָט אַ קאַלטער פרימאָרגן מיט זיין בלאַסער שיין באַלויכטן שוין אַ פאַרטיקן ברידער-קייווער.

פאַרמאַכט זיינען געווען די קלייטן, און די פאַרמעגלעכע קלאַסן זיינען אינדערהיים געזעסן. היינט איז געווען דער טאָג פון די מאַסן. זייערע טריט האָבן גערוישט, ווי אַ קאָכנדיקער יאַם.

דער שטראָם האָט זיך געגאָסן דורך די טויערן, און דער ברייטער רויטער פּלאַץ איז געווען שוין באַדעקט מיט טויזנטער מענטשן.

פון אַלע גאַסן האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג פונעם רויטן פּלאַץ מענטשלעכע כוואַליעס.

פון די קרעמל-שפּיצן זיינען לייוונטן פון פאָנען אַראָפּגעהאַנגען ביז צו דער ערד, — רויטע, מיט גרויסע גאָלדענע אויסיעס, האָבן זיי דערציילט וועגן די קאָרבאָנעס פון דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

„לעבן זאָל די ברודערשאַפט צווישן די ארבעטער פון גאָר דער וועלט!"

אַ שאַרפער ווינט, וואָס נעמט דורך אַלע אייוורים, האָט זיך גע-טראָגן איבערן פּלאַץ, צעפּלאַטערנדיק די פאָנען. אָט האָבן שוין פון ווייטסטע עקן שטאָט אָנגעהויבן אָנצוקומען ארבעטער פון פאַרשיידענע פאַבריקן, טראָגנדיק די אָרנס פון זייערע אומגעקומענע כאַווירים. די אָרנס האָבן געטראָגן אַף די פּלייצעס מענטשן מיט טרערן אין די אויגן, באַגלייט פון פרויען; אייניקע האָבן יאָמערלעך געוויינט, אייניקע האָבן געשוויגן, נאָר די פּענימער זיינען געווען בלאַס און פאַרשטיינערט.

אָט שפּילט דער אָרקעסטער דעם לעוואַיע-מאַרש, און ווידער צע-טראָגט זיך אַ דונער-געזאַנג פון די מאַסן, וואָס שטייען מיט אָפּגעדעקטע קעפּ און זינגען מיט קוילעס טרויעריקע, אָנגעזאַפּטע מיט טרערן.

די פּראָצעסיע פון פאַבריק-ארבעטער פלעכט זיך דורך מיט סאָל-דאַטישע טיילן, וואָס טראָגן זייערע אָרנס, מיט עסקאַדראָנען, וואָס פאָרן אין פּאַראַד-אָרדענונג מיט אַרטילערישע באַטאַרייעס, די האַר-מאַטן אַרומגעוויקלט אין רויטן און שוואַרצן.

די פאָנען האָבן געפּלאַטערט און געטיינעט:

„לעבן זאָל דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל!"

„מיר פאָדערן אַן ערלעכן אַלגעמיינעם שאָלעם!"

## א. ווענויאַרקע

# ליקווידירן אַלס קלאַס

אין לייענשטיבל. דער צימער איז אָנגעפילט מיט פויערים און פויערטעס.

ל י י ק ע: . . . איז איצטער אַלץ שוין קלאָר, כאַווירים?

ש ט י מ ע ן: — קלאָר!

— אינגאַנצן קלאָר!

ל י י ק ע: קאָן מען שטימען?

ש ט י מ ע ן: — מע קאָן!

— שטימט אָפּ!

כ י י פ ע ץ: פאַרן אָפּשטימען, כאַווירים, ווייל איך נאָכאַמאָל דער-קלערן, אַז יעדער זאָל שטימען פריי, ווי זיין האַרץ זאָגט אים אונ-טער. קיין שום צווינגעניש קען ניט זיין אין דער קאָלעקטיוויזאַציע, קיין שום צוואַנג . . .

ש ו ל י ק: סוסליק!

כ י י פ ע ץ: זאָגסט עפּעס, שוליק?

ש ו ל י ק: כ'זאָג, סוסליק.

ש ט י מ ע ן: — שטימט!

— שטימט!

ל י י ק ע: ווער איז פאַרן קאָלעקטיוו — זאָל אויפהויבן די הענט! ווער איז קעגן? קיינער ניט! ווער האָט זיך אָפּגעהאַלטן? קיינער ניט! אָנגענומען איינשטימיק.

(סיווערט אַ פּאַטשעריי. לייקע זעצט זיך אַוועק. איר אָרט פאַרנעמט ניומע.)

נ י ו מ ע: איצט, כאַווירים, דאַרפן מיר צוטרעטן צו די איבעריקע צוויי פונקטן. אַנטבאַלעגופעוועז און טראַקטעריזאַציע. ווער וויל אַ וואָרט?

כ י י פ ע ץ: איך לייג פאָר, מע זאָל אַראָפּנעמען דעם פונקט וועגן אַנטבאַלעגופעוועז. אַלע האָבן געשטימט פאַרן קאָלעקטיוו. בא אונז איז קיין באַלעגוף ניט פאַראַן.

י א ש ק ע: איך שטיי אויך אַפן שטאַנדפונקט, אַז מע דאַרף אַראָפּנעמען . . . אייך, כאַווער כייפעץ, ניט דעם פונקט.

נ י ו מ ע: יאַשקע, האָסט ניט קיין וואָרט. ווער וויל אַ וואָרט וועגן דער פראַגע?

ג ו ט י ע: איך וויל אַ וואָרט!

נ י ו מ ע: אַ וואָרט האָט די כאַווערטע גוטיע.

ג ו ט י ע (זי גייט צו נאָענט צו כאַצקלען): איז בא איך פאַרפאַלן געוואָרן נאָך אין וויניצע מיינע אוירינגלעך, צי ניט! . . .

כ א צ ק ל: וואָס פאַר אַן אוירינגלעך?

ג ו ט י ע: אַ בראָך איז מיר אין האַרצן — ער ווייסט דאָך ניט, וואָס פאַר אוירינגלעך. די מאַשקאָנעס אַף צוואַנציק רובל!... כ'האָב אים אָפּגעצאָלט איינאונצוואַנציק . . . נאָר כ'האָב געדאַרפט באַצאָלן פערציק, זיינען זיי פאַרפאַלן געוואָרן, די מאַשקאָנעס, אַז פאַרמאַשקענען זאָל גאָט אַלע קולאַקישע נעשאָמעס!

נ י ו מ ע: כאַווײרים, מיר וועלן דאָס מאַכן איינפאַך . . . ווער עס וויל, זאָל אָנרופן אַ נאָמען פון אַ באַלעגוף, וועט אים די פאַרזאַמלונג באַהאַנדלען . . .

ג ו ט י ע: און אַז איך וויל אָנרופן אַ נאָמען פון אַ קולאַק?

נ י ו מ ע: אַ באַלעגוף איז אַ קולאַק, גוטיע.

ג ו ט י ע: אויב אַזוי רוף איך אָן כאַצקלען.

נ י ו מ ע (פאַרשרייבט): ווע‏מען נאָך רופט מען אָן? קיינעם ניט? איז בא אונז פאַראַן איין קאַנדידאַט פאַר אַנטבאַלעגופעווען. ווער וויל זיך אַרויסזאָגן?

כ א צ ק ל: איך וויל אַ וואָרט!

נ י ו מ ע: אַ וואָרט האָט כאַצקל.

כ א צ ק ל: איך וויל אַ וואָרט, אידן, אַ וואָרט וויל איך אייך זאָגן, אַז דאָס איז געמיין, בילבולים מאַכן אַף אידן . . . מיך מאַכן פאַר אַ באַלעגוף . . . פאַר אַ קולאַק! . . . וואו איז מיין באַלעגוף . . . וואו איז מיין קולאַק . . . וואו? איך האָרעווע מיט שוויים, אַ פרעמדן יאָסעם האַלט איך . . . גיב אים עסן, גיב אים שלאָפן . . . ער האָדעוועט זיך קראַליקעס בא מיר! . . .

נ י ו מ ע: ער אַרבעט ניט דערפאַר בא אייך?

כ א צ ק ל: וואָס קאָן אַרבעטן אַ צוציקל אַזאַ? דערצו אַ שוואַכס.

נ י ו מ ע: ער טוט אייך גאָרניט בא די פערד?

כ א צ ק ל: נו, טוט ער עפּעס בא די פערד. ער האָט גערן פערד.

נ י ו מ ע: און בא די קי?

כ א צ ק ל: ער האָט ליב בעהיימעס אויך.

נ י ו מ ע: און אין שטאָט מיט אייער פערד-און-וואָגן פאָרט ער ניט?

כ א צ ק ל: און אויב ער פאָרט אַמאָל אין שטאָט, איז וואָס? ער האָט ליב פאָרן, פאָרט ער.

נ י ו מ ע: ווער האָט צעאַקערט אייער גאָרטן?

כ א צ ק ל: דער גאָרטן? ווי גרויס איז דער גאָרטן אינגאַנצן?

נ י ו מ ע: און וואַסער טראָגט אייך ווער?

כ א צ ק ל: נו, עפּעס דאַרף דאָך אַרבעטן אַ אינגל . . . ווי ווייט איז דאָס אינגאַנצן צו דעם ברונעם?

נ י ו מ ע: וויפיל צאָלט איר שוליקן?

כ א צ ק ל: איך האָלט אים דאָך אינגאַנצן אויס.

נ י ו מ ע: צאָלט איר גאָרניט?

כ א צ ק ל: יאָ, ער עסט בא מיר, ער שלאָפט בא מיר.

נ י ו מ ע: וואָס גיט איר אים עסן?

כ א צ ק ל: אַלץ.

נ י ו מ ע: פלייש?

כ א צ ק ל: ער האָט ניט ליב קיין פלייש.

נ י ו מ ע: מילך?

כ א צ ק ל: ער קאָן ניט אָנזען קיין מילך. א טשודאַק א אינגל איז ער.

נ י ו מ ע: פּוטער?

כ א צ ק ל: ער נעמט קיין פּוטער ניט אין מויל.

ש ו ל י ק: פּוטער האָב איך ליב.

נ י ו מ ע: וואו שלאָפסטו, שוליק?

ש ו ל י ק: אין שטאַל.

כ א צ ק ל: אז ער איז א אינגל א טשודאַק, האָט ליב די פערד און קי.

נ י ו מ ע: האָסט ליב צו שלאָפן אין די שטאַלן, שוליק?

ש ו ל י ק: כ'האָב ניט ליב צו שלאָפן אין שטאַל. שפּינען זיינען דאָרט פאַראַן און סע שטינקט.

נ י ו מ ע: אויב אזוי, וואָס שלאָפסטו דאָרט?

ש ו ל י ק: ער לאָזט ניט שלאָפן אין דער שטוב.

נ י ו מ ע: פאַרוואָס?

ש ו ל י ק: ווייל ער האָט מיך פיינט. מיך און מיינע קראַליקעס.

נ י ו מ ע: און דו אים?

ש ו ל י ק: אויך.

נ י ו מ ע: פאַרוואָס?

ש ו ל י ק: ער האָט א גרויסע באָרד און רויטע אויגן.

ל י י ק ע: א צוציקל און ארבעט מער פון צוויי באַטראַקעס, דערצו איז ער נאָך א טשודאַק—בעהיימעס האָט ער ליב נאָר לעבעדיקע, זייער פלייש און מילך און פּוטער האָט ער פיינט. ער האָט גערן פערד, האָט ליב צו אַקערן און וואַסער שלעפּן. און געלט בא־קומען האָט ער פיינט. און שלאָפן האָט ער ליב מיט שפּינען . . . די זאַך איז קלאָר . . .

י א ש ק ע: מיר שטייען אַלע אפן שטאַנדפּונקט, אז דאָס איז געמיינע עקספּלואַטאַציע.

ג ו ט י ע: וואָס פאַר א פּלאַטאַציע, יאַשקעלע? א רויבער, א גאַז־לאָנישער מיט רויטע אויגן!

כ א צ ק ל (גייט צו צו שוליקן, רופט אים אָפּ אין א זייט): וואָס שטייסטו, שוליקל? דו דאַרפסט שוין גיין אין מאַקייעווקע . . . דו ווייסט וועלכע באַטע (שוליק שאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ) און

וועלכע קי געדענקסטו? (שוליק שאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ).
און וועלכע פערד געדענקסטו?

ש ו ל י ק: כ'געדענק.

כ א צ ק ל: נו, גיכער, גיי און נעם דיר אָפּן וועג אַן אוגערקע... מעגסט דיר נעמען צוויי... נו, גיכער, שוליק, גיכער... (באַגלייט אים אַרויס און קומט באַלד צוריק).

נ י ו מ ע: וויל נאָך עמעצער אַ וואָרט?

ב ע נ ד ע ט: כייקע! האָסט דאָך פאַר דער כאַסענע געדינגט באַ אים. וואָס רעדסטו ניט?

כ י י ק ע: אַ שווערער באַלעבאָס געווען. ער האָט מיך פון דער שטעלע אָפּגעזאָגט, ווייל כ'האָב זיך צום טיש געזעצט טרינקען טיי.

מ ו ל י ע: ריטע, דו וואָס רעדסט ניט? קענסט דען אים ניט פונדערהיים?

ר י ט ע: איך האָב ניט געדינט באַ אים, נאָר מיין קליינער ברודער האָט באַ אים געאַרבעט אין דער קליט, פלעגט ער אים באַזוכן פאַרן גיין אַהיים, און איינמאָל האָט ער אים געלאָזט בלוט פון נאָז.

נ י ו מ ע: **פאַרוואָס?**

ר י ט ע: ווייל מיין ברודער האָט אַרויסגעלאָזט אַ פויער פון דער קראָם.

ז א ל מ ע ן: איי, איי, איי, אַ איד! אַ וואונדער, ניט קיין איד!

נ י ו מ ע: ווער וויל נאָך אַ וואָרט, כאַווײרים? זאָל יעדער זאָגן, וואָס ער ווייס פון כאַצקלען. פאַר דער פאַרזאַמלונג דאַרף מען ריידן אָפּן.

ז א ל מ ע ן: אויב מע דאַרף אַף דער פאַרזאַמלונג ריידן אָפּן, וויל איך אויך אַ וואָרט...

נ י ו מ ע: זאַלמען האָט אַ וואָרט...

ז א ל מ ע ן: אַ איד איז דאָס אַ מאָדנער, מיך האָט ער פאַרפירט. איך האָב געהאַט אַביסל ווייץ און געוואָלט פאַרקויפן דער קאָאָפּעראַציע, איז ער צו מיר געקומען (מאַכט נאָך כאַצקלען): ניט זיי קיין שויטע. וואָס גיבן זיי? — אַ פייג? פאַרקויף עס בעסער מיר. זאָג איך: רעב כאַצקל, ס'איז דאָך קאָאָפּעראַציע, אונזער וולאַסט, ס'איז ברויט-פאַרגרייטונג, די ראַטנמאַכט האָט אונז געגעבן ערד, דאַרפן מיר ניט זיין קיין כאַזיירים. זאָגט ער: אידיאָט, איך וועל דיר געבן טאָפּלט, וויפיל ס'גיט די קאָאָפּעראַציע. קינדער האָסטו? לעבן דאַרפסטו? זאָג איך: נו, מיילע, טאָפּלט איז דאָך טאָפּלט... קוקט ניט בייז אַף מיר. איך ווייס, כ'האָב שלעכט געטאָן, נאָר קינדער האָב איך? לעבן דאַרף איך? און טאָפּלט גיט ער... האָב איך אים פאַרקויפט, און ער — אַ איד אַ מאָדנער, שטיין און ביין האָט ער געלייקנט און געגעבן נאָר

צו האַלבע קערבלעך מערער אַפן פּוד. אַ קולאַק אַ מאָדנער אַט־
דער באַצקל.

מ י ש ע: איך פאַרלאַנג אַ וואָרט.

נ י ו מ ע: אַ וואָרט האָט מישע.

מ י ש ע: אין אַ קאָלעקטיוו, כאַוויירים, איז ניט די ערד און קי און פערד דער איקער, ניט דער שוטפעס פון דער אַרבעט, ניט דער שוטפעס פון מאַכשירים, ניט דער שוטפעס פון פּראָדוקטן איז דאָס וויכטיקסטע. אין אַ קאָלעקטיוו, כאַוויירים, איז דער איקער גאָר אַן אַנדער שוטפעס — דער שוטפעס פון די מענטשן, דער שוטפעס פון די הערצער; דער קאָלעקטיוו דאַרף מאַכן פון די מענטשן איין מישפּאָכע, דער מענטש זאָל האָבן ליב דעם מענטשן, — אָט וואָס ס'איז וויכטיק! און איר וואָס טוט? איר הייבט אָן דעם קאָלעקטיוו מיט האָס, מיט פיינטשאַפט, מיט דער פאַרניכטונג פון אַ מענטשן. איך זאָג דאָס ניט דערפאַר, ווייל באַצקל מאַכלעס איז מיין טאַטע, נאָר ווייל איך וויל דער־מאָנען אייך און וואָרענען: געדענקט, דער איקער איז דער שוט־פעס פון די מענטשן.

ל י י ק ע: כאַוויירים, דאָס וואָס מישע האָט געזאָגט, איז אינגאַנצן ריכטיק. אין אַ קאָלעקטיוו דאַרפן אַלע זיין ווי איין מישפּאָכע, ליבן איינס דעם צווייטן. דעריבער טאַקע נעמט מען ניט אָן אין קאָלעקטיוו אָט די שפּינען, די קולאַקעס, די, וואָס זוכן מיט די אויגן נאָר אַ ווינקעלע, וואו צו קענען רויבן. אַזעלכע שפּינען דאַרף מען האָסן און פאַרניכטן ווי אַ קלאַס. ווען מע זאָל אַזעלכע באַצקלס נעמען אין די קאָלעקטיוון וואָלט געווען שוין אָך און ווי צו די דערגרייכונגען, וואָס מע וואָלט געהאַט!

נ י ו מ ע: ווער וויל נאָך אַ וואָרט?

מ אָ ר ד כ ע: איך.

נ י ו מ ע: דאָס וואָרט האָט מאָרדכע.

מ אָ ר ד כ ע: כאַוויירים, איך בין שטאַלפּיק אַפן לאָשן . . . נאָר אַ אידישער פּויער בין איך, קאָפּע מיט דער נאָז אונזער האַרטע ערד . . . יאָ, אַנטקעגן וואָס זאָג איך? באַצקל איז אויך אַ איד... אַ לייביקער . . . און טאַקע אַ האַרטער איד אויך . . . נו, איז ער דאָך קיינמאָל ניט געווען דאָס, וואָס מיר . . . ער איז נאָך אינדערהיים געווען אַ שיינער איד, אַ באַלעבאָס, אַ סויכער . . . און מיר וואָס? . . . נו, יאָ, קולאַקעס זיינען קראָפּיווע, און מיטן וואָרצל דאַרף מען רייסן קראָפּיווע, עס זאָל ניט וואַקסן מערער... יאָ, נאָר אידן זיינען מיר . . . איך בין שטאַלפּיק אַפן לאָשן, נאָר עפּשער דאַרף מען ניט אַ איד צעברעכן? . . . האַ, כאַוויירים, ווי מיינט איר?

ג ו ט י ע (שפּרינגט אַרויס): אַ איד צעברעכן? אַ איד אזא זאָל ברעכן יעדן גליד!

נ י ו מ ע: גוטיע, איר האָט ניט קיין וואָרט.

ג ו ט י ע: פאַרוואָס האָב איך ניט קיין וואָרט?

נ י ו מ ע: ווייל איר האָט ניט געבעטן.

ג ו ט י ע: פאַרוואָס מוז איך בעטן? אַז בעטן זאָלן די קולאַקעס אַף זיך דעם טויט! איך וויל אַ וואָרט!

נ י ו מ ע: כאַווערטע גוטיע האָט דאָס וואָרט.

ג ו ט י ע: ער איז דאָך דער גרעסטער קולאַק, כאַווײרים, און אַ באַלע-גוף אויך, און אַ גאַזלען אויך, און מײנע אוירינגלעך האָט ער בײַ מיר אויך צוגערויבט . . . און ער איז מיט זײַן באַרישניע און מיטן זונדל בײַם טיש געזעסן בײַ אַ סאַמאָוואַר מיט וואַ-רעניע . . . און איך האָב די שפּײַעכץ געשלונגען . . . ס'איז ניט-הײַנט-געדאַכט דער הונגער געווען. האָב איך געבעטן: רעב כאַצקל כאָטש איין רובל באָרגט מיר נאָך, די אוירינגלעך זײַנען ווערט זעקס צענערלעך . . . פֿאַר די קינדער דאַרף איך ברויט. האָט ער טיי געטרונקען, דערטרונקען זאָלן די קולאַקעס ווערן אין אַ לעפל וואַסער, וואַרעניע געעסן, אַז ווערים זאָלן די קולאַ-קעס עסן, די לאַנגע באָרד זיך געגלעט און געזאָגט: בײַ מיר איז ניט קיין באַנק . . . די באָלשעוויקעס האָבן די בענק צו-גענומען . . . און איך בין אַוועקגעגאַנגען. (צעווײנט זיך) און הינטער דער טיר געוויינט. אַ גאַזלען איז ער, אַ שטיינערנער קולאַק, אַ שטיינערנער.

ל י י ק ע: כאַווײרים, די זאַך איז קלאָר. כאַצקל איז דער באַלעגוף אין אונזער דאָרף. ער עקספּלואַטירט אַ באַטראַק, אַ מיל האָט ער אַן אייגענע.

כ אַ צ ק ל: ניט מײַנע איז די מיל.

ג ו ט י ע: מײַנע עפּשער?

כ אַ צ ק ל: זי איז כאַנקעס. כאַנקע איז אַ מילנערן אַ קוסטאַרקע.

ל י י ק ע: בעהיימעס האָט ער פינף.

כ אַ צ ק ל: בעהיימעס האָב איך צוויי.

ג ו ט י ע: וויפיל?

כ אַ צ ק ל: צוויי. (גוטיע כאַפּט זיך פאַרן בויך. אַלע לאַכן). איך האָב געהאַט בײַ זיך דריי פערעמדע קי, האָט מען זיי שוין צו-גענומען.

ל י י ק ע: און וויפיל פערד האָט איר?

כ אַ צ ק ל: איינס.

ג ו ט י ע: איינס — אוי, אַ בראָך צו מיר!

כ אַ צ ק ל: כ'האָב פרעמדע פערד געהאַט בײַ זיך, האָט מען צו-גענומען . . .

(עס פראַלט זיך אויף די טיר און שוליק קומט אַריין מיט אַ גרויסער פּאַסטעך-בייטש. נאָך אים שטעקט אַ קאָפּ פון אַ פערד.)

ש ו ל י ק (גיט אַ קנאַל מיט דער בייטש): טפּררר! (ער גייט צו צו לייקען. כאַצקל, אַ צעטומלטער, וויל צולויפן צו אים און האַלט זיך צוריק. שוליק דערציילט עפּעס אין דער שטיל לייקען).

ל י י ק ע: אַ וואָרט פּאַר אַ דערקלערונג האָבן כאַצקלס דריי בעהיימעס און צוויי פערד . . . זיי שטייען אין דרויסן. נאָר אַזוי ווי די בעהיימעס קענען ניט קיין אידיש, וועט אין זייער נאָמען ריידן שוליק. נו, דערצייל אונז, שוליק.

ש ו ל י ק: כ'האָב דיר שוין דערציילט.

ל י י ק ע: אַלעמען דערצייל.

ש ו ל י ק: דו דערצייל.

ל י י ק ע: כאַצקל האָט פאַרקויפט דער קאָקאָשקינאַ, אַ באַלעגופּעכע פון וויאַזמע, צוויי פערד און דריי בעהיימעס.

ש ו ל י ק: אינדערפרי וועט די שטאָט אַ שטיקל פריש פלייש דער-שמעקן.

ל י י ק ע: שוליק האָט געדאַרפט די קי ברענגען קיין מאַסקייעווקע.

ש ו ל י ק: צו דער ערשטער כאַטע.

ל י י ק ע: האָט ער זיי געבראַכט צו אונז אַף דער פאַרזאַמלונג. (עס ווערט אַ פּאַטשעריי). איך רעכן, אַז מיר האָבן שוין גענוג גע-רעדט. די בעהיימעס האָבן ס'לעצטע וואָרט.

(סיווערט אַ גערודער. טייל לאָזן זיך אַרויס צו די בעהיימעס).

כ א צ ק ל: וויל איך אַ וואָרט!

ג ו ט י ע: גיב ניט, ניומע, זאָל ער אָפּגעבן די אוירינגלעך.

נ י ו מ ע: אַ וואָרט באַקומט כאַצקל.

כ א צ ק ל: קוילען ווילט איר? און איך וועל קוילען זיך ניט לאָזן... איך האָב דריי און פערציק יאָר שוין אָפּגעלעבט. אַזעלכע ווי איר זיינען באַ מיר געשטאַנען הינטער דער טיר . . . ניין, ניט דאָס האָב איך געוואָלט אייך זאָגן . . . כ'וויל זאָגן אייך, כאַ-ווירים, אידן . . . זייט אידן . . . די סאָוועטסקע וולאַסט רוידעפט ניט קיין אידן . . .

ב ע נ ד ע ט: אַזעלכע אידן ווי איר רוידעפט זי.

כ א צ ק ל: העי, בענדעט, דו ווייסט אויך שוין, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט אין הימל. און אויב ס'איז יאָ פאַראַן, האַ? און אויב ער וועט אַ דריי טאָן ס'רעדל אַף צוריק, האַ? פּאַר די גאָרגלען וועל איך דעמאָלט האַלטן! פּאַר די גאָרגלען!

ש ט י מ ע ן: — זאָל ער פאַרמאַכן דעם פּיסק!

— וואַרפט אים אַרויס פונדאַנען!

— קולאַק!

— גאַזלען!

נ י ו מ ע: כאווירים שטילער! מיר וועלן באלד פארענדיקן.
כ א צ ק ל: כאווירים, ניין, ניט דאָס האָב איך געוואָלט אייך זאָגן...
כ'האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אז איר זייט דאָך אידן, און איך בין
אויך א איד, צוזאמען האָבן מיר געליטן גאָלעס, ביז ס'איז א
ראַטנמאכט געקומען!
ש ט י מ ע ן: — געגנוג!
— געגנוג גערעדט!
— מיר דארפן ניט קיין קולאקעס!
נ י ו מ ע: כאווירים, רואיק! שטימט: ווער איז דערפאר, אז כאצקל
איז דער באלעגנוף פון אונזער דאָרף?
י א ש ק ע: און מע דאָרף אים ליקווידירן אלס קלאַס!
נ י ו מ ע: זאָל הייבן די האנט!
ש ט י מ ע ן: — אנטבאלעגופעווען!
— ליקווידירן אלס קלאַס!
נ י ו מ ע: ווער איז דערפאר, אז כאצקל ווערט אנטבאלעגופעוועט?
ווער איז קעגן? קיינער ניט! אָפּגעהאלטן? צוויי. אָנגענומען!

## מ. שטורמאַן

### ר ו י ט א ַ ר מ י י

אַן אָפּדערנאכט
דורך בינאָקלען פון ליכטיקע שטערן
זעט ווי דאָס כאיעל פון וועגן
צו וועלדער צו אלע
סע יאָגט.
זעט: אין א מידקייט א שווערער
אונזער באטאליאָן זיך
צו אלע האָריזאָנטן טראָגט.
דעם גאנצן וועג
מען הערט ניט קיין קאָמאנדעס,
אין שווערן שטילשוויייגן
הערן מיר,
דעם אָפּהילך
פון אונזערע טריט
ערגעץ אין אונז,
ווי מיר,
דאָס מונטער געזאנג אונזערס

שפּאַנט עס,
ערגעץ אין אונז,
ווי מיר
גייט עס מיט אַלעמען מיט.
ביז סע גיט זיך
אַ רים אַרויס
אין דער נאַכט אַריין.
און אונזער בלוט
זיך צעשטראַלט, צעברויזט
מיט לידער, מיט שלאַכטישע,
ווייטיקן שטרעקעס מיט אונז
און עס ווייטיקן שטערנשע וויאָרסטן,
און עס ווייטיקט אַ בלוי:

און אומעטום
לאָזט אַראָפּעט אַ הימל
די בערג זיינע שווערע פון טרויער.
אַ הימל אַ יונגער,
אַ הימל אַ גרויער,
אַ הימל,
וואָס אַ לעוואָנע אַ ליכטיקע האָט שוין:
אַ לעוואָנע-נאַכט
אַרויף אַ באַרג מיר פירן,
אַף גרויסן שליאַך
מיט אַלע אונז זי שפּאַנט.
קאָמאַנדירן, קאָמאַנדירן, קאָמאַנדירן,
אַ סווישטשעריי און לידער נאָכאַנאַנד.
אונז אויבן,
אויבן אַ לעוואָנע ציילט,
מע שפּאַנט,
מע שפּאַנט,
מע שפּאַנט.

דעם גאָרן סטעפּ
דערמאָנען מיר
פרונזעס פעסטן טראָט.

דער פלאַך, נאָענט-פרעמדינקע
סע שלאָפט,

סע רוט די מי.
א וואַלד אין קלײדער דעמבענע
שטײט דאָ אַף די קני.

נעמען מיר א דאַרף אַרום
מיט א או - כאַ,
או - כאַ - כאַ

מיט א נאַכט, לעוואָנע-נאַכט,
מיט לידער נאָכאַנאַנד,
פֿאַראויס צו אַלע לאַגערן,
פֿאַראויס, פֿאַראויס מע שפּאַנט . . .

## ע. פֿינינבערג

# באַם דניעפּער

### 1

געקומען מיט שווערדן מיט בלויזע טשעטשענצעס א מיע
צום שטיבל, וואָס לעבן דעם דניעפּער, צום פישער פון דניעפּ,
אַלעקסייעוו.

סע האָבן טשעטשענצעס געשלאָגן, אזש טאָפּלעלעך האָבן געקלונגען:
— „אַלטער, וואו זײנען די יונגען? באַ רויטע געוועזן דײנע יונגען!

געגאַן דײנע באָנים מיט פאָנען אַף גאַסן פון קיעוו!
גיב זיי אונז, אַלטער, די באָנים, אַף שפּיז און אַף טליע!..."

געוויינט האָט דער אַלטער: „צו מיר, אַלעקסעיעוו, דעם פישער,
צום הילצערנעם שטיבל — באַם דניעפּ, באַ וואַסערן פרישע,

וואָס זײט איר, טשעטשענצעס, געקומען? וואָס ווילט איר, נאַראָנים?
האָב איך דען, אַלטער, צו שאַפן אַף יונגען, אַף באָנים?

קאָן איך דען וויסן, וואו בלאָנקען זיי ערגעץ, די רוכעס?
ס'איז דאָך ווי ווינט אין א פעלד: גיי, פּאַק עס, גיי, זוך עס!..."

מיט פויסטן מיט אייזערנע, קאַנטשיקעס בלייערנע, שאַמפּאַלן שווערע
האָבן טשעטשענצעס דעם פישער דעם אַלטן צענערעקט,

סע האָבן טשעטשענצעס דאָס הילצערנע שטיבל צעבראָכן,
אוועקגעפירט האָט זיי נאָך באָנים דעם פישערס אַ שאָכן:

— „ער וועט זיי, דער שכן, געפינען, ער וועט זיי דערקאָנען.״
און — ר׳האָט זיי געפונען, און מ׳האָט זיי געפאַנגען, די באָנים...

אין זייטיקער קאַמער, אין הויפל אין שטילן, אין אַרבעטער-געסל —
בא אויפרופן, פּולווער און באָמבעס, דאָרט זיינען די באָנים געזעסן.

קריכט טשעטשענעץ, פאַרלאָקנט און פליט ווי אַ וואָלף אָן,
סע האָבן די סאָנים געשאָסן, נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן.

זיי זיינען געבליבן פאַרכאַלעשט, אין בלוט און אין וואונדן
און מ׳האָט אַלע דריי זיי געכאַפּט און פאַרקניפּט און פאַרבונדן.

געזען האָט ווינטער-פרימאָרגן, געזען דער בארג האָט,
ווי מ׳האָט אַלעקסייעווס דריי באָנים, דריי רויטע געהאַרגעט.

אין בלאָטע, צופוסנס דעם בארג ביזן טאָג ביזן מיטן
זיינען די באָנים געלעגן צעבראָקט און צעשניטן.

ווען זון קוים דערוואַרעמט די שטאָט און דעם בארג און דעם
סטעפּ האָט —

האָט מען די באָנים צו ווײדלען פון פערד צוגעטשעפּעט.
„פליט, פערדעלעך, פליט״ — און אַוועק זיינען פערד מיט דער מאַסע,

אוועק איבער קיעוו דער שטאָט, איבער גאַס, איבער גאַסן.
געוואַשן און אויפגעראַמט, ציכטיק און גלאַנציק און גלאַטיק,

אַ ליכטיק-קרישטאָלענער שפּיגל דער קיעווער קרעשטשאַטיק.
אַף קיעווער קרעשטשאַטיק אַ ראַש, אַ געלאַף און אַ היץ איז:

גאָלד-עפּאָלעטן און שווערדן און פּריצים און פּריציעס,
אַרום זיינען איידעלע טעכטערלעך, פּריצישע מיידלעך:

— „סע שלעפּן דריי רויטע, פאַרשאָלטענע רויטע, דריי פערדישע
ווײדלען!״

אַף קיעווער קרעשטשאַטיק, אין מיטן האַמוין אין צוקוקער-רייע
געשטאַנען באַם סלופּ איז דער פישער פון דניעפּר — אַלעקסייעוו.

געקוקט אַף די פערד, אַף די זין, אַף האַמוין און אַף שטאָקן,
**זיין גרייז-גראָע באָרד האָט זיך קאָם-קאָם געטרייסלט,** געשאָקלט:

—ער דאַרף ערגעץ גיין. ער דאַרף עפּעס אויפטאָן, ער מוז ערגעץ מאָנען,
דער פישער פון דניעפּר, אַלעקסייעוו, דאָס בלוט פון די באָנים!...

## 2

דער דניעפּר איז נאָך אַלץ ניט פאַרפרוירן... אַף יענער זייט בריקן
שטייען אין מעכטיקע מאַכנעס די זין פונם פאָלק — באַלשעוויקעס.

— „וואָס דאַרפסטו?" — „דו, פריינט, רויטאַרמייער, דו פיר מיך,
דו פיר מיך צום עלטסטן, אַריינברענגט צו דיין קאָמאַנדיר מיך,

זאָג אים: פון קיעוו דער שטאָט איז אַ פישער אַנטרונען,
און זען אים וויל ער, און שמועסן דאַרף ער פון וויכטיקן איניען."

דער דניעפּר איז נאָך אַלץ ניט פאַרפרוירן... מע וואַרט, קאָמאַנדירן,
ס'זאָל אָנקומען פראָסט און זאָל נעמען דאָס וואַסער פאַרפרירן.

דאַן וועט מען דעם באַרגיקן קיעוו מיט באָמבעס צעבויטן,
דאַן וועט מען צעשפּרייטן אַף קיעוו די פאָנען די רויטע.

נאָר דניעפּר ווערט נאָך אַלץ ניט פאַרפרוירן... ס'פאַרציט זיך און
ס'דויערט...

קוקט קאָמאַנדיר אַפן פישער: — „וואָס ווילסטו דאָ, פויער?"

— „איז וויסן זיי איצט, קאָמאַנדיר, סע זאָגט דיר אַ פישער:
פאַראַן איז, פאַראַן אַפן טייך איז אַן אָרט אַ געוויסער,

וואו ליכט שוין באַדעקט איז דאָס וואַסער מיט הייטל פון קרירע,
איך, פישער, איך נעם זיך קיין קיעוו אייך איבערצופירן"...

קוקט קאָמאַנדיר אַפן פישער, דער בליק זיינער בויערט:
— „דו זאָג אויס דעם עמעס דעם ריינעם, דו נאַרסט אונז ניט, פויער?"

— „איך בין אַ פישער פון קיעוו. זיי האָבן, טייוואָלאָנים,
זיי האָבן אין קיעוו געהאַרגעט, געשענדט מיינע באָנים.

איך בין אַ פישער פון דניעפּר, אַלעקסייעוו — מיין נאָמען.
בלויז איינס איז מיר איצטער פאַרבליבן: בלויז נעמען נעקאָמע.

— „באַ בלוט פון די יונגען, געקוילעטע יונגען, דאָ שווער איך.
גלויבסטו נאָך אַלץ ניט? דו דאַרפסט, קאָמאַנדיר דען נאָך מערער?"

האָבן געלאָזן דעם פישער דעם אַלטן די „גרויסע",
ביז אַפן טייך וועט אַראָפּפאַלן נאַכטישער כווישעך.

אַז אין דער הויך פון טייך וועט זיך אויסלעשן די שקיע,
וועט ער, דער פישער, דער אַלטער, זיי פירן קיין קיעוו!...

3

האָט אָפּגעבערענט שקיע אין ווייטן, איז פינצטער געוואָרן.
שטעלט זיך אַ מאַכנע אין רייען. סע שטייט אַלעקסייעוו פונפּאַרנט.

גייט מען. מען קומט אָן צום אָרט. דאָס אָרט איז דאָ קאָם-קאָם פּאַרפּרוירן.
— „פּריינט רויטאַרמייער, ט-דאָ—און מיר וועלן אריבער אָן מוירע !...״

ציטערן לייבער באַם טייך: אַ שפּאַן—און דערטרונקען דאָ ווערסטו !...
לאָזט זיך דער פּישער דער אַלטער אַף אייז קאָם פּאַרשטייפטן,
דער ערשטער.

גייט מען. אַ מענטש נאָך אַ מענטש. מע צעציט זיך אין קייטן.
סע פּלאַטערט דאָס אייז, נאָר מע גייט, נאָר מע גייט צו דעם ברעג
צו דעם צווייטן.

סע ברעקלט דאָס אייז זיך. אַ רעגע — און ס׳וועט זיך צערייסן.
נאָר מ׳רוקט זיך, מע רוקט זיך צו קיעוו דער שטאָט, אַף די ווייסע !

מיט ביקס אין דער האַנט און מיט הארטן, פאַרגליווערטן צאָרן.
דער פּישער דער אַלטער פון דניעפּר — אַלעקסייעוו — פונפּאַרנט.

ס׳צעפּאַלט זיך דאָס אייז, נאָר מע גייט, מ׳האָט דעם אָטעם פאַרטייעט:
אין פינצטער, אַקעגן, אַף בארג דאָרטן דרימלט די כאַיע.

אַ שאָרך ט׳זי דערהערן — מיט הילכיקע באַמבעס פאַרשפּייט זי, —
ציט זיך אַ מאַכנע אין פינצטער... דער ברעג איז ניט ווייט שוין !

ס׳צעשיט זיך דאָס אייז אונטער פיס. מ׳הערט די וואַסערן רינען.
אַף פינצטערע בערג אַרום קיעוו ווערט גרוי אַף באַגינען.

סע כליופּעט דאָס וואַסער.. צום ברעג נאָך אַ ווײַלע, אַ ווײַלע...
דער ברעג !... און אַף שאָמרים אַרויף !... און פאַרשטאָפּט זיי די מײַלער !...

פון פינצטערע בערג, וועלכע האָבן דעם אומגליק פאַרשלאָפן,
אַרויס איז אַ קוויטשיקע באָמבע, אין אייז, וואָס פאַרביי מ׳איז,
געטראָפן.

אַף אייז, וואָס פאַרביי מ׳איז, צעגיסט זיך, צעשטראָמט זיך דאָס
וואַסער.
נאָר ס׳פליט שוין אַף פינצטערע בערג מיט ניצאָכן-געשרייען

אַ מאַכנע מיט פאָנען, אַ וואָלקן מיט יונגען, אַ פאָלק רויטאַרמייער.
סע שטורמען שוין ברודערשע פאָלקן די אייזערנע בריקן :

— „הורא״ און „הורא״ און „פּאַרנעם זיך, דעניקין!...״
אין גרויסער בעהאָלע אין ווייסטער מאַפּאָלע, אין פּאָלקן צעזייטע
די גאָלד־עפּאָלעטן פון בערג אַרום קיעוו שוין מאַכן די פּלייטע...

4

ווייען די פּאַנען די רויטע אַף קיעווער קרעשטשאַטיק,
רוען אַף שטיינער פון די גאַסן די זיגער די מאַטע.

אינמיטן גאַס קאַנאַנען פאַרבלוטיקטע שטייען.
אין ראָד רויטאַרמייער, אַף שטיינער פון גאַס — אַלעקסייעוו.

דער קאָפּ צוגעטוליעט צו אייזערנער וואַנט פון קאַנאַנע:
— ניטאָ שוין קיין הילצערן שטיבל, ניטאָ שוין קיין באַנים.

נאָר אַף שטרעקעס אַף גרויסע צום קרעמל זיך טראָגט אַ יעדיע:
קרעמל, זיי ווייסן, זיי ווייסן, גענומען איז קיעוו!

## דאָוויד האָפּשטיין

# אין זאַוואָד

(די כאַוויירים אין דניעפּראָסטראָווסק געווידמעט)

עס האָט זיך פאַרטראַכט די זאַוואָדישע טיר —
איך בין שוין מיט זיי און איך היים בריגאַדיר,
און איך אויך, און איך אויך
בין אין רויש, בין אין רויך,
און איך אויך בין אין טאַט,
איך בין ניט נאָר אין וואָרט,
און אויך איך האָב אַן אָרט
און קימאַט
באַם וואַרשטאַט!

מיר שפּאַנען . . .
די הויבערס,
די קראַנען
פון אויבן
באַטראַכטן די קליינע כאַווראַיע.

מיר פרעגן.
מיר שטייען אַ רעגע
און גייען פאַרביי.

מען ווייכט דעם מעטאַל
און מען בויגט
און מען קנייטשט
און מען באַרט
און מען ציט
און מען פיילט
און מע טרייבט,
און מע קלייבט
די שוין פאַרטיקע טרויבן . . .

און אַ טור
נאָך אַ טור,
און מע איילט
און מע איילט
און פון מידקייט
קיין שפור . . .
און ס'איז נאָך ניט גענוג
און וואָס קאָן אונזער קוק,
ווי ער איז ניט געטריי
אָט דאָ העלפן ? . . .

אַלעוואַי :
אונזער קוק דער געטרייער
זאָל אין הערצער אין שטרענגע
אַ טראָפּנדל ברענגען
פון מונטערקייט נייער !
מיר פרעגן.
מיר שטייען אַ רגע
און גייען פאַרביי,
אַלעוואַי, אַלעוואַי . . .

---

איך גיי ווייטער, עס ברענען די זוילן :
אָט וואָס קאָן מען, וואָס דאַרף מען דאָ טאָן ?
איך בין גרייט ניט צו זינגען — צו הוילן :
ס'איז אַ דורכרייס אַפן פראָנט פון טשוגון,
ס'איז אַ דורכרייס אין פראָנטן פון קוילן !

איז ניטאָ דען קיין קלאַנגען וואָס צישן,
וואָס צעשמעלצן, צעפליסן דאָס וואָרט,
מען זאָל קאָנען אָט דאָ עס פאַרמישן,
עס זאָל דאָ זיך פאַרדינען אַן אָרט,
באַ די אויוונס און שטאָלענע טישן?

אַך, ווי נעמט מען די שטאָלענע קלאַנגען,
ווי מעטאַל, וואָס דאָ גליט אַזוי הייס,
אַזוי רויט, ווי די אייזערנע שטאַנגען,
און גערעכט, ווי דער בלוטיקער שווייס,
יואָס אָט דעם בריגאַדיר האָט באַהאַנגען!

וואָס באַטייט זי, די קליינע געמיינדע,
דער זינגערשער, מינטערשער צעך,
מיר אַזוינע, מיר שרייבער, מיר ריידער
קעגן אייליקן, שווייסיקן פעך,
וואָס באַשפּרענקט אָט די שווערע אַוואַוידע!

## הערשל דובינסקי

## אָקטיאַבער-מאָטיוו

לאָמיר זינגען, ס'זאָל דערהערן
ווייטסטע ערד:
פופצן יאָר שוין רויטער שטערן
זיגרייך ברענט!

פופצן יאָר שוין אַז איין זעקסטל
יובלט רויט.
ביז די גרענעצן די עקסטע
בליט און בויט.

וויפיל פייערדיקע קריגן —
בלוט און פעך?!
ס'זיינען מיר אַרויס די זיגער
פון געפעכט!

מיר פאַרנעמען יעדע פעסטונג
באַ די פיינט,
אין געיאָג גיגאַנטן גרעסטע
שפּאַנען איין.

יענעם פלאַקער מיר דערמאָנען,
יענעם בראַנד, —
וויפיל בלוטדאָרשטיקע סאָנים
נאָך פאַראַן!

ס'איז געפּרואווט שוין אונזער ערד
צום ברען און ברויז;
ווי צו יענעם,
ווער ס'וועט אויפהויבן אַ פויסט!

יענער פייער פון אַוואָראַ
נאָך פאַרהיט.
ס'איז נאָך הייס פון יענע יאָרן
אונזער ליד.

לאָמיר זינגען, ס'זאָל דערהערן
ווייטסטע ערד;
פּופּצן יאָר שוין רויטער שטערן
זיגרייך ברענט!

ה. בלאָשטיין

# כ'האָב היינט געלאַכט

כ'האָב היינט געלאַכט, געלאַכט פון גאַנצן האַרצן,
ווי ס'לאַכט אַמאָל די זון אין פרילינגשן באַגינען;
— אַ באַנדע פּאָליציי
מיט פייניקונג און קאַרצער
האָט מיך אַרומגעזוכט —
און נישט געקענט געפינען.

דעם אַרבעטער-קוואַרטאַל, דעם שטויביקן און גרויען,
אַ גאַנצע נאַכט
געטרייסלט באַ די האַרט-פאַרהאַרעוועטע אַקסלען;
געפרעגט אַף מיר באַ יעדן טיר און טויער;
ווי שוואַרצע סלופּעס
באַ די פענצטער אויסגעוואַקסן . . .

און איך —
מיט מאָגן איינגעשרומפּן-שמאָלן
(ווי בירגערלעכע דיכטער-האָריזאָנטן),
ביז גאָר געווען פאַרנומען יענע נאַכט
מיט מאָלן,
מיט פּוצן הייזער אומבאַקאַנטע.

כ'האָב אין רייכסטן צענטער אומגעבלאָנדזשעט,
און אַף ריזיקע געביידעס אָנגעמאָסטן —
אַנשטאָט די הערבנדיקע אויפשריפטן
אין בראָנזע —
פּאַסן לייוונט, פּלאַמיקע און פּראָסטע . . .

שפּרייזט דאָך אום אין גאַס און פעלד
דער הונגער —
וואַקסן מיר געדיכטע אַף טריקנדיקע בייטן —
דאַרף מען שטאָט פאַרפּוצן און פאַריונגערן,
דאַרף מען דירעס פּאַסיקע פאַרגרייטן!

דאָ „רעווקאָם"
און דאָרט „רעוושטאַב" און „נאַרקאָמאַטן",
און באַם העכסטן פּאַלאַץ אַפן גאָרגל,

אפן טורעם,
קריץ איך אויס „פראָפּראָט" און —
ציפּער, ציפּער פונעם „פּינפּיאָר".

און באַם גאָלד-טרעסט,
צווישן אַלע ווייזערס
פונעם אינטערנאַציאָנאַלן זייגער —
כ'שטעל אריין א רויט-ארמייער
מיט א מאוזער,
מיט די פיס אַף א
ציילנדערדיקן פייגער . . .

כ'האָב געמאָלט און האָב געפּאַסט,
און האָב געפּענטעט
אַלטע ווענט מיט רויטע פּאַסן לייוונט . . . —
האָט געשיינט
און האָט געברענט
דער רייכסטער צענטער
אין די לייטערדיקע פלאַקערן
פון ניי-וועלט!

און איך האָב
אַף „ראפינירטן מילכוועג"
וועלט צעלייגט אַף
קאָמינטערנישן קאָנווייער.
האָב איך נאָכדעם הויך געלאַכט
און הילכיק
פון די שוואַרצע, בלינדע
פּאָליצייער.

## פינף מינוט פאַר צוועלף

ס'איז פינף מינוט פאר צוועלף. —
ניטאָ שוין מער קיין ווינקעלע פאר סאמעטענער רו
אַף גאָר דער ערד.
באַלד דעקט שוין קליינער ווייזער גרויסער צו,
מיט שפּיץ פארשארפטן ווייזנדיק ארוף,
אָ, ברידער, הערט! —

פון אַלע זייטן שאַלט אַ שטורעמדיקער רוף:
— שטיי אויף
און העלף,
און וואַרף אין אָנגריף זיך:
קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ!
עס שלאָגט די שאָ —
ס'איז פינף מינוט פאַר צוועלף!

ס'איז פייער אונזער וואָרט,
ס'איז פייער אונזער בלוט,
מיר פלאַקערן אין גאַס,
מיר פלאַקערן אין טפיסע,
מיר פלאַקערן וואולקאַניש אונטער דר'ערד, —
ניטאָ שוין מער קיין אָרט
פאַר סאַמעטענער רו,
פאַר פלאַפלערייען קריינקלעכע און זיסע!
זאָל זיין געבענטשט דער פייערדיקער שווערד
פון אונזער האַס,
אין בלוטיקן געפעכט מיט וואָיענדיקע וועלף,
אין נאָך ניט אויפגעטאָגטע וועלדער פון דער ערד —
ס'איז פינף מינוט פאַר צוועלף!

אין גרויסן מאַרש,
אין ליכטיקן און שווערן,
עס וועלן באַלד אַרויסגיין אַלע זייטן פיר פון וועלט.
אַ פלאַמענדיקן גרוס דיר,
קאָמינטערן!

מיר גייען זינגענדיק צום בלוטנדיקן פעלד,
וואָס שפּרייט זיך אויס ביז אונזער יעדן שוועל...
און יעדער האַרצשלאַג פיבערט אויס מיט פרייד און ווײ
אַזאַ פאַרצאַפּלטן געשריי:
— ס'איז פינף מינוט פאַר צוועלף!

## אין אָט די טעג

באַגינען קומען די פּיאָנערן פון מיין קלאַס
און רינגלען אומרואיק אַרום מיך, און זיי פרעגן:
— נו, לערער, וואָס וועט זיין? — מע רעדט אין גאַס,
אַז ער וועט גיין — דער הייסער, רויטער רעגן!...

— איאָ, מיר זיינען גרייט ? — און ווי צעקאָכט און שווער
דער שטורעם זאָל ניט זיין — ער וועט אונז ניט פאַרפּלייצן ? —
און כ׳זע אין אָט די טעג, ווי איטלעכער פּיאָנער
ווערט עלטער אין געזיכט, און ברייטלעכער — אין פּלייצע . . .

און אַז דאָס גלעקל קלינגט, זאָגט עמעץ מיט געפיל :
— דערציילט אונז אַף דער שאָ — פון בירגער-קריג אַ מאַיסע !
און אַז די פויזע קומט — איז גייט אַ שפּיל,
אַ הייסער שפּיל אין „רויטע" און אין „ווייסע" . . .

און כ׳שטיי באַ אָט דעם רוישנדיקן צייט פאַרטרייב,
און ס׳קלאַפּט מיין האַרץ צום טאַקט פון די „אַרמייען" —
און עמעץ שניידט מיין יונג און וואַרעם לייב
מיט טעמפּן שווערד פון ערעוו-שטורעמדיקע ווייען...

און מיט אַ שמייכל זאָג איך די פּיאָנערן : — הערט !
זאָל זיין — וואָס עס וועט זיין : צי רו צי רויטע שלאַכטן —
אַלצאיינס וועט, פריער-שפּעטער, אונזערס זיין די ערד,
און אונטער שלאַכטן — וועט איר שנעלער וואַקסן . . .

און כ׳טראַכט : — אָ, קינדערלעך, עס זידן טעג, ווי טעפּ,
אַריבער ראַנד מיט שוים פון איבערבוי-יעסורים —
און כ׳טראַכט : — אָ, שאַנד אַף דיכטערישע קעפּ,
וואָס קלינגען ניט אַצינד צום טאַקט פון אונזער שטורעם !

## פערדינאַנד פרייליגראַט

# די רעוואָלוציע

און ווען איר האָט ווי פרייע, שיינע הערשן באַ די הערנער אומגעריכט
געכאַפּט זי, און ווען איך גייט מיט היינקער-קנעכט זי שטעלן צו דעם
שאַנד-געריכט,
און ווען זי ליגט שווין אין דער ערד, אַ בערגל איבער איר און
מאָרגנרויט,
אַ יונגע פויערטע באַקראַנצט מיט בלומען זי — דאָך זאָג איך אייך :
זי איז ניט טויט !

און ווען איר האָט פון שיינעם קאָפּ געשוירן אין די פלאַטער-האָר,
און זעצט אין טפיסע זי צוזאַמען מיט דעם מערדער, מיט דעם גאַנעוו
און דער הור,
און גרויע קליידער אַף איר ליַיב און אַ טפיסע-יושקע-טאָפּ דערביי,
און וואָלוואָרג שפּינט זי טאָג ווי נאַכט — דאָך דרייסט זאָג איך
אייך: זי איז פריי!

און כאַטש איר האָט אין גאָלעס זי פון לאַנד צו לאַנד אַרומגעהעצט,
און כאַטש זי וואַלגערט זיך אין פרעמדע היימען אום, און האָט
אין אַש און שטויב זיך שטום אַריינגעזעצט,
און כאַטש זי וואַשט די וואונדע פיס אין פרעמדן וואַסער-קילן שוים,
דאָך וועט איר האַרפע זי נישט אויפהענגען אַף באַוולס טרויער-
ווערבע-בוים.

אַ ניין! זי האַלט די האַרפע פעסט אין האַנט, אייך צו טראָץ,
צו שאַנד און שפּאָט,
זי לאַכט פון אייער גאָלעס, ווי זי האָט געלאַכט פון אייער עשאַפאָט!
זי זינגט אַ ליד, וואָס שרעקט און הויבט אייך פון די ווייכע שטולן אויף,
און דאָס פּאַכדאָנישע, דאָס פאַלשע האַרץ קוועטשט זיך אייך
פון שרעק צונויף!

קיין קלאָג-ליד און קיין טרערן-ליד פאַר דעם, וואָס איז געפאַלן שוין,
ער האָט געטאָן זיין גרויסע זאַך און האָט זיין גרויסן לוין,
די בעטלער-אָפּער שפּילט איר נאָך ווייל נאָך איז אייער צייט,
כאַטש ווערעמדיק דאָס הערמעלין און פויל איז אייער פּורפּור-קלייד!

אַ ניין, זי זינגט בא טרויער-וואַסערן ניט דאָס ליד פון ווי און קלאָג,—
אַ זיג-ליד, אַ טריאומף-ליד זינגט זי, אַ ליד פון צוקונפט און פון
גרויסן נייעם טאָג,
פון צוקונפט, וואָס איז נישט מער ווייט, זינגט זי אין דער וועלט אַריין,
און ווי גאָט, אָלעוואַשאַלעם, זאָגט זי: איך בין געווען, איך בין
און וועל זיין!

כ'וועל זיין און ווידער וועל איך פאַר די פעלקער אין די ערשטע
רייען גיין!
אַף אייערע קאַרקעס, אייערע קעפּ, אַף אייערע קרוינען וועל איך שטיין!
נעקאָמע, מישפּעט, פריַיהייט! — שרייט מיין שווערד און פאָדערט
דרייסט,
און אויסשטרעקן וויל איך מיין ריזן-האַנט ווייל די וועלט מוז ווערן
אויסגעלייזט!

איר זעט מיך אין די טפיסעס נאָר, און נאָר אין קוואָרים זעט איר מיך,
איר זעט מיך בלאָנדזשען איבער לענדער נאָר און גאָלעס-שטויב
אַף מיינע שיך —
טיפּשים איר, איר זעט מיך דאָרטן נישט, וואו ס'איז אַ סאָף צו
אייער מאכט,
איך וואוין דאָך הינטער יעדן שטערן, אין יעדן האַרץ האָב איך
דאָך מיר אַ היים אַ זיכערע געמאַכט!

אין יעדן קאָפּ פול מוט און טראָץ און נישט געבויגן, נישט געקלאָגט,
מיין גאָלעס איז אין יעדן האַרץ, וואָס מענטשלעך פּילט און
מענטשלעך שלאָגט,
אין יעדן וואַרשטאַט, וואו דער האַמער קלאַפּט, און יעדער כאַטקע
וואו עס קרעכצט
די נויט, איך בין דער אָטעם פון דער מענטשהייט, וואָס צו
באַפרייאונג בענקט און לעכצט!

דעריבער וועל איך זיין און ווידער וועל איך פאַר די פעלקער אין די
ערשטע רייען גיין!
אַף אייערע קאַרקעס, אייערע קעפּ און אייערע קרוינען וועל איך
זינגענדיק נאָך שטיין!
ס'איז דער געשיכטעס אייזערנער געזעץ נישט קיין דראָען און
אוואדע נישט קיין פּוסטער טרוים!
דער טאָג ווערט היים — עס אָטעמט קיל אַ ווינט פון באַוולס
ווערבע-בוים!

## כאַווער-פּאַווער

# אַ גראַם צו רויט

דער טאַטע איז געגאַנגען אין מאַרק אַוועק, אין שטוב קיין ברויט אפילו ניט קיין לעק. די מאַמע האָט אויסגעוואַשן ס'לײדיקע טעפּל, זיך געזעצט אַף דער שוועל קראַצן דעם קינד אין קעפּל. די קאַץ איז אַוועקגעגאַנגען צו אַ קינפּעטאָרין אַ שכיינע, געוואוירע ווערן וואָס מאַכן די קעצעלעך די קליינע. שטיל אין שטוב, שטיל און שאַ, אין די ווינקעלעך האָט זיך באַהאַלטן אַ הונגער אַזאַ. שווייגט די מאַמע, שווייגט דאָס קינד, הויבט זיך אָנעט די מאַיסע אַצינד.

***

אין דעם לאַנד דעם ברייטן, אין דעם לאַנד דעם ווייטן, 99 אידעלעך מיט לאַנגע בערד אַף ווייסע פערד רייטן.

רייטן די אידן, יאָגן די פערד, ציטערט אונטער זיי די גראָזן אַף דר'ערד.

גערייטן, געריטן, געלאָפּן, געלאָפּן. ביז זיי האָבן דעם שוואַרצן יאַם שווימען געטראָפן.

— טיפע וואַסערן, שוואַרצער יאַם, עפּשער קענסטו אונז געבן צום וואָרט ברויט דעם נויטיקן גראַם?

— טראַם טאַ טאַ טאַם, טראַם טאַ טאַ טאַם, אַ גראַם צו ברויט איז הונגער און נויט.

— מיר ווילן ניט קיין הונגער און נויט אין אונזערע שטיבער, זאָג אונז בעסער אַ גראַם ס'זאָל אונז זיין ליבער.

— טראַם טאַ טאַ, טאַם — שטילן זיך איין די כוואַליעס, פאַר-קלערט זיך דער יאַם — אַ גראַם צו ברויט איז אויך מילכאָמע און טויט.

— הונגער און נויט, מילכאָמע און טויט, אַזוינע גראַמען מעגן שוין באַ דיר בלייבן, — ווערן די אידעלעך אין קאַס און הויבן אָן זייערע פערדעלעך ווייטער צו טרייבן.

געטריבן, געטריבן, געלאָפּן, געלאָפּן. ביז זיי האָבן דעם ברייטן סטעפּ געטראָפן. און איבערן ברייטן סטעפּ, אַ פויער אַ גרויער גייט און איז אין טיפן טרויער.

— פויער, דו פויער, פויער דו גרויער, פאַרוואָס איז אַף דיר אַזאַ גרויסער טרויער? און עפּשער קענסטו אונז זאָגן אַ גראַם צו ברויט, מיר זאָלן שוין ניט וויסן פון הונגער און נויט?

רופט זיך אָנעט דער פויער דער גרויער:

— דערפאַר איז טאַקע אַף מיר אַזאַ טרויער, ווייל איך זוך אויך אַ גראַם צו ברויט, איך זאָל שוין ניט וויסן פון הונגער און נויט.

* * *

לויפן די אידן, פאָרן און פאָרן, לויפן כאַדאָשים, לויפן די יאָרן. ביז זיי קומען אָן צו אַ גרויסער שטאָט מיט פאַבריקן גאָר הויך און פון די קוימענס זעצט אַ רויך. און דאָרט אין די פאַבריקן אַרבעטער מיט האַמערס סטוקען און קלאַפּן, מידע, פאַרשוויצט, קוים דעם אָטעם זיי כאַפּן.

— אַרבעטער, אַרבעטער, הערט אויף אַף אַ ווײַלע, מיר האָבן צו אייך אַ וויכטיקע שאַילע. עפּשער אַ גראַם צו ברויט באַ אייך איז דאָ און זאָל שוין אַף אונז קומען די גוטינקע שאָ.

— אַז אין די פאַבריקן איז אַזוי הייס און אַז אונזערע לייבער זיינען איינגעטונקען אין שווייס, און אַז אונזערע קינדער זיינען דאַרע, קוים ביינער און הויט, ווי זשע קענען מיר אייך זאָגן אַ גראַם צו ברויט?

* * *

לויפן די אידן, פאָרן און פאָרן, לויפן כאַדאָשים, לויפן די יאָרן. ביז זיי זיינען אָנגעקומען צו אַ ווינטערדיק פעלד, וואו דער ווינט האָט פאַרווייעט שנייען מיט קעלט. און דאָרטן פון דער ווייטן שטייען סאָל-

דאטן מיט די שווערע הארמאטן, שטרעקן אויס די הענט, ציען און שיסן, פעך און שוועבל אױף דער וועלט זיי גיסן.

— סאָלדאטן, סאָלדאטן, שטעלט אָפּ אייערע הענט, עפשער א גראָם צו ברויט, זאָגן אונז וואָלט איר געקענט.

— אידעלעך מיט די לאנגינקע בערד, רייטערלעך אױף די ביסט-רינקע פערד, אז מען האָט אונז ארויסגעטריבן פון וואַרעמע שטיבער אהערצו צו די קאַלט-שנייאיקע גריבער, און אז אױף דער וועלט איז מילכאָמע און טויט, ווי זשע קענען מיר אייך זאָגן א גראָם צו ברויט?

***

לויפן די אידן, פאָרן און פאָרן, לויפן כאדאָשים, לויפן די יאָרן. ביז זיי זיינען אָנגעקומען אױף א ברייטן וועג, און דאָרט אָן ארבעטער א רייטער מיט ברייטע פלייצעס יאָגט אָפן פערד, און קוים וואָס ער האַלט דאָס איין באַ די לייצעס.

— ארבעטער דו ברייטער, ארבעטער דו רויטער, אונזער וועג איז געווען אזא ווייטער, און עפשער קענסטו אונז זאָגן א גראָם צו ברויט, מיר זאָלן שוין ניט וויסן פון הונגער און נויט?

צעלאַכט זיך דער ארבעטער, צינדן זיך אָן זיינע אויגן, גיט ער א יאָג דאָס פערד ווי א פייל פון א בויגן און די אידעלעך נאָך אים פלינק און גיכער יאָגן זיי זיך. טראָגן זיי זיך ווי א ווינט און א וויכער.

קומען זיי אָן צו א שטאָט פון פאבריקן מיט מויערן, קומען ארויס די ארבעטער פון אַלע טויערן. גיט דער ארבעטער דער רייטער זיך א שטעל אָפן פערד און טוט א געשריי:

— ארבעטער, פויערים, אידעלעך, היי!!! א גראָם צו ברויט איז א פאָן וואָס איז רויט! אָט וועט די פאָן בלייבן הענגען אָפן העכסטן שפיץ און די פרייד וועט זיך טראָגן אזוי ווי א בליץ.

און אזוי ווי די פאָן איז געבליבן שטעקן, אזוי זיינען זיך אָנ-געקומען פון אַלע עקן, — דער פויער דער גרויער, די סאָלדאטן מיט די הארמאטן.

א גראָם צו ברויט איז א פאָן וואָס איז רויט.

האָבן זיי שוין געפונען דאָס נויטיקע וואָרט, אָבער זיי ווילן שוין ניט איינרוען אױף איין אָרט. מיט א פאָן, וואָס איז רויט, יעדער אין זיין האַנט, לויפן זיי פון לאַנד צו לאַנד. לויפן און לויפן, יאָגן און יאָגן, איבער דער גאַנצער וועלט די בסורע צו טראָגן.

***

דער טאַטע איז געגאַנגען פון מארק אוועק, אין שטוב קיין ברויט אפילו ניט קיין לעק. די מאַמע האָט אויסגעוואַשן ס'ליידיקע טעפּל, זיך געזעצט אױף דער שוועל קראַצן דעם קינד אין קעפּל. שטיל אין שטוב, שטיל און שאַ, אין די ווינקעלעך האָט זיך באהאַלטן א הונגער אזא. שווייגט די מאַמע, שווייגט דאָס קינד, האָט זיך אָבער די מאַיסע געענדיקט אצינד.

## דאָוויד עדלשטאַט

# איך בין די שווערד, איך בין דער פלאַם

(לויט היינריך היינע)

איך בין די שווערד, איך בין דער פלאַם,
איך האָב געקעמפט, און ווי אַ שטערן
האָב איך באַלויכטן דעם שטורעם־יאַם
פון מענטשן־בלוט און מענטשן־טרערן.

כ׳האָב איך צום פרייען קאַמף געוועקט,
דאָך שווער איז אָן קאַרבאָנעס זיגן:
מיט וואונדן בלוטיקע באַדעקט
איך זע אין שלאַכטפעלד קעמפער ליגן.

נאָר איצט איז ניט קיין צייט פאַר טרערן,
מיר מוזן קעמפן אַף דאַסניי,
ביז מיר וועלן צעשמעטערן, צעשטערן
די ווילדע וועלט פון שקלאַפעריי.

פאַרלירט ניט, ברידער, האָפנונג, מוט, —
פון שלאַכטפעלד איז אַ שאַנד אַנטלויפן;
זאָל זיין מיט לעצטן טראָפּן בלוט —
מען מוז דער מענטשהייט פרייהייט קויפן!

פאַרנעמט די אַלטע שווערע וואונדן —
ווי פינצטער זאָל די נאַכט ניט זיין,
צום סאָף, אַ, מוז זי דאָך פאַרשווינדן
און געבן פּלאַץ פאַר זונענשיין!

וואַכט אויף, וואַכט אויף! מיט שווערד און פלאַם
קומט אַלע מיט אין קעמפער־רייען.
מיר פאַלן אום אין שטורעם־יאַם —
מיר וועלן דאָך די וועלט באַפרייען!

# צו אַ פריינט

דאָס שיפעלע לויפט צווישן רוישנדע וועלן;
דער שטורעם ווערט שטאַרקער מיט יעדער מינוט;
דער וועג איז געפערלעך . . . דאָך שטאַרק איז דער זעגל —
ערלעכער שיפער, פאַרליר ניט דיין מוט!

עס ווערן אַלץ בייזער די קעמפנדע שטראָמען;
דאָס שיפעלע וואַרפט זיך אַרויף און אַראָפּ;
עפּעס צערייצטע און העסלעכע ברואים
שטעקן פון וואַסער אַרויס זייער קאָפּ...

זיי עפענען ברייט די פאַרבלוטיקטע מײַלער,
דאָך שנעל טראָגט דער שטורעם דיך ווייטער אַוועק —
עס בליצט און עס דונערט, עס בויגט זיך דער זעגל:
עס ליגט צווישן פעלזן דער שרעקלעכער וועג!

זעסטו פון ווייטן דאָרט רויטע סיגנאַלן?...
דאָס קומט דיר צוהילף שוין די הייליקע צייט!
ס'גייט אויף שוין דער מאָרגן — פאַרלאָז ניט דעם רודער!
קעמף מיט דעם שטורעם! דער ברעג איז ניט ווייט!

## אַרבעטער-פרויען

אַרבעטער-פרויען, לײַדנדע פרויען!
פרויען, וואָס שמאַכטן אין הויז און פאַבריק,
וואָס שטייט איר פון ווייטן? וואָס העלפט איר ניט בויען
דעם טעמפּל פון פרייהייט, פון מענטשלעכן גליק?

העלפט אונז טראָגן דעם באַנער דעם רויטן
פאָרוועטס, דורך שטורעם, דורך פינצטערע נעכט!
העלפט אונז עמעס און ליכט צו פאַרשפּרייטן
צווישן אומוויסנדיקע עלנדע קנעכט!

העלפט אונז די וועלט פון איר שמוץ צו דערהויבן,
אָפּפערן אַלעס, וואָס אונז איז נאָר ליב,
קעמפן צוזאַמען, ווי מעכטיקע לייבן,
פאַר פרייהייט, פאַר גלייכהייט, פאַר אונזער פּרינציפּ!

ניט איינמאָל האָבן שוין אידעלע פרויען
געמאַכט ציטערן הענקער און טראָן:
זיי האָבן געצייגט, אַז מע קאָן זיי פאַרטרויען
אין ביטערסטן שטורעם די הייליקע פאָן.

דערמאָנט זיך אין אייערע רוסישע שוועסטער,
דערמאָרדעט פאַר פרייהייט פון צאַר, דעם וואַמפּיר,

פאַרמאַטערט ביז טויט אין די שטיינערנע נעסטער,
פאַרגראָבן אין שנייען פון ווייטן סיביר.

געדענקט איר די נעמען, די הייליקע נעמען:
פּעראָווסקאַיאַ, העלפמאַן, גינזבורג און נאָך
טויזנטער, וואָס פלעגן זיך שעמען
צו טראָגן געהאָרכזאַם דעם שקלאַפניאָך.

זיי זיינען אין שטורעם אַזוי העלדיש געשטאַנען,
געטראָגן אין פינצטערניש האָפנונג און ליכט,
נעקאָמע גענומען אין ווילדע טיראַנען,
שטאָלץ געקוקט דעם טויט אין געזיכט!

געדענקט איר זיי? דאַן זאָל אייער לעבן
באַגייסטערן אייך! איר זאָלט מיט דערפאָלג
לערנען און דענקען, קעמפן און שטרעבן
צו פרייהייט און גליק פאַר דעם אַרבעטער־פאָלק.

## וואַכט אויף!

ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך שקלאַפן
און טראָגן די שענדלעכע קייט?!
ווי לאַנג וועט איר גלענצענדע רייכטימער שאַפן
פאַר דעם, וואָס באַרויבט אייער ברויט?!

ווי לאַנג וועט איר שטיין אייער רוקן געבויגן,
דערנידעריקט, היימלאָז, פאַרשמאַכט?!
עס טאָגט שוין! וואַכט אויף און צעעפנט אייערע אויגן!
דערפילט אייער אייזערנע מאַכט!

קעמפט אוים זיך די פרייהייט אַף קאַמף־באַריקאַדן!
דערקלערט די טיראַנען אַ קריג!
מוט און אַנטשלאָסנהייט, בראַווע קאַמעראַדן,
וועלן אייך פירן צום זיג!

קייטן און טראָנען, — אָ, אַלעס מוז פאַלן,
אונטער דעם אַרבעטערס שווערד!
מיט דופטיקע בלומען, מיט גאָלדענע שטראַלן
וועט פרייהייט באַצירן די ערד!

און אַלעם וועט לעבן, און ליבן, און בליען,
אין פרייען, אין גאָלדענעם מאַי!
ברידער! גענוג פאַר טיראַנען צו קניען!
שווערט, אַז איר מוזט ווערן פריי!

קלינגט אומעטום אין די פרייהייטס-גלאָקן!
פאַרזאַמלט מיט ליידנדע קנעכט!
און קעמפט באַגייסטערט, און קעמפט אומדערשראָקן
פאַר אייערע הייליקע רעכט!

## מאַרטין בירנבוים

# ביינאַכטיקער שפּאַציר

סעקאָנד עוועניו.
נאַכט.
לעבן און ליכט
און ביליקע פּראַכט.
קינאָס, טעאַטערס, פילפאַרביקע שילדן
ווינקען, רופן דעם אוילעם אינדרויסן:
„פאַרפעלט ניט היינט זען
דעם באַרימטן, דעם גרויסן — — —"
ס'טרובען די אווטאָס,
ס'קלינגען טראַמווייען;
ס'דאַכט זיך — ס'וויל איינער דעם צווייטן פאַרשרייען.

צוועלפטע גאַס.
אַ ראָג.
אַ גרעלע לאָמפּן-קרוין הענגט אונטער אַ פּאָרטאַל:
„קונסט"-יאַריד —
קאַפע ראָיאַל.

אַ מעכיצע פון פאַלשע גירליאַנדן —
די גרענעץ-ראַנדן
פון „קונסט" און האַמוין —
און איבער אַלץ
די גרעלע קרוין.

אין ווײַרויך פֿון פּעטע האַוואַנאַ־ציגאַרן,
באַ מאַשקע און פֿלײשן,
באַ מאַשקע און טאָרט —
ווערט דאָ פֿאַרכאַסמעט, פֿאַרזיגלט דער גורל,
ווערט דאָ געבוירן
דאָס „אידישע וואָרט".

נאַכט.

צוויי פֿלאַמיקע ווײַזערס,
איבער שטאָט ערגעץ ווײַט,
אַף אַ גליאַיקן צירקל ווײַזן
די צײַט.
— — — — — — —

די לופֿט איז פֿײַכט
און פֿאַרנע־שווער;
אַ מידער קום איך צו צום סקווער.
אַ מענטשן־ראָד שטייט קאָפּ אַף קאָפּ —
איינער רעדט —
איך שטעל זיך אָפּ.
ער רעדט מיט קראַפֿט,
ער רעדט מיט פֿלאַם;
באַלד האַרציק־טיף,
באַלד פֿול מיט סאַם.
דער אוילעם וואַקסט,
עס וואַקסט דאָס קאָל,
ס'פֿאַלן ווערטער, האַרט ווי שטאָל:
„צען מיליאָן אָן היימען, אָן ברויט!
ניין נעגער־אינגלעך
פֿאַרמישפּעט צום טויט — — — —!"
איך שטיי און הער און זע מיט פֿרייד:
דער אוילעם קומט,
דער אוילעם שטייט!
און פֿרעגט: ווער, וואָס —
איז אָפּן אָרט
דערקלערט ער מיט זײַן קלאָרן וואָרט.
די מאַסע האָרכט, און קלאַפּט און שרייט. —
די ווײַזערס
פֿלאַמען אינדערווײַט.

איז גוט מיר דאָ צו שטיין.
מיט שפּאַן, אַצינד פון פרייד געשטאַרקט,
ווענד איך מיין טראָט צום נאָענטן פּאַרק.

נאַכט.
פינפטע עוועניו איז שטיל.
קראָמען פאַרמאַכט,
נאָך אַ טאָג פון פאַרדינען.
פענצטער פאַרהאַנגען מיט שווערע גאַרדינען:
זאָל קיינער נישט זען,
זאָל קיינער נישט הערן,
וואָס ס'שפּילט זיך דאָרט אָפּ
אין די „העכערע" ספערן.
דאָרט פעלט נישט קיין זאַך,
אַלצדינג איז פאַראַן,
פון טעפּיכער טיפע ביז ווייכסטן דיוואַן;
פון וויין
ביז מעטרעסן,
פון גאָלד
ביז קאַוויאַר —
דאָרט הוליעט און שיקערט
דער הערשער, דער האַר!
גאַרדינען באַהאַלטן, פאַרשטעלן די שויבן:
דאָס פאָלק
טאָר נישט צווייפלען,
נאָר שווייגן און גלויבן. —
— — — — — — — —

האָטעל „פינפטע עוועניו" —
האַרט בײַ די ראַנדן פון וואַשינגטאָן פּאַרק
הויבט זיך דער בנין
ווי אַ פעלזיקער באַרג.
פּאָרטאַלן באַלויכטן.
ליווערירטע שווייצאַרן
לויפן אַנטקעגן באַדינען די האַרן;
לויפן אַנטקעגן די דאַמען באַדינען,
וואָס רוישן אַריין און אַרויס פון מאַשינען.
ס'בליצן מעשענע קנעפּ —
און פאַרגילדטע פּאַנטאָפעלעך;
צילינדערס, צירונג

און כוואַליעס מיט ליכט.
אַלץ פֿיין, ראַפֿינירט —
פֿאַרן „אויבערשטן" שיכט!
און פֿון שפּיץ פֿונם ביניען,
ווי אַף אַ ריזיקן קאַרק,
פֿיר לאָמפּן וואַרפֿן
אַ שיין אַפֿן פּאַרק.

אין האַרץ פֿונם פּאַרק
אַ גרויער מאָנומענט:
גאַריבאַלדי, פֿאַרשטיינערט,
מיט שווערד אין די הענט.

ווען היט ער דאָ שטום,
אין פֿויסטן די שווערד?
די קויטיקע בינטלעך
צעוואָרפֿן אַף דר'ערד!
די קויטיקע בינטלעך
פֿון הויט און פֿון ביין,
וואָס קאָרטשען זיך דאָ
אין אַ שטומען געוויין!
דעם פֿאַרשטויסענעם מענטש,
פֿון שאָפּ און פֿאַבריק,
היט ער דאָ אָפּ
מיט זיין שטיינערנעם בליק.

ווי הארוגים זיי ליגן דאָ אַלע צעשטרעקט,
מיט נאַכט און ציַיטונג-טאַכריכים באַדעקט:
נישטאָ אין דער רייכסטער מעדינע פֿון וועלט,
פֿאַר די מענטשן, די בלודנע,
אַ שטיקל געצעלט!
ווען אַרט זייער פּיין,
ווען אַרט זייער נויט —
מעגן זיי אויסגיין
פֿון בענקשאַפֿט נאָך ברויט!

נישט קיין מענטשן,
וואָס האָבן אַמאָל
ווען געפּלאַסטערט,
געפֿורעמט דאָס שטאָל;

וואָס האָבן פון פעלדער, פון שאָפּ און פון שאַכט
דעם הערשער, דעם האַר
זיינע אויצרעס געבראַכט!
ניין — „אַלטע שיקורים,
האַלעדריגעס און טרעמפּס,
וואָס האָבן פון אייביק
די מעדינע פאַרשעמט!"
— — — — — — —

היט דער שטיינערנער וועכטער,
מיט שווערד אין די הענט.
הענגט אין פינצטערן רוים
אַ ציילעם און ברענט:
אַ קירך, אַ הויז
פון „ראַכמאָנעס" און „גענאָד",
שטעקט איר ציילעם-צונג אַרויס,
ווי צום שפּאָט:

„איר לעמעלעך בידנע,
אין קויט און אין נעץ:

הערט אויס —
„דער סכאַר פון זינד
איז טויט!"
דערפאַר מוזט איר אויסגיין
אין דאַכקעס און קויט.
ס'האָט יעזוס געבלוטיקט אָפן ציילעם אַליין,
דערפאַר מוזט איר לײַדן,
קעדיי צו זיין ריין!

ווער זאָגט — דו מוזט אויסגיין?!
דו מענטש, דו סקעלעט!
דו כאַפּ אין די הענט
אַ שטאַבע, אַ ברעט!
דו ליג ניט פאַרטייעט אַף גראָז דאָ ביינאַכט —
ווי אַ וואָלף אַ צערייצטער,
טו אַ רעווע דורך נאַכט!
די פאָנאַרן רייס אויס
און צינד אָן דיין בליק,

אַף פינפטע עווענייוס גאַרגל
פאַרסילע אַ שטריק!
טו אַ שלעפּ,
טו אַ ריס,
טו אַ בײס מיט די ציין;
רײס אויס יעדן ציגל,
גראָב אויס יעדן שטיין!
זאָל אויפגיין געשריי דײנס
אין בלוטיקן כאָר,
ביז נאַכט וועט געבערן
דעם רויטן קאַיאָר!
דו וואַרט נישט אַף גענאָד,
דעם צײלעם פאַרלעש,
באַגראָב אים, פאַרמעק!
דו נעם אָן דײן ברודער
פעסט בא דער האַנט —
און בײדע אינאײנעם
וועלן אַלץ זיין אימשטאַנד!

נאַכט.

די קויטיקע בינטלעך צוקן אַף דר'ערד,
זײ הויבן די קעפּ,
זײ שטרעקן די הענט. —
עס הענגט נאָך דער צײלעם אין כאָלעל און ברענט.
נאָר הויך איבער שטאָט
עס גליען פון ווײט,
צוויי פלאַמיקע ווײזערס
און ווײזן די צײט. —

## ה. קאַמענעצקי

# אַ בריוו צו דער ניו-יאָרקער מומען

אַפּרעל און זונענשײן. ווײסרוסלאַנד און אַ שליאַך.
פון אַלע זײטן — הוילע, אָפּגעפליקטע ביימער.
באַם שליאַך: אַ הויף, אַ פּלויט, אַ לאַנגער דאַך.
דערבײ — אַ הויכער, אַ פּאַבריטשנער קוימען.

און אָט דער הויף, פון איין עק ביזן צווייטן,
באַלאָדן איז געדיכט מיט קלעצער ברייטע,

דאָ שפּרייט זיך אָפּ ווינט, סיי טאָג, סיי אָוונט,
דער זויערער גערוך פון ברעטער אָסינאָווע

און ס'פּליסט אין ווענט פאַרפאַרעטע און האַרבע
די שטענדיק מוטיקע, באַפרייטע אַרבעט.

— אַמאָל
אין אָט דער פאַבריקע, אין אָט דער לאַנגער
איז אייער יוגנט בא וואַרשטאַטן דורכגעגאַנגען.

נעווים — ס'איז אָט די פאַבריקע אייך גוט באַקאַנט,
און דאָרט אין ראַשיקן אין ווייטן לאַנד

ווייט דורך מיסטאַם, פאַר אייער בליק
די אַלטע היים.

געדענקט? : — אַ זומערדיקע נאַכט, אַ בריק.
דערביי — אַ גרינער, האַרבעוואַטער בוים.

אַ ווינט בא דער בעריאָזע גיט אַ קלונג,
און איר זייט יונג.

אין אָט דער נאַכט איז דורך אַזאַ מין ווייכער רעגן
און מאָדנע אָפּגעפרישט די גאַנצע געגנט.

ס'איז שפּעט. אַרום איז פּוסט אַזוי און וויסט,
און איר — אַ מילדע און אַ בלאַסע —
מיט אַ סוכאָטקעס, דאַרן מאַשיניסט
פירט ליבע אינדערשטיל באַם קלאָרן וואַסער.

נאָר די יאָרן גייען,
נאָר די יאָרן לויפן
אין די אַלטע געסלעך,
אין די שטילע הויפן.

און איר באַשליסט די פאַבריקע צו לאָזן
און בא דער שווערער מי — די אויגן מער ניט בלענדן.
אייך ציט אַוועק פון דער בעריאָזע
צו ווייטע, אומבאַקאַנטע לענדער.

און אָט — אַ קוויטיקער וואָקזאַל, דער מוילעד העלט.
אַ וואָנציקער זשאַנדאַר — אין שיין פון אַ לאַמטערן,
און איר — איר לאָזט זיך אין דער גרויסער וועלט
נאָך אייער מאַזל-בראָכעדיקן שטערן.

און די יאָרן גייען,
און די יאָרן לויפן
אין די אַלטע געסלעך,
אין די שטילע הויפן.

ס'האָט יענער דאַרינקער און בלייכער מאַשיניסט
שוין לאַנג פאַרזייט די ערד מיט זיינע ביינער.
באַ זיין געביין צוקאָפּן די בעריאָזע פליסט
און טרייבט אין וועלט די וואַסערן די ריינע.

געוויס — עס איז אַ סאַך געשען פאַר אָט די יאָרן,
און איר זייט אויך אַן אַנדערע געוואָרן:

איר זייט שוין מער קיין אַרבעטערקע ניט,
אַן אַנדער פייערל אין אייך שוין גליט;

איר זייט איצט ווייט —
איר לעבט אין ניו-יאָרק איצט. איר זייט אַלרייט.

איר האָט אַ גרויסע פאַבריקע פון מעבל,
און מיט איין וואָרט — עס גייט אייך גוט דאָס לעבן.

עס איז נאָר איצט אַ שווערע צייט באַ אייך אין לאַנד,
ווי אייער בריוו גיט איבער קלאָר און אָפן,
ס'פאַרמאַכן זיך זאַוואָדן נאָכאַנאַנד,
אַ שווערער קלאַפּ האָט אייער לאַנד געטראָפן.

און אַרבעטלאָזע שלייכן אין די גאַסן,
אַזעלכע בייזע און אַזעלכע בלאַסע,

און אַלע טאָג אַזוי און אַלע נאַכט
און אייער פאַבריקע איז אויך פאַרמאַכט.

נאָר איר — איר האָט אַזויפיל אָנגעגרייטע געלט,
אַז איר — לויט אייער אויסדרוק — לאַכט שוין פון דער וועלט.

אָט שרייבט איר אָפן, אַז פון דעמאָלט אָן
זינט אייער פאַבריקע האָט זיך געמוזט פאַרמאַכן,

זייט איר אין רייזעס אויסשליסלעך פּאַרטאָן,
אין בעלער און נאָך אַזעלכע זאַכן.

אויך האָאָר אין די טעג פון זומערדיקן ברען
זייט איר אַף אָפּרו אין איטאַליע געווען.

איר האָט גרויסאַרטיק דאָרט אין גלאַנץ, אין פּראַכט,
מיט אייער הויזגעזינד די צייט פאַרבראַכט.

און אייער לאַנגן בריוו פאַרענדיקט איר מיט דעם,
וואָס איר פאַרמאָגט אין ניו-יאָרק אַזאַ גרויסן שעם.

און אַז איר האָט אַ מאַן אַ זאַכלעכן, אַ קלוגן,
און אַז איר זאָגט זיך אָפּ פון אייער יוגנט,

און ס'איז דער באָלשעוויזם אייך דערווידער,
און אַז איר טראָגט אַ סינע אין די גלידער

צו אונזער פרייער רעפּובליק
און אויך צו יעדן באָלשעוויק.

דערנאָך צום סאָף דריקט איר מיר די האַנט
און ווינטשט, איך זאָל דערגרייכן אייער שטאַנד.

נאָר איך —
איר הערט?

איך דאַנק דערפאַר, וואָס זייענדיק אַ קליינער
האָב איך געבראָכן שויבן באַ די רייכע שכיינים.

איך דאַנק, וואָס איך בין פרי אַן אַרבעטער געוואָרן.
און וואָס מיך האָבן אַרבעטער געבאָרן.

איך דאַנק דערפאַר, וואָס אין דער נויטיקער מינוט
וועט מיר געגונג זיין בירגערלעכע מוט

אַף אָנלאָדן אַ בראַונינג צי אַ ביקס, און דאַן —
צעשיסן אייך און אייער קלוגן מאַן.

און וועגן דעם, וואָס איר האָט לייכט אַזוי און גרינג
די יוגנט אייערע פאַרלאָזן אַפן ווינט,

איז אייך איך הויב די יוגנט אייערע פון שטויב
און זאָג: אַ לויב צו איר, אַ לויב.

ווייל אייער זויבערע פאַרגאַנגענהייט, איר הערט? —
נאָר אונז אַליין — דער מאַכט פון אַרבעטער געהערט.

און דער־אַ מאַכט גיב איך איצט איבער
אַט די פאַרגאַנגענהייט אַף ערע און אַף ליבע.

מיט דעם פאַרענדיק איך, זאָל זיין גענוג.
ס'איז שוין אַפּרעל און ס'הילכט איבערן ברוק

די ערשטע פרילינגדיקע ליד פון רויטאַרמייער
אַף אַלע ראָגן אַזאַ פרישקייט ווייעט,

אַ פליג אַן ערשטלינג גיט פאַרביי אַ זשום,
אין לאַנד די שנייען לאָזן שוין די לעצטע.

זאָל זיין גענוג
פון מיר דער שוועסטער אייערערס געטרייער זון,

הירשל קאַמענעצקי.

# סאָרע באַרקאַן

## מיין קונקי איז ברוגז

(אַ נעגער־וויגליד)

שלאָף, מיין ברוינער שוועלבל,
אַט־אַ וועל איך דיך פאַרוויגן,
וו—י—ג—ן.
ביסט אַף מיר ברויגעז,
יאָ, ס'איז ניט קיין ליגן,
ל—י—ג—ן.

אַף דיינע ברוינע בעקלעך
ליגן בלויע טרערן,
ט—ר—ע—ר—ן.
זינג איך דיר אַ לידל,
ווילסטו מיך ניט הערן,
ה—ע—ר—ן.

דרייסיק זעק מיט באַוול
האָב איך היינט געקליבן,
ג—ע—ק—ל—י—ב—ן.
ביסטו דאָך מיין קונקי

אַליין אין הויז געבליבן,
ג—ע—ב—ל—י—ב—ן.

ווייַן ניט, קונקי מיינער,
האָב ניט קיין פאַריבל,
פ—אַ—ר—י—ב—ל.
וועסט אויך מאָרגן בלייבן
איין-אַליין אין שטיבל,
ש—ט—י—ב—ל.

דרעמלט אין מיין שוועלבל,
ליגט ער שטילערהייט,
ש—ט—י—ל—ע—ר—ה—יי—ט.
זינג איך אים א לידל
פון א שיף מיט ברויט,
ב—ר—ו—י—ט!

## ל. מילער

# דער מוזעי פון געוועזענע

### (א שפיל אין איין אקט)

(אַ מוזעי אין סאָוועטן-אַמעריקע אין 1975. אַף דער בינע איז טונקל. עס זעען זיך די סילועטן פון די אויסגעשטעלטע פיגורן. אין אַ דער-בייאיקן צימער, פון וואַנען עס שיינט אַריין אַ ליכט, דערנענטערן זיך די שטימעס פון זיידן און אייניקל.)

**א י י נ י ק ל :** אין וועלכן צימער גייען מיר איצט, זיידע?

**ז י י ד ע :** איצט וועלן מיר אביסל אַרומוואַשן די געוועזענע „טשיפּס" פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. (ער קומט אַריין, מאַכט ליכטיק; מיט אים קומט אַריין זיין אייניקל' אַ מיידל פון אַ יאָר 16-17. זי באַטראַכט די פיגורן—אין צענטער, אַ גראָב-בייכיקער קאַפּיטאַליסט, אין פאָדערגרונט אַ געבויגענער אַרבעטער, רעכטס פון אים אַ ראָוו, לינקס אַ פּאַרטרעטער פון די רעכטע יוניאָנס. אונטערן אַרבעטער, מיט אויפגעהויבענעם קלאָב — אַ פּאָליס-מאַן. אַ צווייטע גרופּע רעכטס — יענטע טעלעבענדע, אַ קול-טוריסט, דער „טאָג"; לינקס — באַ אַ טיש שפּילן פינאַקל: אָרבעטער-רינג פירער, ציוניסטישער פירער און אַן אָלרייטניצע,

אן „האדאסע"-פירעריו. אן א זייט — א גענגסטער און זיין קארבן „סיטיזן".)

ז י י ד ע (באמערקנדיק איר צעטומלטן אויסדרוק פון שרעק און פאר־ וואונדערטקייט מיט צופרידנקייט): נו' בא אייך אין שטאט איז ניטא אזא מוזעי? — הא? —

א י י נ י ק ל (קוקנדיק אף די פיגורן): נ־י־י־ן!

ז י י ד ע (מיט שטאלץ): דאס איז דער איינציקער מוזעי אין גאנץ אמעריקע! צופרידן וואס ביזט אהער געקומען — מיר העלפן?

א י י נ י ק ל (פארטראכט): י־א...

ז י י ד ע: נא, אט האסטו א שטויבער און א פייכטע שמאטע... שטויב און קויט זאמלט זיך אף זיי — דער רויעך ווייסט זיי פון וואנען — עפעס אזוי ווי דאס וואלט געוועזן אין זיי... נו, זיי פארזיכטיק, זאלסט עמיצן ניט אפברעכן א פינגער, אדער א שטיקל נאז... איך וועל דערווייל אויסקערן.

א י י נ י ק ל (מאכט א פאר טריט צו די פיגורן, באטראכט זיי מיט א געמיש פון שרעק און קוריאזיטעט, בלייבט שטיין פאר דער גרופע אין צענטער. זי קוקט א רעגע אפן קאפיטאליסט און צע־ לאכט זיך; זי רירט אן מיט א פינגער זיין גרויסן בויך, זי בויגט זיך אן און לייענט אויפשריפט): „קא־פי־טא־ליסט"... אה־א! אט דאס איז — ער... העלאו, קאפיטאליסט!... זיידע! פאר וואס איז בא אים אזוי געשוואלן דער בויך?

ז י י ד ע: פון גארניט ארבעטן און צופיל עסן...

א י י נ י ק ל: פאר וואס האט ער געגעסן מער ווי ער האט געקענט?

ז י י ד ע: ווייל ער האט געהאט מער ווי ער האט באדארפט...

א י י נ י ק ל (מיט אן אויסדרוק פון עקל): וואס פאר א מיעסער מענטש!... (זי וויל זיך אוועקשטעלן אפן פעדעסטאל, נאר איבער זיין גרויסן בויך קען זי דארט ניט שטיין. זי שפרינגט צוריק ארונטער, שיר ניט פאלנדיק, בייז): העי, דו בויך גע־ שוואלענער! דו דארפסט די גאנצע וועלט פאר זיך!

ז י י ד ע: אט־אט, די גאנצע וועלט פאר זיך, איז וואס ער האט שטענדיק באם לעבן געוואלט...

א י י נ י ק ל: ווי אזוי זאל איך צוקומען צו אים, אים ארומשטויבן?

ז י י ד ע: נעם א לייטער... ניין, ווארט, איך וועל דאס אליין טאן. שטויב ארום די אנדערע.

א י י נ י ק ל (באטראכט די אנדערע פיגורן, לייענט): „ראוו". וואס מיינט ראוו, זיידע?

ז י י ד ע: דער ראוו איז געוועזן אזא מעשארעס באם קאפיטאליסט. ער פלעגט ווייזן דעם ארבעטער מיטן פינגער צום הימל, און בעשאס יענער האט זיך פארקוקט אפן הימל, האט דערווייל דער קאפי־

טאַליסט מיט זיינע מעשׂאָרסים באַ אים צוגענומען אַלץ אַף דער ערד . . .

א י י נ י ק ל (באַ אַן אַנדער גרופּע, לייענט זי שטויבנדיק) : „יענ-טע, טע-לע-בענ-דע". (צו זיך) עפּעס ניט קיין מאַן און ניט קיין פרוי . . . און אַזאַ בייזער אַט די יענטע . . . און אויסזען זעט ער אוים — ווי אַ קלאָלע . . . (לייענט ווייטער) „קול-טו-ריסט".

(זי באַמערקט אַן עלעקטריש קנעפּל, טוט עס מעכאַניש אַ דריי, די פיגורן הויבן זיך אָן צו באַוועגן לאַנגזאַם און ריידן. זי לויפט אַוועק אַ דערשראָקענע. זי בלייבט שטיין פון ווייטנס און פאָלגט נאָך זייערע באַוועגונגען, פריער מיט שרעק ; ביסלעכווייז הויבט עס זי אָן צו אַמוזירן.)

י ע נ ט ע : אוי טהאָמאָס, אוי וואָלאָדעק,
רופט אַ גענגסטער, רופט אַ צאַדיק —
פאַרטרייבט די לינקע . . .

ק ו ל ט ו ר י ס ט : איך זוך אַ מיזינקע — מיט נאָדן —
און בין איך אַ כאָלעש . . . און איך לייד פון „מיר-יידן" —
דערפאַר האָב איך איכעס . . .

„ט אָ ג " : איך האַנדל מיט סליכעס —
און ווילט איר אַ ציילעם, צי ווילט איר אַ טאַלעס —
איך האַנדל מיט אַלעס . . .
כ'פאַרקויף איך אַ קאַלע מיט טויזנטער מאַילעס . . .
און שרייב שוין די טנאָים . . .

ק ו ל ט ו ר י ס ט : נאָר ניט קאָמוניזם — קאָמוניזם איז גוט —
אָבער נאָר פאַר די גאָאים . . .

י ע נ ט ע : אוי, מיר-אידן ! (נעמט כליפּען).

ק ו ל ט ו ר י ס ט : איך האָב זיך פאַרקילט, אַפן וועג פון סיביר
און קוים דערשלעפּט זיך
צו וואַרימער טיר — פון אונזער „צוקונפט".

„ט אָ ג " : באַ אונז איז אַ קראָם — — — —

ז י י ד ע (שטעלט אָפּ די באַוועגונגען פון די פיגורן): פאַר וואָס האָסטו עס אויפגעדרייט ? (קוקט אַפן אייניקל) זיך דערשראָקן, האַ ?

א י י נ י ק ל : איך האָב ניט געוואוסט, אַז זיי קענען זיך באַוועגן און ריידן . . .

ז י י ד ע : יאָ, זיי טומלען דאָ אַ גאַנצן טאָג. טויזנטער נייגעריקע קומען זיי הערן און זען.

א י י נ י ק ל (פאַרוואונדערט) : און די — ווי רופן זיי זיך ? — טע-לע-בענדעס האָבן טאַקע אין דער עמעסן געלעבט ? — אָט — אַזוי-אָ ?

זיידע: אזוי האָבן זיי דאָס גערופן — לעבן . . . און נאָך געווען גאַנצע באַלעבאַטים איבערן לעבן . . .

איינגיקל: אָבער וואָס האָבן זיי געטאָן ? . . . איך מיין, וואָס פאַר אַן ארבעט ? . . .

זיידע: אָט דאָס איז געווען זייער אַרבעט — פאַרטויבן, פאַרטומלען דעם אַרבעטער זיין קאָפּ, אַז ער זאָל ניט באַמערקן ווי מען נעמט בא אים אַלץ צו, ווי מען רויבט אים פון אַלץ וואָס ער שאַפט . . .

איינגיקל: יאָ, — אָבער פאַרוואָס האָבן זיי דאָס געטאָן ?

זיידע: דאָס האָבן זיי אים גערינגט. (ווייזט אָפּן קאַפּיטאַליסט). איינציקע האָבן געקראָגן אַ סאַך באַצאָלט און די איבעריקע האָבן גערינגט מיט דער האָפענונג זיך אויסצוצייכענען און אויך מיט דער צייט קריגן אַ גרויסן ביילעק אין דער פאָרם פון רום און געלט. פאַרשטייט זיך, אַז די מערסטע זיינען געווען טרייע דינער זייער גאַנץ לעבן און קיינמאָל דעם סכאַר ניט באַקומען. אזוי האָט קאַפּיטאַל די אייגענע לאַקייען און מעשאָרסים אויך אָפּ-גענאַרט . . .

איינגיקל: אָבער צו וואָס האָט דער קאַפּיטאַליסט באַדאַרפט אַזוי-פיל געלט — ער איז דאָך אַזוי אויך געשוואָלן געוואָרן עסנדיק...

זיידע: עס איז ניט וואָס ער האָט באַדאַרפט, נאָר וואָס אַנדערע האָבן באַדאַרפט, האָט ער געוואָלט . . . אַז ער האָט בא זיי צוגענומען וואָס זיי האָבן באַדאַרפט, האָט ער געהאַט די מאַכט איבער זיי . . .

איינגיקל (פאַרטראַכט) ; ווי ש-רעק-לעך ! — — קענען זיי אַלע ריידן און זיך באַוועגן ? — — — אַלע מיטאַמאָל ?

זיידע: זיי קענען . . . אָבער צו וואָס ? וואָס טויטער אָט די זיינען, איז אַלץ בעסער . . .

איינגיקל: נאָר איין מאָל . . . אַ קוק טאָן . . . און הערן.

זיידע: נו, אַז דו ווילסט . . . (ער טוט אַ דריי אַ קנעפּל. די פיגורן הויבן זיך לאַנגזאַם אָן באַוועגן און ריידן.)

ציוניסט (באַם קאָרטן-טיש, שפּילט) ; טויז, ציילעם — — —
מ'זאָל נאָר פּאָטער ווערן פון די אַראַבער . . .
נו, שפּילט אַביסל גיכער . . .

אָלרייטניצע: קאָזער נעמט טויז . . .

ארב. רינג-פירער: גיי שפּיל מיט „וואַבער",
האָט זי קאָזער . . . איינס איז זיכער — — —

האדאסע: אייער קאָזער איז ניט גרויס גענוג . . .

ארב. רינג-פירער: איינס איז זיכער: דער אַרבעטער רינג וואַקסט —
ערשט אַ סעמעטערי געעפנט אַ נייע . . .

האָלדאַפּ-מאַן (צום סיטיזן): די הענט ארויף און שאַ!
אז ניט וועט זיין באַלד דיין לעוואַיע... (ער באַזוכט אים).
אַלריימניצע: איך ספּיל קעניג סיפּע...
אז דער סאַרלאַטאַן איז אוועק מיטן געלט פון דער קאַסע.
ציוניסט: וועט די האַדאַסע מאַכן נאָך אַ „ברידזש-פּאַרטי"...
קולטוריסט: וואָס ווייסט דען די מאַסע פון „אומקום"?
אָט, מיר־יידן — — —
„טאָג": אז איך בין צופרידן אי אַזוי — אי אַזוי...
יענטע: אוי, די סאָוועטן מאַכן מיר דעם טויט!...
אַרבעטער (מאַכט אַ פּאַרזוך זיך אויפצוהויבן):
גיט מיר אַרבעט — — גיט מיר ברויט...
ראָוו: אין הימל, וועסטו קריגן —
ברויט מיט קימל...
און אפשר טאַקע טאָרט אַפילו,
טו נאָר טפילע — — טו נאָר טפילע...
געווערקשאַפטן־פירער: ס'איז ניט שיין צו בעטן ברויט,
אַז קיין אַרבעט איז ניטאָ...
יענטע: אַז ניט וויל ער עסן?
מאָסקווע צאָלט אים אַ דאָלער אַ שאָ...
געווערקשאַפטן־פירער: ס'איז נאָר אַ פּאַרדראָס...
ער וויל נאָר דערקוטשען דעם באָס...
אַרבעטער: איך וויל עסן, איך וויל ברויט...
קאַפּיטאַליסט (צום פּאָליציימאַן): גיב אים שרויט!
ציוניסט: קעניג ציילעם...
אַלריימניצע: סיפּע...
האָלדאַפּ-מאַן: דאָס געלט וואו איז?
סיטיזן: געוואַלד — פּאָליס!
האָלדאַפּ-מאַן: איך שיס... די פּאָליציי איז פאַרנומען...
אַרבעטער: איך וויל ברויט!
אַרב. רינג: קלאָבס...
האַדאַסע: דיימאָנדס...
קאַפּיטאַליסט: גיב אים שרויט, גיב אים טויט!
פּאָליציימאַן: איך בין גרייט.
האָלדאַפּ-מאַן: גיב דעם זייגער מיט דער קייט...
קאַפּיטאַליסט: שיס! (דער פּאָליציימאַן און דער גענגסטער שיסן גלייכצייטיק, דער ערשטער דעם אַרבעטער, דער צווייטער דעם סיטיזן.)
איינקל (היסטעריש): זיידע! זיי־דע! שטעל אָפּ, שטעל אָפּ!
זיידע (שטעלט עס שנעל אָפּ): נו, זעסט! זיך דערשראָקן, האַ?...
איינקל (ציטערט פון שרעק און עקל): ווי שווידערלעך... ווי

מיעס . . . עס קען ניט זיין . . . אַט דאָס אַ, — ס'איז ניט מעג-
לעך . . .

זיידע: אַמאָל גלויב איך אַליין ניט . . . ווען איך וואָלט אַליין ניט
געווען געלעבט מיט זיי . . .

איינגיקל: דו . . . מיט זיי! . . .

זיידע: יאָ . . . ווער האָט געמאַכט די רעוואָלוציע, אויב ניט
מיר? . . . אָבער צו לעבן מיט זיי איז שוין ניט מעגלעך געווען...

איינגיקל (קוקט אָפּן זיידן מיט אַן אויסדרוק פון שרעק אָפּן פּאָנעם).

זיידע (מאַכט אַ טראָט צו איר, אַז זי טרעט אָפּ צעשראָקן, ווי זי
וואָלט אים ניט דערקענט): דו האָסט ניט קיין מורא פאַר מיר?
קינד . . .

איינגיקל (היסטעריש): גיי ניט — צו — — (לויפט אַרויס מיט
אַ היסטערישן קוויטש).

זיידע (שטייט אַ רעגע צעטומלט, דראָעט צו די פיגורן): טייוואָלים
פאַרשאָלטענע! (לויפט אַרויס שרייענדיק): טאָכטער, קינד
מיינס!

(פאָרהאַנג)

## אַרן קורץ

# אָקטאָבער

איינס! איינס! — רעגעס,
מינוטן: אין הונדערט-און-פופציק מיליאָן הערצער שלאָגט
דער טאַקט
פון אָקטאָבערדיקע בלוטן.
שאָען, נעכט און
טעג
וואָרנען: געפּעכט!
געשלעג!

רעגעס רייסן פונדאַמענטן.
רעגעס שליידערן ברענענדיקן שראָט.
מינוטן פּלינדערן הייליקייט פון טעסטאַמענטן,
אין טעג, ווען שאָען זייגען אַנגעגליטע לאָמען
און האַמערס אַף קאָוואַדלעס
שמידן אויס געבאָט: איינס!
איינס!
אָקטאָבער-נעכט

זיינע רויטע ראַמען
פאַר שוואַרצע טעג פון אונטערגאַנג. אָקטאָבער־טעג
ברענענדיקע זיילן
פון לעצטע באַריקאַדן, שאַרפע פייער־פּיילן, פערזן שטאָליקע
פון אַרבעטער־באַלאַדן
פון אָקטאָבערשער געשיכטע.

אָקטאָבער — טאַטע פון
אַרבעט
פאַר אונזערע צילן.
טאַטע פון ווינטן, פון שטיינער, פון רעדער
פאַר אונזערע מילן. טאַטע פון
פלאַמען, פון בוי־קראַפט
וואָס שמידט־איבער ראָסטיקע סטילן.
טאַטע פון זייער, טאַטע פון גרעבער,
טאַטע פון וואָרט : קעמף און דעראָבער ! טאַטע —
אָקטאָבער.

אָקטאָבער־נעכט — רינגען צעפּלאַצטע
אויף אַלטע פּאַלאַצן אין פלאַמען — שטאַבעס צעבויגענע
אויף שלעסער פון איבערגעבאָוועטע,
באָיאַרישע שטאַמען.

אָקטאָבער־טעג — יונגע פּלאַנעטן
אין רוימען געצונדענע, זונען נאָך זונען —
מיט אימפּעט פון יונגען צעבונדענע : זונען אַנטרונענע
אין לאַנגזאַמען קרייז פון באַוועגונג. אָקטאָבער־טעג —
קוזניעס
מיט בראַנדיקער רעגונג
פאַר שטענדיקן קלונג פון די האַמערס,
פאַר גליאיקע לאָמען
צעשפּילטע אין רוים — די שווערדיקע, שטאָלענע שאָען פון
אָקטאָבער־טעג.

רעגעס רייסן פונדאַמענטן.
רעגעס שליידערן ברענענדיקן שראָט.
מינוטן פּאַלמעסן טויטע טעסטאַמענטן,
אין טעג ווען שאָען זיינען אָנגעגליטע לאָמען
און האַמערס אויף קאָוואַדלעס
שמידן אויס אָקטאָבערישן געבאָט.

טאַטע אָקטאָבער.
זייער פֿון קוילן
און אייגענעם ברויט,
פֿון שלאַכטיקע גרוילן
און זיגרייכן רויט, פֿון שטערנדיקן שראַט
און זוניקע שראַפּנעלן,
פֿון סריפּעדיקע נעכט
און זיגרייכע באַגינענס.
טאַטע פֿון פֿעלדער געפּאַלענע העלדן, פֿעלדער פֿון קאָרן,
פֿון ווייץ און פֿון
האָבער, טאַטע —
אָקטאָבער.

אָקטאָבער-טעג — גרויסע, שטאָטישע זייגערס
מיט שווערדן פֿאַר ווייזערס,
ווי קופּערנע פּויקן
וואָס צילן צו איינס. זייגערס,
וואָס שרעקן און פֿרייען פֿאַראיינס. קלינגען: איינס!

אָקטאָבער-טעג — טריט
געפּאַנצערט מיט קאַמף, מיט טרויער און טרייסט.
טעג — מיט הערצער צעפֿלאַמטע אַרויס,
מיט די געצונדענע, שפּיזיקע רעגעס, צעשטעלט אַף דער וואַך, קלינגען
איינס! איינס! —
קעמף און דעראָבער! — טאַטע אָקטאָבער!

## מאַלקע לי

# פּאַרבער אַף פּייער-עסקעיפּס

הינטער אַ באַלקן, הינטער אַ שוואַרצן
שטייען דריי פּאַרבער און פּאַרבן.
אין מאַנטלען פּאַרשמירטע, מיצן פּאַרדאַרטע,
מיט באַרשטן רויט-פֿלאַמיקע פּאַרבן.

דריי יונגען געזונטע היינגען אַריבער
פֿון פּייער-עסקעיפּס, ווי פֿון אַ לופֿטיקער בינע,

אין דרויסן — דער פרילינג די ביימער פארבט איבער
אין בלעטער, אין פארבן אין גרינע.

זון אין די שויבן' זון אף די יונגען —
זיי שפילן מיט בארשטן מיט רויטע.
איבער זשאווער פון לייטערס — בארשטן צעזונגען,
בארשטן אין הענט אין פארטרויטע . . .

אף גאסן אף ברייטע גאניקעס שיינען,
ווי שיפן אף טונקעלע יאמען,
די פארבער — מאטראסן שטייען אינאיינעם
אף לייטערס און פארבן צוזאמען.

## מאָריס ווינטשעווסקי

# מיין איינציקער פארלאנג
(צו יאָנקעוו גאָרדין)

מיין טאָג שטארבט אָפּ, מיין זון גייט אונטער,
דער אָוונט קומט און האלט זיך אויף ניט לאנג;
די נאכט — איר וואָלט איך טרעפן מונטער,
איר טרעפן גייסטיק א געזונטער,
לאָז מיר דער טאָג נאָר געבן איין פארלאנג:
א שיינעם, קלאָרן זונען-אונטערגאנג.

א זונען-אונטערגאנג מיט פארבן
אי העל, אי רויט: פון פלאמען און פון בלוט;
אן אונטערגאנג וואָס לעבט אין שטארבן,
קען טויטן אָבער ניט פארדארבן,
און נעמט אייך, און איר גייט אוועק, און רוט,
און קומט צוריק מיט פרישע בלוט און גלוט;

מיט בלוט די מענטשהייט צו באנייען,
די אלטע מענטשהייט דורך א נייעם דאָר!
מיט גלוט, צו שמידן די קליי-זאיען,
דעם גייסט, דעם ווילן צו באפרייען,
און מיר אין טרוים צו ווייזן די וועלט קלאָר,
וואָס יענער דאָר וועט האָבן אפן וואָר.

א וועלט באזעצט מיט פריינט און ברידער,
מיט מענטשנליבע פאר איר פונדאמענט;
א גוף, וואו פעלקער זיינען גלידער,
קיין גליד דעם צווייטן ניט צו-ווידער,
וואו גלייכהייט האלט צוזאמען פרייהייטס ווענט,
מיט ליבע אלס איר איינציקן צעמענט.

אָ, דאן וואָלט איך געבליבן מונטער,
מיר וואָלט ניט פאר דעם טויטן טאָג זיין באנג;
א גייסטיק-פרישער, א געזונטער
וואָלט איך אַרויפגיין, ניט אַרונטער, —
וואָלט איך נאָר קענען האָבן דעם פארלאנג:
א שיינעם, העלן זונען-אונטערגאנג.

א זונען-אונטערגאנג א קלאָרן,
א שטערן-רייכן אָוונט אין זיין פראכט;
מיט פייגעלעך זינגענדיק אין כאָרן,
באגריסנדיק דעם טאָג וואָס ווערט געבאָרן,
באזינגענדיק די מענטשהייט וואָס דערוואכט,
און דאן — דו ליבע, זיסע וועלט, גוט נאכט!

**י. גרינשפאַן**

## סיי ווי סיי

(אָפּן טויט פון דערמאָרדעטן קובאנישן קאָמוניסטישן
פירער דזשוליאָ מעלאָ)

סיי ווי סיי
צעצינדן מיר די וועלט!
און פאלט אוועק אין פעלד א רויטער העלד —
איז וואָס?
פלאקערט אויף אין אונז זיין רוף,
ווייגען מיר ניט נאָך זיין גוף, —
סיי ווי סיי.
צעצינדן מיר די וועלט!

סיי ווי סיי
גייט אויף די ערד אין בראַנד!
און רייסט אַרויס אַ העלד פֿון אונזער ריי די שוואַרצע האַנט —
איז וואָס?
גיט די ערד זיך אַ צעברויז,
וואַקסן טויזנט נייע אויס, —
סיי ווי סיי
גייט אויף די ערד אין בראַנד!

סיי ווי סיי
איז אונזערע די זון!
און אַז מ׳רויבט פֿון אונז אַוועק אַ פֿונק איר׳ן —
איז וואָס?
מיט בלוט צו טריפֿן הויבט זי אָן,
ווערט נאָך רויטער אונזער פֿאָן, —
סיי ווי סיי
איז אונזערע די זון!

## מ. א. סול

### פֿאַראויס ווי די פֿאָן האָט געפֿלאַטערט דיין ליד
(דאָוויד עדלשטאַט׳ן צו זיין פֿערציקסטן יאָרצייט)

1

דערווייל איז די וועלט נאָך אין קלאַסן צעטיילט
מיט אַ בלוטיקן טייך אינדערמיט,
און דו, אַ סאָלדאַט, אינם דינסט פֿון דיין קלאַס,
האָסט מוטיק געקעמפֿט מיט דיין ליד.

אַף נייטאָרינס בלייכע און בלוי-מאַטע ליפּן,
אין דינסטמיידלס שטוב, בײַ מאַשין, אין וואַרשטאַט,
וואו מי האָט נאָר אַרבעטער-רוקנס געבויגן,
האָט הילכיק געקלונגען דיין ליד — עדלשטאַט.

ניט צו פֿאַרזינגען די נויט און די ליידן,
ניט מיט געזאַנג צו פֿאַרוויגן די צייט,
נאָר האָס צו פֿאַרשקלאַפֿער אין הערצער געצונדן,
מיט האָס צו צערייסן די שקלאַפֿישע קייט.

און ווען ארבעטער-קאמף האָט אַף גאַס זיך צעפלאַקערט,
פּאַראָוים ווי די פאָן האָט געפלאַטערט דיין ליד,
האָט צאָרן אין הערצער נאָך העלער צעברענט זיך,
זיינען פעסטער און דרייסטער געוואָרן די טריט.

2

אַ סאַך אַ סאַך האָט דערווייל זיך פאַרלאָפן,
זייט טויט האָט געכאַפּט דיך אינמיטן פון קריג,
מיר האָבן פאַרשריבן אין בוך פון געשיכטע
ניט איין גרויסע שלאַכט און ניט איין גרויסן זיג.

פון טרוים דיינעם וואָס האָט צום קאַמף דיך גערופן,
אַ טייל איז שוין היינט אַ שטיק לעבעדיק וואָר,
איבער זעקסטל פון קיילעך סע העלט רויטער שטערן
און ס'לאַנד זינגט דאָס ליד פונם צווייטן פינפיאָר.

נאָר ס'זיינען פינף-זעקסטל דערווייל נאָך אין קייטן,
און בלוטיקער טייך איז נאָך אַלץ אינדערמיט,
און ס'פּלאַקערט איצט העלער די שלאַכט צווישן קלאַסן,
און טעג זיינען שטיקער צעפּלאַמט דינאַמיט.

און ס'טראָגט זיך אַלץ העכער דורך שטעט און דורך לענדער
דער הילכיקער טראָט פונם פּראָלעטאַריאַט.
פּאַראָוים ווי די פאָנען עס פלאַטערן לידער
פון ארבעטער-דיכטער ווי דו — עדלשטאַט.

## דעמאַגאָגן

דעמאַגאָגן!
אַף אַלע ראָגן פון דער שטאָט
האָט איר צעשטעלט רעקרוט-רעקלאַמען פון ארמיי און פלאָט
צו לאָקן יעדן ארבעטער
און דעם וואָס בעטלט שוין אַ ניקל פאַר אַ טעפל קאַווע:
— טרעט אריין אין דער ארמיי און זע די וועלט —
און דאָ אין מיטן פּאַרק
האָט איר אַ מאָנומענט געשטעלט
פאַר אַלע „מוטיקע" און „בראַווע",
וואָס האָבן זייער לעבן

פאַר דער „גלאַריע״ פונם „לאַנד״ געגעבן.
דעמאַגאָגן! ליגנער און באַטריגער!
איר האָט ניט אויפגעהערט מילכאָמע-שווערד צו שמידן
און איר קלייבט די שענסטע פערזן צו
פאַרן „אייביקן ליכט״, פאַרן „אייביקן פרידן״.

קומען מיר צוגיין אַף אַלע ראָגן
און צעשאַלן רויטן רוף און זאָגן:
העי, דו! אַרבעטער און פויער,
לייג-צו צו דר׳ערד דיין אויער
און הער ווי ס׳ריזלט נאָך דאָס בלוט פון דיינע זין און ברידער,
אין דער וועלט-שכיטע דערמאָרדעט.
הויב אויף דיין קאָפּ און זע,
ווי ס׳וואַלגערן זיך מענטשן אום מיט אָפּגעהאַקטע גלידער
אַף גאַסן און אַף באַנען,
מיט שילדלעך אַף די ברוסטן:
— שענקט אַ פּעני פאַר מילכאָמע-וועטעראַנען.
הויב אויף דיין קאָפּ, שפּיץ אָן דיין אויער
און הער ווי ס׳קנאַקן שוין קאַנאָנען פאַרן טויער
פונם אַרבעטער-לאַנד, פון סאָוועטן-פאַרבאַנד.

און גיט מען דיר אַ שווערד אין האַנט,
ניט קוילע דיינע ברידער אויס,
נאָר דריי זי אויס
און האַק מיט האָס די קעפּ פון די,
וואָס זויגן דוירעס-לאַנג דיין מי.

## זינג איך ס׳זאָלן זיך פויסטן צעפּאַכען

זאָלן בירגערלעכע דיכטער זינגען לידער
צום פרילינג און צום ווינטעלע דעם צאַרטן.
ווען סע ליגן הינטער גראַטעס מיינע ברידער,
זינג איך פונם קאַמף דעם איינגעשפּאַרטן.

ווען מיליאָנען טראָגן אום די הענט אין דרויסן
און דער הונגער פרעסט די טעג און וואָכן,
זינג איך ס׳זאָלן הענט פאַרקלעמען פויסטן,
זינג איך ס׳זאָלן פויסטן זיך צעפּאָכען.

ווער קען אַנטאָן פאַר אַ העמד די זון פון מאַי
און מיט רויזנדופט דעם הונגער ווער קאָן שטילן?
און אַז מען האָגלט אַף דיין לייב מיט טויט און בליי,
צי וועסטו פרילינג-ווינטעלע דערפילן?

וואָס איז פרילינג, זומער, האַרבסט און ווינטער,
צי דער גוירל פון אַן איינציק לעבן,
ווען מען גראָבט פאַר אַלטער וועלט אַ צווינטער,
און סע קומט אַ נייע וועלט צום לעבן!

זאָלן בירגערלעכע דיכטער זינגען לידער
צום פרילינג און צום ווינטעלע דעם צאַרטן,
ווען סע קעמפן אין מיליאָנען מיינע ברידער
זינג איך פונם קאַמף דעם איינגעשפּאַרטן.

## אייזיק פּלאַטנער

# אַ גרוס צו די כאַוויירים אין סאָוועטן-פאַרבאַנד

ערשטנס קום איך אייך צו שרייבן —
מיר זיינען באָרעך-האַשעם געזונט און מאַכען ניט קיין לעבן;
מיר זיינען שוין פאַרשולדיקט די העמדער אַף די לייבער,
און דאָס איבריקע זאָל גאָט געבן...

צוויטנס — אַז עס בייסן אונז די דלאָניעס,
און מען האָט ניט וואו אַהינצוטאָן די הענט:
עס גייט די גרינע גאַל שוין איבער פון זיסינקער ראַכמאָנעס,
כאָטש נעם און זעץ מיט פויסטן דורך די ווענט...

דריטנס — אַז עס וויגט זיך אין די גאַסן שוין אַ שטורעם,
אין גאַסן איינגעדרייט אין ווירבלדיקן קראַמף:
און כאָטש מיר זיינען ווינציק נאַך און אָרעם,
גרייטן מיר זיך פיבערדיק צום קאַמף...

כאַוויירים טייערע, מיר זיינען אייך מעקאַנע
און ציילן דאָ מיט ציטער אייער יעדן זיג;
וויפיל נייע הייזער ס'זיינען שוין באַ אייך פאַראַנען,
און וויפיל נייע טיילן אין יעדערער פאַבריק.

מיר ליענען אייערע שריפטן און לידער,
און קריגן לעבעדיקע גרוסן אויך ;
און יעדעס ליד איז פול מיט לעבעדיקן רודער,
פון אַלע גרוסן אָטעמט יונגער קויעך . . .

בא אונז — נאָך זינגט מען פון א טויטער מאמען,
פון א קעשער, פון מעזוזעס און פון טפילן ;
מ'איז שוין אויסגעפאָרן אַלע זיבן יאַמען
און מען קרעכצט נאָך און מען שפּילט זיך מיט געפילן.

עס איז אומעטיק אין לאַנד דאָ,
ס'איז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען,
ס'איז נימעס אָבער שוין די רו,
און ס'ווילט זיך ביקס אין האַנט נאָר נעמען —

אַז דאָ, אַף האָדסאָן זאָל א זינג טאָן,
ווי עס זינגט בא אייך דער דניעפּר :
אין אונזערע לידער זאָל א קלונג טאָן,
ווי עס קלינגט בא איציק פעפער . . .

מען וואַרט נאָך דאָ אין לאַנד אַף ניסים,
נאָר קיין נעס וועט שוין ניט ווערן ;
איז נאָר אַזוי ווי איר — פאַרביסן,
לערנען זיך צו טראָגן רויטן שטערן . . .

# מאַטראָזן

העי, פּלינקע, געזונטע און פרייע ווי כוואַליעס ;
העי, ברידער, העי, יונגען, געשיקטע מאַטראָזן —
ארויף ציט די פאָנען, ארויף הייבט דעם אנקער,
מיר וועלן באַגינען די זעגלען צעלאָזן.

צעלאָפן, צעטראָגן, אַף שטריק און אַף לייטער,
אַף שפּיץ פונם מאַסטבוים, אין הייסן פאַרמאַטער ;
פאָנים און פאָנען צעפאַלדעט, צעבוואַליעט,
פלאַטערן ווינטיק אין לופטיקן פלאַטער.

מיר קוקן אריין אין די לינדער,
און לאָזן זיך ווידער אַף יאַמען,

פֿאַרברידערט, פֿאַרבונדן מיט בענדער,
מאַטראָזן מיטן יאַם — אַ זון מיט אַ מאַמען.

מיר לערנען זיך פֿריי זיין אַף יאַמען,
און קומען די לענדער דערמאָנען —
העי, ברידער אַף ברעגעס, צוזאַמען,
אַרויף ציט די רויטע, די פֿאָנען . . .

## האַמער און סערפּ
(דיאַלאָג)

האַמער: שמיד איך אייזן מיט מיין האַמער,
פֿליען פֿונקען, פֿונקען רויט.
איך און אייזן האָבן ביידע
גאָר דאָס לעבן אויסגעבויט.

סערפּ: פֿון פֿרימאָרגן ביזן אָוונט,
ביז די זון פֿאַרגייט אין רויט:
שנייד איך קאָרן מיט מיין קאָסע,
און פֿאַרגרייט די וועלט מיט ברויט.

האַמער: איך שמיד דאָס אייזן מיט געזאַנגען,
שמיד און שמיד און ווער ניט מיד.

סערפּ: איך שנייד אַראָפּ פֿון פֿעלד די זאַנגען,
שנייד און זינג דערביי אַ ליד.

האַמער: שטאַרקע האַנט, און פֿעסטער אָרעם,
האַמער-קלעפּ, און קלאַנג פֿון סערפּ.

סערפּ: פֿרייהייט, גלייכהייט, קאַמף און ליבע —
דאָס איז אונזער הערב . . .

## ערשטער מאַי

אונזער ערשטער מאַי מיט הונגער און מיט צווייט —
ס׳ציטערט אונזער סוינע פֿאַר דיינע יונגע טריט.

ערשטער מאַי ליכטיקט איבער אונז ווי אַ רויטער שטערן —
אונזערע שלאַכט-לידער בליען אַף אַלע סקווערן.

ס'בליען אין אונז אליין די ערשטע מאי'ען —
מיר זיינען געקומען א גאנצע וועלט באפרייען.

ערשטער מאי — ס'פלאטערט אונזער בלוט אין דיין רויטער פאָן —
ס'בליט אף גאסן אונזער בלוט ווי רייפער מאָן.

אָ, רויטע, מיר זיינען דאך אליין דער ערשטער מאי —
מיר מארשירן פאראויס קעגן רעגנס פון טויט און פון בליי.

## ש. פרוג

## די פאָן

ניט פון גאָלד-שטאָף, ניט פון זיידנס
איז די פאָן געמאכט: —
אין א שרעקלעכן געוויטער,
אין א שטורעם נאכט
האָט געראַנגלט דאָס אלטע שפּינראָד
און די בלייכע נויט.
אין א פייכטן קעלער-ווינקל,
באַ א ביילעוו-קנויט,
האָט געוועבט די גראָע פעדים,
ריין און שטייף און גוט,
און געפארבט זיי מיט די לעצטע
טראָפּן אייגן בלוט.

אלע ווייטיקן און לײדן,
יעדע פרישע וואונד
פון טפיסע-גריבער,
פונעם שווארצן גרונט,
פון די הונגער-דערפער,
פון די דושנע שטעט
וואו עס איז פארבלענדט דאָס לעבן
ווי אין הינער-פּלעט:

אלע ווייטיקן און לײדן,
אלץ וואָס יאָרנלאנג
האָט פארגיפטעט איר נעשאָמע,
ווי די בייזע שלאנג,

אַלץ מיט וואָס געדריקט איר לעבן
האָט די טיראַניי,
אין געמיט איר גאַל געגאָסן
און אין האַרצן בליי —

האָט די פאָלקס-נויט אין די רויטע
פעדים איינגעוועבט . . .
זעסט די פאָן — זי ווייט, זי פלאַטערט
און צום הימל שטרעבט!
און די שאָטנס ווערן בלייכער,
און עס קרייט דער האָן —
און עס שיינט דער מאָרגן-שטערן
אויף דער רויטער פאָן!

## בעצאַלעל פרידמאַן

# אַ גרוס

באַ אייך אויף די ראָגן איז פרייד און אַן אויפבוי,
באַ אונז אויף די ראָגן איז בלוט — — — —
ס'טרעטן אַלץ דרייסטער ארוים דאָ די מאַכנעס,
ס'קלייבט זיך, ווי שטורעם, — דער מוט — — — —

באַ אונז האָט דער פויער באַלד אַלץ שוין פאַרמאַשקנט,
אין פויערשע היימען זיצט נויט —
דערציילן מיר פויער פון ערד דער באַפרייטער,
הערט פויער אונז אוים און געטרויט — — — —

מיר האָבן דאָ אַרבעט ביז איבער די קויכעס:
ס'האָט סוינע דאָ דווירעס געסאַמט — — — —
וואָרט אונזער ערלעכס, וואָרט קאָמוניסטישס
ליגנס פון יאָרן דאָ ראַמט — — — —

באַ אונז אין די גאַסן צעלייגט זיך אַ הונגער
און עסט אויף דאָס יונגע געזונט —
נאָר די, וואָס דערהערן דעם לעניגשן אָנזאָג,
גרייטן זיך צו שוין צום בונט — — — —

פון ברעגן אטלאַנטיק ביז ברעגן פּאַסיפיק
זאַמלט אָן קויכעס דער שטורעם —
עך, ווען דאָס לעבן זיך קרעפּטיק א גאַס טאָן
אין א סאָוועטישן פורעם — — —

## ב. פענסטער

# כאַווײרים

מען רעדט נאָר אַרוים אָט דאָס איינציקע וואָרט,
שוין הערט זיך א בסורע וואָס וועקט דאָס געמיט;
שוין ווילט זיך באַהעפטן מיט צייט און מיט אָרט,
וואו ס'האָבן כאַווײרים געבענטשט מיט די טריט.

גייען שוין טעג אויף און ס'בליען אויף יאָרן,
און שטעט גאַנצע, לענדער שטייען אויף ווידער;
בילדער אַזוי פיל אין האַרץ און זיקאָרן,
ס'ווילט זיך זיי זינגען די הייליקסטע לידער.

און ס'וועלן די לידער דאָך גרייכן אַהין,
ס'איז אומעטום איצטער כאַווײרים פאַראַן:
כאַווײרים אין מאָסקווע, לאָנדאָן, בערלין,
כאַווײרים אין כינע, עגיפּטן, יאַפּאַן.

כאַווײרים ווי בלומען פון אַלערליי פאַרבן,
פאַר וועמען א זון איצט פון מיזרעך גייט אויף:
לעבן כאַווײרים און קעמפן און שטאַרבן
מיט אויפגאַנג אין הערצער, און זינגען „שטייט אויף".

איז גוט אויך צו זיין אַזאַ איינער פון זיי
און ווידמענען זיך מיטן לייב און מיט לעבן,
און טאָן דאָך אַמאָל א הייסן געשריי:
כאַווײרים, א שאָד, כ'האָב ווייניק געגעבן!

ווייניק פון קאַמף אינעם קלאַסן-געראַנגל,
ווייניק פאַר פרייד פון פּראָלעטישע מענטשן,
ווי ווייניק עס איז אָט דאָס כאַווײרים-געזאַנג
ווען ס'ווילט זיך כאַווײרים איצט האַלזן און בענטשן . . .

## נ. ד. קאָרמאַן

# אַף הויכע רישטאָוואַניעס

עס באַקט די זון
אַף הויכע רישטאָוואַניעס;
איך גיס אַף גיך די עמערס מיט בעטאָן.
פון אונטן דרייען זיך
די אויסגעפוצטע פּאַנעס
און פרעגן ציטערדיק:
וואָס גייט דאָ אָן?

איך שרעק זיך ניט,
עס שרעקט זיך ניט מיין ברודער:
די צייט איז האָפערדיק,
דער טאָג איז היים.
מיר דאַרפן היינט אַף הויכע רישטאָוואַניעס,
הענט מאָזאָלישע
און רויטן פלייס.

אַזוי פיל הינט,
אַזוי פיל פעטע צוויגן,
טשאַטעווען און האַווקען מיטאַמאָל;
בלאַנקט דער שטאָל
אין פינקלדיקע אויגן:
אַרבעט, אַרבעט גיכער,
און פּאַשאָל!

מיר דאַרפן טריט איצט,
זיכערע, געזונטע,
ניטאָ קיין צייט
פאַר ציטערדיקער שרעק;
מיט שטראַלן זוניקע,
שפּיזיקע און בונטע,
פאַראויס צו רויטע, שטורעמדיקע טעג!

## באַרג אַרויף

אין געלאַף, מיט אימפּעט, אָן אָפּשטעל
איך לויף צו אַ ציל . . .
שטייען צילבערטער אפן וועג,
אָנגעטאָן אין לעבנס, און פארשטעלן
מיט זייערע שווארצע צילינדער-שאָטנס
דעם וועג צום ציל;
נעם איך אַ ביקס אין דער האַנט
און איך שיס, און איך לויף
באַרג ארויף.
עס איז נענטער צו גיין באַרג ארויף,
ווי צו גיין באַ דער זייט.
ס'איז אַ פרייד,
ס'איז אַ פלאַמיקע פרייד
צו העלפן אַ שטופּ טאָן די צייט באַרג ארויף.

העי, ברודער, מיט אימפּעט!
העי, ברודער, מיט שטורעם!
מיט ביקס אין דער האַנט באַרג ארויף!

## אַפן באַרג

פלאַטערט אַ פאָן מיט אַ האמער און קאָסע
און אונטן אַן אָפּגרונט פון הונגער און נויט;
צעווינט זי די אייזערנע פויסט פון דער מאַסע
און ס'הערן זיך שטימען:
מיר ווילן דעם אָפּגרונט פון הונגער פארבייטן
פארבייטן די פענער פון שטערנס און שטרייפן...
אף העלן, אף זעטיקן טאָג.

אפן באַרג איז אַ פאָן מיט האמער און קאָסע —
העי, ברידער, מיט אימפּעט!
העי, ברידער, צוזאַמען אַ שטויס טאָן
דעם בלוטיקן סוינע אין פלאַמען . . .
מיט ביקס אין דער האַנט באַרג אַרויף!

# מעינקע קאַץ

## בערל — דער הימלאָזער בויער

1

עס שמעקט מיט בראַנד פון פּראַסטיקן יאַנוואַר,
און איבער בערלען
שטייגט די שטאָט מיט קאַלטע, קלעטערדיקע ווענט:
און איבער בערלען
האַלט זיין פּראַצע דעם צעמענט
און היט פון בייז אָפּ יעדן האָר.

אַזוי פיל הונגעריקע שאָען און קורצע מעסלעסן,
אַזוי פיל היימלאָזע טעג אין אַ פּראָסטיקער וואָך;
אין וואָל-סטריט-שטאָט, ווי אין אַ שטאָלענעם וואַלד,
האָט ער פון קאַווע שוין לאַנג פאַרגעסן.

עס כויזעקן מיט אַלדאָס גוטס די רעסטאָראַנען:
„וואָס איז נאָך ווי אַ קאַרשנזאַפט געשמאַק?"
גאַנצע פעלדער פּרעגלען זיך אין פאַנען,
נאָר ער און גאַס זיינען וויסט —
כאַטש נעם און לייג זיך אין אַ פעסל מיסט,
צווישן אָפּפאַל — ווי אַ מיסטיקער זאַק.

2

גאַסן קלאָגן אַף ווינטיקע האַרפן.
נאָך ראָיעט אין בערלס בלוט
פון זיינע קינדער דאָס הונגעריק געשריי
און שלאָגט זיך אָפּ אָן אויער מיט וואונדיקע שאַרפן;
איצט אָרעמען זיינע קינדער
די צדאָקע-הענט פון דעם יעסוימים-הויז,
און גנעלע טוירעס איבער זיי
אַווערן מיט באַרמינען פון פאַרצייטיקע אָוועס,
און שרעקן מיט יאָרטויזנטדיקע געשטאַלטן;
אין „שטערן" פון „הייליקע" פּאָנען
ליגט יעהאָווע באַהאַלטן
און שעפּטשעט קרישמע — די „קאָנסטיטושן".

דער שיידוועג שפּאַלט זיך נאָך אין בערלס זיקאָרן:
פון היים און „עוויקשן" — אַ נאָגנדיק געמיש,
אַף בלאַנקע טעלער, ווי אַף אַ וואָג,
האָט דער הונגער זיך אַליין געוואויגן:
פון היים און „עוויקשן" — אַ נאָגנדיק געמיש,
— עס טוליעט זיך דערשראָקן אַ שטול צו אַ טיש,
דאָס זויגקינד איז מיט וואַסער אָנגעזויגן,
קינדער מיט רייכעס פון אַלטע גראָזן;
די מאַמע האָט די נויט שוין צוגענומען
און נאָר איר טויט אַף די ווענט געלאָזן;
דער פּראָסט וועבט קאַלטע בלומען,
דער זייגער באַלבעט לאַנגע שטונדן:
— עוויקשן, עוויקשן, ע-וו-י-ק-ש-ן;
דער ווינט בילט
דורך שפּאַרעס ווי דורך אָפענע וואונדן.

געקומען זיינען בלאָנדע און בראָנזענע יאַטן,
געקומען זיינען פלינקע יאַטישע פרויען
און געטראָגן בערלס פּיין — אַף מאָנענדיקע פּלאַקאַטן;
געקומען זיינען מאַכנעס פּראָסטע באָלשעוויקעס,
מיט ליכטיקע רופן אַף פינצטערע ראָגן,
און זיך געשלאָגן מיט ברואים אין בלויען.

3

עס העלט אַרויס פרייד דורך פינקלענדיקע שויבן,
און ווייזט בערלען אָן אָנשפּאַר אַף אַ באַנק אין פּאַרק —
עס שמעקט מיט בראַנד פון פּראָסטיקן יאַנוואַר,
און ווי די באַנק
איז בערל — שמאָל און לאַנג און דאַר.

אָ, היימלאָזער בויער — צעפּראָרענער ברודער:
איבער דיר דער טורעמגעדריי
קירעוועט צום גלייכן וועג פון שטרייט און האַס
געגן די וואָס האָבן דיך געלאָזן שטיין
אַ פרעמדן — באַ דיינע טורעמס,
מיט איבעריקע הענט — ווי ציגל פאַרוואַלגערטע פון קוימענס.

אָ, היימלאָזער בויער — צעפּראָרענער ברודער:
בייט אוים דיין פּיין, ווי מיר, אַף האַס און קאַמף,

און זיין ווערטו נאָך א קאָל אין צאַרנדיק געזאַנג,
וואָס טראָגט זיך ווי א פּאָלוועדיק גוואַלד,
און ליגט די וועלט אין לעצטן קראַמף:
און דאַן —
ווי פון א צעיושעטער טאָרנאַדאָ
וועלן וויגן זיך שטעט און לענדער:
פון אור־אַלטע קייטן
וועלן רינגען פאַלן — און זיך שיטן
מיט זשאַווער פון דוירעס און פון קרוינען:
— — — — — — — —
אַף בלוטיק ערד פון טורמעס און פון טליעס —
וועלן בליען זינגענדיקע בייטן.

## ב. מאָזער

# ציו־ציו און נאָך אַזוינע ווי ער

ווער איז ציו־ציו? און וואָס איז ציו־ציו?

א קליין כינעזערל איז ציו־ציו, און א צווייפאַכער יאָסעם.

דעם טאַטן האָט מען אינמיטן נאַכט אַרויסגעשלעפּט פון בעט; אים אָנגעטאָן א שווערן ברעט אַף די אַקסלען און דעם קאָפּ אָפּגע־האַקט.

דער מאַמען האָט מען דאָס האַרץ דורכגעשטאָכן.

ציו־ציו ווייסט ניט וועגן דעם. ער איז דעמאָלט נאָך געווען זייער קליין. ער האָט נאָך ניט געוואוסט, ווער איז דאָס אַזוינס טשיאַנג־קי־שעק און ווער עס איז אַזוינס סון־יאַט־סען.

ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיין טאַטע סאַן־ציו־ציו. וואו ווערט ער פאַרפאַלן אַף גאַנצע טעג.

ער האָט נאָר געזען ווי ער לויפט אַרום איינגעשפּאַנט אין א צוויי־רעדלדיקן וואָגן. און אַז ער קומט אַהיים, עסט ער אָפּ אַף גיך און גייט ווידער אַוועק. נאָר די מאַמע זיצט שטענדיק אין דער היים און זינגט קעסיידער אומעטיק און שטיל.

איינמאָל איז געקומען א וואָרט צו פליען: קאַנטאָן!

טעג און וואָכן, פול מיט גוטע נייעסן. עס פאַלן אַלטע הערשער. א זון איז אויפגעגאַנגען איבער כינע. נייע ווערטער טראָגן זיך אין לופטן. כינע איז באַפרייט.

עס פאַרברידערן זיך מענטשן פון אַרבעט. דער טאַטע סאַן־ציו־ציו איז מיט זיי. דער מאַמעס האַרץ איז מיט אים. מיט ציו־ציון אַף

די הענט לויפט זי אַרום פון איין אָרט צום אַנדערן. זי פרייט זיך מיט אַלעם. זי וויגט זיך אין אויפגעברויזטן יאַנטעוו, און זינגט שוין מיט אַן אַנדער קאָל, לוסטיק און פריילעך.

ציו-ציו קוקט מיט זיינע ברייט-צעצויגענע אויגן. ער פאַרשטייט נישט וואָס דאָס באַטייט. לאַכט ער און לאַכט.

***

אין טאָקיאָ און אין לאָנדאָן אין פּאַריז און אין וואַשינגטאָן, איז מען געזעסן בא גרינע טישן און געטראַכט: קאַנטאָן איז רויט! דאַרף מען שיקן טויט!

האָבן זיך אַ לאָז געטאָן שיפן מיט קוילן-וואַרפער און מינען, מיט ביקסן און האַרמאַטן.

קאַנטאָן איז רויט — ברענגען מיר טויט.

ציו-ציו איז געבליבן אַליין, איינער אַליין, אין אַזאַ בייזער צייט.

די גוטע שכיינים ווייסן ניט וואָס צו ענטפערן. זיי באַהאַלטן דאָס פּאָנים אין אַ זייט און זאָגן שטיל-פאַרשעמט: ניטאָ זיי! געווען — און ניטאָ!

ציו-ציו וויל פאַרשטיין. דער סייכל אין קאָפּ איז שוין קלאָרער. האָט עפּשער טשיאַנג-קי-שעק אַוועקגענומען דעם טאַטן מיט דער מאַמען?

גייט ער אין די גאַסן און וויינט: וואו איז מיין פאָטער סאַן-ציו-ציו און מיין מאַמע וואו איז?

***

אין מאָסקווע האָט מען דערהערט זיין געוויין. זיינס און נאָך אַזוינע ווי זיינס.

בא רויטע טישן זיצט מען און מען טראַכט: וואָס טוט מען מיט אַזעלכע ציו-ציוס?

איבער דער גאַנצער וועלט זיינען זיי דאָך פאַראַן!

האָט מען גענומען אַ גרויסן שלאָס פון אַ רייכן מאַן. געוואַשן און געשייערט. צונויפגערופן עטלעכע מענטשן, וואָס קאָנען ריידן צו קינדער, און זיי געזאָגט:

— דאָס וועט זיין פאַר ציו-ציו און נאָך אַזוינע ווי ער.

אין דער וועלט האָט מען געלאָזט ווייסן: וואו ס׳איז פאַראַן אַזאַ ציו-ציו, זאָל ער קומען קיין מאָסקווע. פאַראַן אַ הויז, וואָס הייסט „אינטערנאַציאָנאַלע קינדער-היים”. דאָ וועלן זיין די קינדער, וועמעס עלטערן זיינען אומגעקומען אין רעוואָלוציעס, אָדער זיצן אין טורמעס, באַם סוינע אין לאַנד.

זיינען זיי געקומען. פון אַלע לענדער געקומען.

שטייט אינמיטן וואלד דאָס ווייסע, גרויסע הויז. אפן דאך פלאַ-טערט אַ רויטע פאָן.

די אַרומיקע ביימער און פעלדער קוקן פאַרגאַפט: דאָ לעבן מאָסקווע אַ רויטע פאָן? דאָ אין שלאָס אַזוינע קינדער?

אין אַ שלאָס, ניט ווייט פון מאָסקווע, קומען געסט און זאָגן: די טוואָוע אין פעלד זאָל זיין אַזוי געראָטן, ווי אָט די יונגען פון אינ-טערנאַציאָנאַלער קינדער-היים.

ציו-ציו, און ליזל, און אַנטעק וועלן ווערן גרויס. וועלן זיי ניט בלייבן דאָ לעבן מאָסקווע. זיי וועלן זיך אַ לאָז טאָן אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט. אין זייערע הערצער וועלן זיי פאַנאַנדערטראָגן טיפן גלויבן. אין די לענדער פון זייערע טאַטעס און מאַמעס וועלן זיי אָנ-פאַנגען דאָרט, וואו יענע האָבן אויפגעהערט. מיט הויכן קאָל וועלן זיי באַנייען דעם רוף:

ציו-ציו און ליזל און אַנטעק וועלן מיט מאָסקווער מוט פאַרניכטן און בויען.

די טאַטעס האָבן אוועקגעגעבן זייערע לעבנס דער רעוואָלוציע.
די קינדער וועלן לעבן און לאַכן מיט דער רעוואָלוציע.
באָלשעוויקעס זיינען זיי. מיט הייסן פלאַם קומען זיי.
אין די אָדערן — בלוט פון רויטאַרמייער.
קאָמונאַרן פון גרויסער קאָמונע איבער דער גאַנצער וועלט.

## דעמיאַן בעדני

אידיש: איציק פעפער

# אַי האָט מען געוואָלט אונז שלאָגן

אי האָט מען געוואָלט אונז שלאָגן,
מען האָט געוואָלט אונז קאַטעווען, עך!
מעגן סאָנים פליען, יאָגן,
ס'וועט זיי גאָר ניט ראַטעווען!

די בינעזער גענעראַלן
האָבן בייכלעך פולינקע, עך!
אף די אַרבעטער קוואַרטאַלן
שפּאַרן זיי ווי דולינקע!

רוקנס פון די באָלשעוויקעס
האָבן ניט געבויגן זיך, עך!

און די פלענער פון די שפּיקעס (שפּיאָנען)
זיינען גיך צעפלויגן זיך!

אי האָט מען געוואָלט אונז שלאָגן, און אַז. וו.

מ׳האָט געריבן זיי די זייטן,
איז געגאַן א רויכל, עך! עך!
בא די „טשאַנען-סולאַנען"
טריקענען די מויכעלעך!...

און ווי האָניק נאָטעס ריזלעך (פּעק)
פרידלעבע, גערעכטיקע, עך!
זיינען מיר אף ווייטן מיזרעך
מייסטערס ניט קיין שלעכטינקע!

אונזער ענטפער די „טשו-ליאַנען"
איז שוין א געהעריקער, עך!
ארבעטער פון סערפּ און האמער,
פריינטשאַפט עס-עס-עריקע!

אי האָט מען געוואָלט אונז שלאָגן, און אַז. וו.

„אויב גענייט, זאָל זיין געפּאָרן,
די מאַשין זאָל גיין לאַיק העל.
שלעכטע צייטן! און אַפּרייטער
מוז היינט זיין אי גוט, אי שנעל.”

שיס אַפּרייטער, ניי וואָס גיכער: —
א באַפעל פון „באום ענד גרין” —
ווער איך באַלד א קישעפמאַכער
און ס'צעזינגט זיך מיין מאַשין

שאַרף דאָס מעסער, פינטשער שפּיציק;
ניי, און פלינק די האָר פאַרשאַר, —
„אויב גענייט, זאָל זיין געפּאָרן —
קריגסט באַצאָלט דערפאַר!

„פלענטע פערד פאַראַן אין מאַרקעט” —
באַלעבאָס רעדט גיפטיק-זים —
ליג-זשע איינגעלייגט אין דרייען,
פרעג קיין שאַילעס — שיס!

דאַכט זיך פעלצן, טויטע כאַיעס,
אָבער, ברודער, סאַראַ ציין!
יעדער צאַקן אין דער לעדער,
קען א ביס טאָן ביזן ביין!

יעדער צאַקן אין דער לעדער
לאָזט א שראַם אַף דעם געמיט.
עך, אַפּרייטער, ברודער מיינער,
ווייסט דאָך ווי עס בריט! —

עט, אזוי אמאָל א זעץ טאָן
מיט געצייג און פעל צום דיל! —
אויב גענייט, זאָל זיין געפּאָרן —
וויפיל איז דער שיר?!

„פלענטע פערד פאַראַן אין מאַרקעט”, —
טרעט מען, כאַוועך, דיך מיט פיס —
העי, אַפּרייטער, אויב געשאָסן,
נעם א ביקס און — שיס!

## מוישע שיפּריס

# קוני דער נאַר

### (אימפּרעסיע)

קוני איילענד דער נאַרישער אינזל. ער האָט זיך אויסגעשפּרייט און איינגעגעסן זיך, ווי אַן אָקטאָפּוס, מיט אַלע זיינע אָרעמס, און ניט פון אָרט. לאָזט דער אָקטאָפּוס ארויס אַ טינט־פּליסיקייט ארום זיך — האָט זיך קוני ארומגענומען מיט טויזנטער עלעקטרישע ליכט — שפּריצט זיי אַרויף העט־העט אין דער הויך און מיט טויזנטער פינקל־דיקע אויגן מאַניעט ער, רופט און ווינקט:

— אהער אהער, איר אַלע, קומט אונטער מיינע פליגל! מיר האָבן אָנגעגרייט פאַר אייך פולע שיסלען מיט „פּלעזשור"! קומט און זופּט און האָט האנאָע!

פּלאָנטערן זיך געקאָרטשעטע אָדערן אין דער ערד פון ניו־יאָרק, ברוקלין און אומגעגנט און אַלע ציען זיך אהער, צום נארישן אינזל.

דאָס ניו־יאָרקישע און ברוקלינישע הארץ ציט צום ביסל „פּלעזשור", פּאַרברייט אין שיסלען.

פּלאָנטערן זיך הענט און פיס, מישט זיך אויס מענטשלעכער שוויס און שטיקנדיקער אָטעם. הייננט מען איינער איבערן צווייטן, קריכן עלנבויגנס אין פּרעמדע זייטן, בייטן זיך שטעכיקע בליקן, שאַרפן זיך, קרימען זיך, שמייכלען, פּאַלן ווערטער, ווי מיעסע שראַצים, און די הערצער קלאַפּן מיט דערוואַרטונג אריינצופּאַלן אין די אָפענע אָרעמס פון אינזל מיט איבערגעפילטע שיסלען.

אָט שטעלן זיך די באַנען אָפּ. און ווי אַ שווערער האָגל אַף דעכער, פּאַלן מענטשן פון באַנען־מיילער אַף די גאַסן פון קוני איילענד.

און קוני דער נאַר בייגט זיך אין דרייען, קייכט פון געלעכטער און רופט מיט די הענט, מיט די פיס, מיטן לייב און מיט די אויגן:

— אהער אהער איר אַלע! צו מיין נאַרישקייט איז ניטאָ קיין שיר. מיר האָבן אָנגעגרייט פאַר אייך גענוג, און אויך פאַר אַלע, וואָס וועלן קומען נאָך אייך וועט גענוג פאַרבלייבן.

— אהער! אהער!

— דאָס גרויסע ריזיקע מויל פון „סטיפּלטשיים" איז אָפן און וואָס עס גייט דאָרט אריין איז ווי אַ טראָפּן אין־יאָם, וואָס ליגט בא מיינע פיס.

גייט שוין קיינער ניט וואו מען וויל —
אַלע גייען וואוהין קוני דער נאַר וויל.

די אויגן קוקן ניט וואוהין זיי ווילן, נאָר וואוהין קוני דער נאַר וויל.

שרייען מיילער. שרייען שילדן. שרייען עלעקטרישע ליכטער און קוני דער נאַר שרייט העכער פון אַלעמען —
און קלינגט צו מיט גלעקלעך —
אַהער! אַהער!

גייען אַזוי אַוועק יאָרן און יאָרן און וואָס עס איז געווען איז ניט געווען. עס האָט קוני דער נאַר, ווי דער מאַלעך אין דער מאַמע׳ס בויך, אַ שנעל געטאָן, ניט אונטער דער נאָז, נאָר גלייך אין מויעך אַ פּיק געטאָן. אָט דאָ זענט איר דאָ.

די מיידל, וועלכע ליגט מיטן קאָפּ אָפּן בעזים און קערפּער אין דער לופט — ליגט שוין אַזוי יאָרן. פאַראַיאָרן איז זי דאָ געווען און פאַר צוויי־יאָרן, און אַזוי צוריק, צוריק. און דאָס מיידל מיטן אָנגעשמינקטן פּנים, שלינגט נאָך אַלץ שווערדן צו צוויי און דריי אויף אַמאָל. אויף דער אייגענער גאַס, אין אייגענעם „כאָלעם-לאַנד".

און דער בושמאַן מיטן פּענימל ווי אַן איינגעשרומפּענער, געפּרווירענער עפּל און מיטן קוטשעראַווע קעפּל, זינגט נאָך אַלץ דעם ווילדן ניגן אָן טענער און מאַכט נאָך אַלץ מעשוגענע האַוואַיעס — היינטיקס יאָר ווילדעוועט ער נאָך מער — ווייזט אויס, שוין געקראָגן אַ העכערונג אויף זיינע סכירעס...

און די פעטסטע פרוי אין דער וועלט זיצט נאָך אויפן זעלביקן פּלאַץ, פאַרקויפט די זעלביקע קאַרטלעך אירע, און פאַרשפּרעכט נאָך אַלץ כאַסענע צו האָבן מיט דעם באָכער, וועלכער וועט זי קענען אַרומנעמען. און דער זעלביקער אוילעם אַרום לאַכט נאָך אַלץ פון דעם וויץ — ווי פאַראַיאָרן און פאַר־צוויי־יאָרן און נאָך און נאָך יאָרן.

און דער זעלביקער שוואַרצער גורל-טרעפער זיצט נאָך אַלץ אין דער ווייבערשער קימאָנע מיט ברייטע אַרבל און שלעפּט פּאַפּירלעך פון זיי און טרעפט אייך, אַז איר האָט גאָר־גאָר גרויסע פּלענער און אַז ס׳איז אַ זיכערער „סוקסעס".

איר דאַרפט זיך נאָר היטן פאַר אַ ברונעט, ער וויל אייך שטערן, היט זיך פאַר אים, ווי גאָט איז אייך ליב.

און דאָס קליינע געניץ-מענטשל, דער פּרינץ אָץ-קויצעץ-בען-קויצעץ, קושט נאָך אַלץ די שענסטע מיידלעך, בעט אייך „שייקן הענדס" און רוקט אייך אַריין זיין בילד פאַר „טען סענטס אָנלי".

און קוני, דער נאַר, קייכט און רופט:

— אַהער, אַהער! נאָך ניט אַלץ האָט איר געזען!
— אָ־האָ־אָ! האָ־האָ! אָט דאָס איז עס!

די אויסגעמאַטערטע נעגער-באָכערים און נעגער-מיידלעך טאַנצן נאָך אַלץ דעמזעלבן „דזשיג". די מידע פיס פּלאָנטערן זיך. זיי ווייסן שוין ניט וואָס זיי טוען. די גראָבע ליפּן קלאַפּן ווי טאַצן. זיי קאָנקורירן. די קעפּ דרייען זיך צו דער צווייטער טיר — עס שמעקט מיט „הייסע הינטלעך". און דאָס קליין איריש ווייטערל „דזשיגעט" אויס

אַן איריש לידל. ס'טאַנצט שוין אַזוי יאָרן און יאָרן. ווען וועט עס שוין אַמאָל אויפהערן?! וואָס פאַר אַ קויעך ליגט אין דעם?
קוני דער נאַר דרייט זיך אין זעקסן און לאַכט!
— אהער, אהער!
— אָהאָ! די מיעסטע פרוי אין דער וועלט. אַ פאַרשטיינערטער מענטש. דער אינגל מיטן כאַזערשן אויג. די גרעסטע וואונדער פון דער וועלט — ניט מער ווי צען סענט.
און דער ווילדער אַפריקאַנער טומלט, רופט קוינעם מיט מעשונע-דיקע געשרייען. העלפט דעם „באָס" אין געשעפט. רעדט אַף אַ מאָדנער שפּראַך און לעקט אַן „אייזקרים סענדוויטש".
— אהער! אהער! די גרעסטע מיסטעריע אין דער וועלט, פאַר איין ניקל!
און פון שילד געוואַלדעוועט אַרונטער אַ ריזיקער פרעג־צייכן.
ציט דאָס נייגעריקע האַרץ, זאָגט איינער דעם צווייטן:
— בלאָף!
—פייק!
— באָנק!
— עט, איך ווייס ס'איז בלאָף, לאָז ער מיך אָפּנאַרן.
רוקט מען זיך צו, קוקט מען אַריין, זעט מען אַ מאַלפּע, אַ גע־וויינלעכע מאַלפּע, פאַרשעמט מען זיך, קען מען דעם צווייטן אין די אויגן ניט קוקן. שמייכלט מען נאַריש. מען גייט צוריק, וויל מען ניט, אַז יענער זאָל פרעגן. שאַרט מען זיך אַוועק. קוקן די אַנדערע נייגעריק. וואָס האָט מען געזען? שטופּט מען די ניקלס.
און דער מאַן מיט דער פאַפּירענער טרובע, מיט דער ערנסטקייט ווי פאַר אַ וועלט-אונטערגאַנג, געוואַלדעוועט:
— די גרעסטע מיסטעריע פון דער וועלט!
און עס מישט זיך דער טומל מיט די געוואַלדן, מיטן רייעך פון הייסע וואורשטלעך, געבראָטענע ראַקעס און שווייסיקע לייבער, נארישע שמייכלען, „אייז־קרים", „פּינאָטס", זאַלץ וואַסער און זאַמד.
און קוני דער נאַר פינטלט מיט טויזנטער אויגן אין דער נאַכט אַריין, אין טאָג אַריין און לאַכט און קייכט:
— אהער! אהער!

יאַנקעוו לייזעראָוויטש

# „אַל כעט שעכאָטאָנו"
(אַנטי-רעליגיעז)

„אַל כעט שעכאָטאָנו" — אהער גיי, דו שורקע,
וואָס כאַנפעסטו דאָרטן דיין גאָט מיט אַל כעטן? —
באַם שפּיץ פון דער ביקס וועסטו ערלעכער רעדן!
אהער גיי מיט לאָשן באַם טיש פון סאָוועטן!

באַם סטענדער דאָרט קלאַפּסטו אַל כעט זיך אין הארצן,
און וואַשסט זיך אָרום דיין פאַרשיוון געוויסן — — —
אַהער גיי, דו הינטישער זון, מיטן ווידע,
עס רופט דאָס געריכט פון סאָוועטן, זיי וויסן!

דאָ שטייען די יאַטן פון פּעלזיקן גלויבן
און היטן מיט טויזנטער פלאַמיקע אויגן —
נישט זיי וועט מען נאַרן מיט מאַכזער, האַפטוירע,
מיט שווינדלערשע טפילעס אין דרייען געבויגן . . .

באַהאַלט נישט די פּלייצעס, די קרעפּטיקע, שטאַרקע,
געפּאַשעט מיט פּראַצע פון אַרבעטער-שקלאַפן,
באַהאַלט נישט די ברוסט און דעם קופּערנעם שטערן —
מיר וועלן זיי טרעפן, ווען מיר וועלן דאַרפן . . .

ווייל גליאַיק-געשטאָלט איז דאָס האַרץ פון די יאַטן,
און וואַך זייער אויג אין דער וועלט פון סאָוועטן — — — —
אַהער גיי, דו הינטישער זון, מיטן ווידע,
צערעכן זיך דאָ פאַרן צעטל אַל כעטן! . . .

# עדיסאָן

אין טאָג פון עדיסאָנס טויט האָט אַמעריקע
אַ לעש געטאָן די עלעקטרישע ליכט צום
קאָוועד פון זיין טויט.

גרויסער, ליכטיקער דערפינדער,
צינדער
פון מיליאַסן זונען פאַר דער וועלט און אירע קינדער,

גרינדער
פון דעם רויבערשן „עלעקטריק טראַסט“ —
דו האָסט פאַרדינט
איך זאָל אַצינדערט
אויסלעשן דאָס ליכט בא מיר אין הויז
צום קאָוועד פון דיין טויט,
נאָר גרויס
איז מיין פאַרדראָס:
איך האָב נישט וואָס —
שוין צוויי כאַדאָשים צייט
ווי ס'האָבן דיינע לייט
דאָס ליכט מיר אויסגעלאָשן
צוליב אַ פּאָר גראָשן . . .

ווידמע איך אַצינדערט,
אין נאָמען פון אַן אַרבעטלאָזן זינדער
מיט הונגעריקע ווייב און קינדער,
די גאַנצע צוויי כאַדאָשים אין דער פינצטערער און בלינדער
נויט
צום קאָוועד פון דיין טויט,
אָ, מעכטיקער דערפינדער!

## אַרן קורץ

# טאָני דער מוליער

(פון דעם ציקל: „דעפּאָרטאַציע“)

טאָני דער מוליער
גייט איבער ניו יאָרק און רעדט צו זיך.
גיי איך אים נאָך, און זאָג: „טאָני, עס רעגנט,
און דיר איז נאַס אין די שיך.“
און ער ענטפערט: „וועד בעט דיך דערציילן?
די קרייסלער, די עמפּייער, זעסט, —
כ'האָב דאָרט פאַרמויערט מיינע הענט,
און זיי האַלטן-אויף דעם הימל-מויער
פון סאַמע פונדאַמענט.
נאָר מיין הונגער — ניטאָ וועד ס'זאָל היילן.“

אָבער אומגיין אַזוי און דעם מאַרך זיך צעדרייען,
וועט דיין הונגער ניט שטילן. —
די רייכע באַנדיטן וועסטו דערפרייען,
ווייל אַ מאַרך אַ צעדרייטער צעקריפּלט דיין ווילן.

— דו רעדסט ווי אַ רויטער, — ווי סיריאָ רעדט,
און איך האָב קיין שיך ניט,
פאַרן קינד, פאַרן ווייב און פאַר זיך ניט קיין בעט.

— סיריאָ, סאַקאָ,
דו, און קאַרעלאָ דער גריך,
האָבן פאַרדינט דאָ
אַף מער ווי אַף ברויט, אַף אַ בעט און אַף שיך.
נאָר דאָס איז געבליבן באַ רויבער אין הענט,
ווי דיינע יאָרן, דיין אַרבעט, —
פאַרמויערט אין האַרטן צעמענט
פון עמפּייער און קרייסלער.

— מיין ברודער סיריאָ
איז אין לאַנד שוין דאָ ניטאָ.
מיט דיר און דיינע רויטע האָט ער זיך געפירט,
האָט די פּאָליציי אים דעפּאָרטירט.

נאָר וואָס טויג מיר דאָ?
ניטאָ דאָ גאָרנישט מער.
כ'וואָלט אַליין געלאָפן איצט קיין טריפּאָלי,
ווען אַריבערכאַפּן זיך זאָל זיין ניט שווער.
און סיריאָ האָט ניט געוואָלט —
אַ פרייע רייזע, אַלץ באַצאָלט, —
און ניט געוואָלט.

— דאָס רעדסטו, טאָני, ברודער, נאָר אַזוי,
ווייל טראַכטן טראַכסטו ניט,
אַז עפּעס דאָ איז דיינס.
און מיינסט אַז דו האָסט גאָרנישט צו פאַרלירן.
אָבער סיריאָ, דיין ברודער,
ער, מיט אַלע זייניקע,
האָט אַמעריקע — מיט אַלע אירע מיינס
פון קוילן, שטאָל און אויל

און גאָלדענער רודע,
וואָס זיינען נאָך דערווייל אין הענט פון דיינע פייניקער . . .

— אמעריקע האָט ער — יאָ, יאָ, —
אמעריקאַנער טורמעס, עליס-איילאַנד, קייטן.

— עמעס, ווייל באַנדיטן האָבן איצט די מאַכט,
דיין עמפּייער און קרייסלער,
דיין בלוט און ברויט אין קלייטן,
וואָס האָבן דיינע הענט געבויט.
אָבער אונזערס איז אמעריקע,
מיר די „פּרעמדע" האָבן איר דערהויבן.
און אַז דו וועסט זיין מיט אונז, ווי סיריאָ,
וועלן מיר די רויבער-מאַכט צעשטויבן,
וואָס האָבן סיריאָן דעפּאָרטירט
און דיך, און דיינס גלייכן — פאַרווירט.

קום, ברודער טאָני,
לאָמיר גיין אינאיינעם
פון דעפּאָרטיר-שיפן אראָפּרייסן די פאָנען. —
וועט אונזער מאַרך אין הונגער דעמאָלט קלאָרן,
און מיר'ן אויסלייזן אונזערע ברידער,
אונזער אַרבעט,
אונזער לאַנד אמעריקע — אַלע לענדער —
און אונזערע יאָרן.

# דער רוף
(צום דרעסמאַכער-סטרייק)

די שאָ,
דער רוף.
קלאָר דער קאָפּ און גרייט דער גוף.
אימפּעטיקער צאָרן און געוואַגטער קאָל.
עס בויגט זיך אויס די גינגאָלד-שאָל — פון שאַרפן שטאָל
אין בלייכע לייבער.
די שאָ, דער רוף:
אַוועק פון ראָד!
שניידער, שטעפּער, לויף און לאָד
מיט דיין אימפּעט אָן די גאַסן, וואָס זעען אויס ווי אָנגעגליטע פּאַסן

פון דיין ווייטיקדיקן לעבן. — גענוג,
גענוג געגעבן
דער גאַס, דער שטאָט, דער וועלט;
די רעדער און דינאַמאָס אָפּגעשטעלט! פאַרשטילט!
אין רויטע ליכט-פּאַסן פאַרהילט
די קליידער-שעפּער און די קראָמען.
זאָל פינצטערן איבער פאַבריקן יעדער פינקלדיקער נאָמען,
וואָס איז פון אייער קנעכטשאַפט דער סימבאָל.
זאָל רוען אומרואיק און וואקלדיק שפּאַצירן די גאַנצע שטאָט ניו יאָרק
פון אייער גאַנג און קאָל.
זאָל האָפערדיק גאַלאָפּירן
אַפן פּיקעט-ליין די פּאָליציי. — די זיגער וועט איר זיין,
ניט זיי.

## נאָכעם ווייסמאַן

# דאָס ליד פון שוואַרצע שקלאַפן

שמוץ און קויט
שמוץ און קויט
און אין שטוב
קיין פּיצל ברויט . . .

און אין שטוב
איז שוואַרץ די וואַנט
ווי אַן ארבעטסלאָזנס
האַנט.

ברענט ביינאַכט
קיין לעמפּל ניט,
זינגען אומעטיקע
טריט.

מענטשן דאָרטן
קנעכטיק-שטום,
ווי איקאָנעס
הייליק-פרום.

רעדט מען דאָרט
מיט גאָט אַליין,
בעט מען צו אים
מיט געוויין.

שמוץ און קויט,
און אין דערמיט:
— „העלף מי לאָרד!"
אַף טריט און שריט.

שקלאַפן שוואַרצע
וואוינען דאָרט,
ניט דערהערט נאָך
אונזער וואָרט . . .

זיינען קינדער
בלאַס און דאַר,
שוואַרצע אויגן,
הונגער-צאַר.

פענצטער-שויבן
אויסגעהאַקט,
סקריפּ פון טירן
טיף פאַרהאַקט . . .

ברודער שוואַרצער,
בידנער קנעכט,
שוואַרצע ווי די אָסיען-
נעכט.

האַרטער, האַרטער
פּויסט געביין
און אַ קריץ
מיט ווייסע ציין . . .

און אַ זעץ,
אַזוי אַ זעץ,
און צערייס
די פרומע נעץ . . .

ס'איז די וועלט
פאַר ווייס און שוואַרץ,
אַלע האָבן מיר
איין האַרץ . . .

בּרודער שוואַרצער
ווי די נאַכט,
מיליאָנען
שוין דערוואַכט.

קום מיט אונז,
מיט אונז אין קריג,
ס'איז פאַר אונז
דער לעצטער זיג . . .

ניט דיין גאָט
און ניט דיין קויט
וועלן מילדערן
דיין נויט . . .

קום באַקעמף
דיין לאָרד, דיין גאָט,
קום מיט אונז
אין לענינס טראָט . . .

קום מיט אונז,
מיט אונז אין קריג,
ס'איז פאַר אונז
דער לעצטער זיג . . .

## איצכאָק עפּראַס

# צו דער ברעד-ליין

1

וואָס זשע שטייט איר, יונגען אימפּעטיקע, הייסע,
אין שורעס גלייכע, לאַנגע, פול געפּאַקט,
ווען ס'טוט אַ קעלט די לייבער אייך צעטרייסלען,
און בייזער הונגער גרווילט אין אייך און וואַקסט ? . . .

אַזעלכע שטאַרקע יונגען צו ווענט זיך צוגעשפּאַרט,
און קעפּ אױף קעפּ אין טרויעריקייט זיך באָדן,
אין יעדערן פון אײך דאָך שלאָגט אַ האַרץ,
וואָס איז מיט קאַס, מיט גיפט און ביטערקייט געלאָדן.
האָט איר דען ניט מיט שוייס, מיט בלוט מיט וואָרעמס
די ערד באַטרונקען און באַרעגנט?
האָט ניט מיט רוקנס אָנגעלאָדענע, ווי קעמלען,
די נאַכט מיט מאַטער און מיט שטומקייט אייך באַגעגנט? . . .

וואָס-זשע שטייט איר, יונגען, אַזעלכע געלע, גרינע,
מיט מויל פאַרברענט פון הונגער און פאַרטריקנט?
ווער האָט אויסגעטרונקען פון די אויגן אייך די סינע?
ווער האָט אויסגעזויגן אייך די קלאָלע פון די ליפּן?

2

פאַרהויבן זיך שפּייכלער, ווי בערג אין אַן עלנטער וויסטע,
מיט פענצטער פאַרגראַטעט — אַ סאָד אַ געהיימער, —
פול טוואָועס געטורעמט אין הויכן פאַרשפּיצטע,
געהיט פון געדונגענעם סוינישן שוימער,
ליגט אייער פּראַצע און פוילט דאָרט פאַרקויקלט,
ליגט אייער עסן פאַרקניפּט און פאַרבונדן,
און איר מיט אַ הונגער, ווי באַרגישער הויקער,
טראָגט אימפּאָטענץ איבער גאַסן באַזונדער . . .
ווען נאַכטיקער אָטעם — אַ בייסיקער שאַרף, —
צעוועקט אייך אין הערצער בונטאַרישע ברויזן,
טראָגט איר אַוועק אייער מוירדישע קראַפט
איבער הונדערטער גאַסן, איבער נאַרעס אַ טויזנט . . .
ווען נאַכטיקע שאָען פאַרגייען אין שפּעטן,
און הייזער פאַרציען אַ בלינדקייט אױף שויבן, —
שאַרט איר זיך שטילע באַ ווענט, וואו מען זעט ניט,
עפּעס וואָס גאַנווענען, עפּעס וואָס רויבן.
וואַרפט מען אַריין אייך אין טפיסעס אין בלינדע,
ברעכט מען מיט קלעפּ אייער לעצטע אַקשאָנעס,
ווערט איר פאַרמאַטערט און שוואַך, ווי די קינדער,
וואָס קענען נאָר בעטן און קענען ניט מאָנען . . .

דאָרטן זיצן אויך יונגען מיט גלי און מיט מאַרך,
יונגען וואָס טראָגן אַ וואָרט אַ געפּליגלטס,
פאַר בייסיקן עמעס, פאַר שטיין אױף דער וואַך,

זיי ווערן געשלאָסן מיט אייזערנעם ריגל.
לערנען אייך, יונגען, וואָס איז פאַר אייך גוט,
מיט ווערטער מיט מילדע — געלייטערטער סייכל.
נאָר איר, נאָך פאַרסאַמטע פון שקלאַפּישן בלוט,
קערט זיך אַוועק מיט דערשראָקענעם שמייכל . . .
ווען טורמע שפּייט אויס אייך באַליידיקט, פאַרשעמט,
טרעפט מען אייך ווידער אין פאַרטאָגן, ווי וויסטע,
שטום און דערשראָקן, ווי הינט אין דער פרעמד,
זיך ראָיען נאָך ברעקלעך אין גיפטיקע מיסטן . . .
טרעפט מען אייך אָן, אָן פּראָטעסט, אָן געשריי,
טרעפט מען אייך ווידער אָן מוט און אָן פרייד,
צעשטעלטע אין סוינעס געלעסטערטער ריי,
מיט מאַזאָליעטע הענט, נאָך געלעסטערטער ריי:
איר טראַכט זיך: אַזוי איז מיסטאָמע באַשערט,
אַזוי איז געשטעלט שוין פון לאַנג-לאַנגע צייטן!
וועל איך אייך דערציילן, וואָס איך האָב געהערט
פון אַ לאַנד, וואָס באַנייט זיך, און אַ פאָלק אַ באַפרייטן . . .

3

איבער יאַמען און בערג, אין אַ לאַנד אין אַ גרויסן,
געלעבט האָט אַ פאָלק דאָרט אין טונקעלע ווייען.
געהערשט איבער פאָלק האָט אַ בלוטיקער קייסער,
אַ גרויזאַמער פּאָרעץ מיט ווילדע לאַקייען.
זיי האָבן פאַרנומען מיט אייזערנער האַנט
טייכן און וועלדער און פרוכטבאַרן לאַנד.
און באַנען, פאַבריקן, און הייזער, און שטעט,
ווי ענדלאָזער אָפּגרונט — אַ גיריקע קעל . . .
דאָס פאָלק האָט געליטן, נאָר גאָר ניט גערעדט,
ווייל אַזוי איז געווען דעם קייסערס באַפעל.
האָבן קייסער און פּאָרעץ ווי כאַיעס געלויערט
אַף אַרבעטערס פראַצע, אַף שוויים פונם פּויער.
דער פּויער פלעגט זייען און די ערד האָט געטרייסט
מיט צייטיקע טוואַועס, ווי קופּער ווי ברוינער.
נאָר איידער דו זעסט נאָך, און איידער דו ווייסט,
עס שרייט שוין דער פּאָרעץ: אַהער גיב מיין לוין מיר!
איז פּויער געבליבן מיט ליידיקע הויפן,
ווי נאָך אַ פאַרשייטער צעפלאַקערטער סרייפע.
איז יונגט אַנטלאָפן פון היימישער וויג,
האָט יונגט געלאָזט זיך אַף וואָגל און וואַנדער

זוכן זיין ברויט אינם רויש פון פאבריק,
זוכן זיין היים איבער שטאָטישע ראַנדן.
האָט „קאפּיטאל״ שוין געוואָרט דאָרט מיט געטלעכן „פּאָפּ״,
פאַר קליינע פאַרדינסטן, פאַר מינדעסטער גאָב . . .

4

אזוי זיינען יאָרן פאַרגאַנגען אין פּיין און אין טונקל,
אזוי האָט א פאָלק זיך געמאַטערט אין בראַנד.
נאָר ווען ס׳זיינען טרוימען אין גאַנצן געוואָרן פאַרטרונקען
און ס׳זיינען פאַרלאָפן אין ציטער די לעצטע צעבויטעטע רייפן,
האָבן בונטאַרישע זוימען ווי מוילן צעפּרעסן דעם צווייפל
און מוירדישע קראַפט האָט צעריסן פאַרשלאָפענע גרונטן . . .

5

שווינדן טעג, לויפן וואָכן, יאָרן ברענען,
ביז געבראַכט האָט זיי א פייערדיק וואָרט כאַווער לענין:
— זאָל צעשפּילן זיך די וועלט אין רויטן פלאַקער!
— דעם באַלאַנגען זאָל די ערד ווער ס׳האָט פאַראַקערט!
נאָך געזאָגט האָט כאַוועך לענין: — איר זייט קראַפט, —
דעם באַלאַנגען זאָל די וועלט ווער עס שאַפט!
— איר זייט פיל אין די מיליאָנען שטאַרק און מונטער,
ליגט פאַר אייך א וועלט צעעפנט א באַזונטע!
האָט צעשטעלט זיי כאַוועך לענין אין בריגאַדעס,
ביז געקומען איז דער פרייַלעכסטער אָקטיאַבער.
איז געשטאַנען כאַוועך לענין אַף דער וואַך,
ביז געוואונען איז געוואָרן לעצטע שלאַכט.
האָט איבער יאַמען, איבער בערג, איבער וועגן ווייט,
ס׳האָט באַפרייט זיך א פאָלק רויט און פאַרשייט,
איז מיט הייסן בלוט פאַרגאָסן יעדער פרייער שפּאַן,
ניט געשראָקן, ניט געציטערט האָט די ביקס אין האַנט.
האָט געזונגען, האָט געבליצט שאַרפע שווערד,
ביז באַפרייט עס איז געוואָרן שוואַרצע ערד.
ווילן מער ניט פרייע יאַטן, ווילן מער ניט רויטע יונגען,
מיט א הונגער מיט א בייזן, מיט א וויסטן עלנט, אומגיין.
איז די אַרבעט דאָרט אַף פעלדער אַזאַ פרייַלעכע און שאַרפע,
איז אַן אייגענעם סנאָפּ קאָרן אזוי לייכט אין הויך פאַרוואַרפן.
פאַר אַן אייגענעם סנאָפּ קאָרן גלייכט זיך אויס א פעסטע פּלייצע,
איז די אַרבעט דאָרט אַף פעלדער אַזאַ פרייַלעכע און הייסע.
זינגט א פרייד דאָרט אין פאַבריקן בא טראַקטאָרן און מאַשינען,

בלאָנדזשעט מער ניט אום קיין הונגער, גייט די נויט ניט אום אָן זינען.
טראָגט זיך לעבן, הייסער לעבן, יאָגט זיך און עס בריט,
הילכן אָפּ אַף אַלע וועגן יונג-דערוואַכטע טריט . . .

6

עס זיינען גייסטער ליכטיקע געווען אַף אונזער ערד.
מען וועט פאַר דוירעס-לאַנג פאַרצייכענען די נעמען.

קיינעם ניט געווען איז דאָס אַזוי באַשערט,
וואָס ס'איז באַשערט געווען וולאַדימיר איליטש לענין.
בלענדיק איז די זון און ליכטיק די באַגערן,
האָט לענינס טיפער וואָרט צעצונדן האָריזאָנטן.
ווערט דער טאָג אונז העלער, ווערט די פרייד אונז נאָענטער.
ס'האָט מאַרקס געבראַכט דער וועלט די אַרבעטער-אידייע,
ס'האָט ענגעלס אונז גערופן מיט זיין מעכטיקן סיגנאַל,
און לענין האָט געבויט די „קאָמפּאַרטיי"
און דעם רויטן קאָמפּאַס — דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.
און אויך אַף אונזער ערד, דער בייזער און דער האַרטער,
וואו גרויס-פּאַרמעג הענגט נעגער אויף אַף ערשטן פּלויט,
איז גרייט שוין באַ דער שוועל דער מוטיקער „אַקטיאַבער",
איז יונגע האַרץ אין לענין זוניקן פאַרגלויבט.
און אויך אין אונזער לאַנד, פון רייכע און פון פעטע,
לעבט די קאָמפּאַרטיי אין בלאַנקענדיקן שיין.
וועט מען זיך דאָ צערעכענען פאַר סאַקאָ און וואַנזעטי,
וועט מען זיך דאָ צערעכענען פאַר הונגעריקן היינט.
טויט לענינס שלאָף אונז מערער איצט ניט שטערן,
פון אייביק אָן איז מענטש געוואוינט צום טויט.
אין לענינס גייסט אונז פירט דער „קאָמינטערן",
אין לענינס גייסט אונז פירט די „קאָמפּאַרטיי".
אָט קומט אהער, מיליאָנענדיקע האָרדעס!
קומט אהער, פאַרפּייניקטע אין וויי!
קומט פון שמאָלע געסלעך, קומט פון אַלטע כורוועס,
און לאָמיר זיך צערעכענען פאַר בעטל-ברויט.
קומט אהער פון „ברעד-ליין" איר פאַרשעמטע,
אַרויסגעשפּיגענע פון שאַכטע און פאַבריק,
עס איז דער טאָג פאַר צאָלונג שוין אַ נאָענטער,
מיט אָרעמס אָפענע עס וואַרט אַף אייך די קאָמפּאַרטיי און
רויטער באָלשעוויק! . . .

אייזיק פּלאַטנער

# טיימס סקווער

(פֿאָרשפּיל)

אפֿן רוקן פֿון דער שטאָט
רייטן פֿייערדיקע רייטער
ס'רופֿט דער פֿאַררייסענער סקווער —
מיט פֿייערדיק געשריי.
עס ברענען הייזער־קעפּ
מיט פֿלאַמען־שלעפּ:
עס טראָגן זיך צום הימל אויף
דזשעזן־קלעפּ און לוסט.
בראָדוויי גייט —
פֿיס אין רעדער איינגעדרייט;
פֿרייד,
וויי . . .
„דהי געי ווער" . . .
— — — — — — —

בראָדוויי.
האַרץ פֿון שטאָט,
פֿון לאַנד,
פֿון וועלט,
אויגן אַלעמענס צו דיר געווענדט.
הערצער פֿון דער גאַנצער מעטראָפּאָליע
שלאָגן.
ס'שטרעקן זיך צו דיר די הענט
פֿון גאַנצן לאַנד,
ס'פֿאַלן קעפּ צו דיינע פֿיס.
דורך אַלע זיבן יאַמען,
אַרויף צו בראָדוויי.
דורך לופֿט און שטורעם,
דורך אַלע וועגן,
בערג, טונעלן,
באַנען יאָגן,
שיפֿן טראָגן
מענטשן־לאַסט צו דיינע שוועלן,
אויסצולאָדן.

בראָדוויי —
דיין טיר איז פון גאָלד,
פון זילבער די שלעסער ;
דיין וואָרט — איז מאָרד,
דיינע אויגן — א מעסער.
האָסט קישעפדיקע פינגער,
בראָדוויי —
באצווינגער ;
צעזונגען — — — — — — — — —
דיין נאָמען איז צעקלונגען.

עס לאכט בראָדוויי
ביינאכט,
עס שעלט אין ווייי
בראָדוויי.
— הערן אין צילינדערס,
טויזנט-פארביקע בענדער,
וואונדער.
דעקאָלטירטע דאמען,
בעטלער בלינדע.
ליפן, פאָמאדעס,
שפיל, טאנץ,
סערענאדעס,
מיליאָנענדיקער גלאנץ.
רעדער דרייען זיך און סקריפען,
שיקורים וואקלען זיך,
גויסעסדיקע כריפען,
שענדער שפייען אויס,
געשענדעטע כליפען . . .
שילדן פון קארניזן,
שפיזן —
הונדערט מיידלעך צום טאנצן
פאר יעדן מאן
פאראן . . .
— — — — — — — —

שפאן ארויף בראָדוויי,
ארויף
שפאן.
קלעטער העכער, פייער.

פרייער פלאַם,
לאַווע־יאַם,
גיס.
זאָל דער הימל פאַלן דיר צו דיינע פיס,
אָפּגאָט — ריז . . .
— — — — — — — —
אַפן רוקן פון דער שטאָט
רייטן פייערדיקע רייטער,
יאָגן,
פייער־פערד און פייער־וואָגן
בייזע בסורעס אָנצוזאָגן;
מיר וועלן שוין מער ניט פאַרטראָגן,
מיר וועלן ניט . . .
— — — — — — —

— ווער?
איך וועל קומען מאָנען באַ דעם סקווער!
איך בין איינער פון מיליאָנען,
אַ פּראָסטער, אַזאַ פּראָסטער:
כ'האָב קיין פראַק ניט, קיין צילינדער,
און קיין אויטאָ ניט אפילו.
אויגן האָב איך, קום איך קוקן
אַף דיין בייזן וואונדער:
שטעל איך זיך אַנידער באַ די פיס פון „טיימס" קוקן.
אַ נאַכט איז אַזאַ, און עס קאַפּעט אַ רעגן,
איבער מיר, און אונטער מיר, און אַנטקעגן,
שפּאַטן טויזנט פייערדיקע בליקן
פון מיר אַזאַ איינעם.
נאָר איך האָב שוין איינמאָל אַ טאַינע —
ברידער מיינע
שווען אויף פון הונגער,
גייען אום מיט אומרו אין די פינגער;
מיט הענט מיט איבעריקע, ווי בייטשן,
שפּאַנען,
הונגעריקע קאַראַוואַנען,
ביז וואַנען?!
ענטפערט מיר דער סקווער מיט אַ געלעכטער,
מיט אַ גאָס פון רעגן.
קוקט מיך אָן מיט ברענענדיקע אויגן,
און מיט וועכטער

אומגעשטעלט אַרום פאַרמעגן . . .
הויבט זיך אָן אין האַרץ אַזאַ געַרודער,
אָן אויפבַרויז אין די בלוטן.
— מיינע ברידער יאָגן
איבער רוקן פון דער שטאָט.
פייערדיקע רייטער
טראָגן פאָנען,
מאָנען . . .
פונקען דרייען זיך פאַר מיינע אויגן,
סקווער גיט זיך אַ דריי,
מיט קאָפּ אַראָפּ פאַרבויגן;
ס׳פאַלט אין פּאָנים מיר אַ קרומער פייערדיקער רעגן:
מיינע ברידער קומען אָן,
אויף פייערדיקע וועגן . . .

## דאָוויד עדלשטאַט

# דער קוילנגרעבער

ווען איר וואַרעמט זיך, ברידער, באַם פריילעכן פייער,
באַוואָרנט פון רעגן און ווינט,
צי דענקט איר אַמאָל, ווי שרעקלעך טייער
עס קאָסט יעדער קויל אונז אַצינד?

צי דענקט איר דערפון, ווען אין וואַרעם איר רוט? —
איר זעט אָט די גליענדע אַשן? —
זיי זיינען געפאַרבט מיט מענטשלעכן בלוט
פון טויזנטער יונגע נעפאַשעס!

־אַם פייער עס פלאַקערט פריילעך און שיין,
דאָך ציטערט אין מיר יעדער אייווער,
ס׳איז יעדער שטיק קויל אַ מאַצייווע-שטיין
אויף קוילנגרעבערס קייווער.

אָ, ניין! ס׳איז ניט קיין טויטע שטיינער, —
אַ באַרג אַ בלוטיקער ברענט,
פון פאַרזשאַווערטע ביינער, אַרבעטער ביינער,
צווישן קוילנגרובנס פינצטערע ווענט.

ברידער! קאָנט איר דאָס שרעקלעכע לעבן,
דעם קוילנגרעבערס פֿיינען?
זאָגט, קאָן אין דער וועלט נאָך טרעפֿן
א פינצטערער לעבן ווי זיינער?!

ער ארבעט פון קינדהייט אין דער ערד באַגראָבן
פֿאַר קאַרגן שטיקעלע ברויט,
און דאָס קאָן ער אויך ניט אימער האָבן,
און ליידט נאָך הונגער און נויט!

מיט זיין אייגענעם קינד איז ער ווייניק באַקאַנט:
פֿאַרטאָג נאָך פֿאַרלאָזט ער זיין שטוב,
און איילט צו דער ארבעט, דער שקלאַפֿן-שאַנד,
אין קאַלטן, פינצטערן גרוב!

ער ארבעט און ארבעט אין טונקלען געצעלט
פֿאַר די רייכע אייזנבאַנען,
פֿאַר דיינקער און קינסטלער פון רייכער וועלט,
פֿאַר אַלע זיינע טיראַנען!

ער ארבעט, זיין לעבן אין שרעק און געפֿאַר,
לעבעדיקערהייט זיין פֿאַרשאָטן . . .
און וואָס איז זיין לוין? ער ווערט דערפֿאַר
גערויבט! מיט די פֿיס געטראָטן!

איין לייב וועט דעם צווייטן ניט טויטן,
און מענטשן — די קרוין פֿון נאַטור —
מענטשן פֿרעסן איינער דעם צווייטן,
ביז עס בלייבט פון זיי קיין שפּור!

ווען איר וואַרעמט זיך, ברידער, באַם פֿריילעכן פֿייער,
באַוואָרנט פון רעגן און ווינט,
געדענקט אינעם גרעבער! געדענקט ווי טייער
עס קאָסט יעדער קויל אונז אצינד!

געדענקט אינעם גרעבער, פון זיין פֿרוי און זיין קינד,
די שקלאַפֿן פון גאָלדענע געטער,
זעט ווי זיי ווערן דערמאָרדעט, ווי הינט,
און האָבן קיין פֿריינט און רעטער!

און אויב איר האָט נאָר אַ ביסעלע מוט,
און גייט מיט אייער האַרץ און בלוט
וואַכט אויף און נעמט די קליי־זאַיען,
די ליידנדע שקלאַפן באַפרייען! . . .

## יאָהאַנעס בעכער

אידיש: אייזיק פּלאַטנער

# אַרבעטלאָזע

זיי שטייען גרופּעסווייז אַף גאַסן־עקן,
די פויסטן פעסט אין צעשלאָסענע רעק;
די היטלען איבער שטערן, דער רעגן טריפט.
זיי שטייען אָנגעפּראַפּט ווי שוואַרצע פלעקן.

דער אַרבעטלאָזער שלאָנדערט זיך דורך גאַסן,
זיין הונגער־לייב שלעפּט שווער זיך ווי אַ זאַק;
דער דזשעז־באַנד קלאַפּט, די טרובעס בלאָזן,
אַ וואָלקנקראַצער שטייט געפּרעסט ווי אין אַ פראַק.

אין די מאַרקן צאַפּלען פעטע פיש,
עס טורעמען זיך הויפנס פלייש אין רויער פּראַכט:
פון פרישע פרוכטן אַ זיסער ביסן,
צוגעגרייט אַף טישן פאַר דער נאַכט.

אַ גאַניידן פון די רייכע, לאַנדשאַפט פון ליידיקגייער,
עס טראָגט זיך וואויל אַ פעטער בויך. עס גליט
דער רינג אַף פינגער, עס שוימט דער וויין.
די זון אין הימל הויך, ווי גאָלד אָראַנזשן בליט.

דאָס אַרבעטלאָזע לאַנד איז אונטער בריקן־בויגן,
אין פייכט געדיכט נעבל, אַף גאַסן־שטיין:
אין טויטנשטיבל שווייגנד איינגעצויגן,
און בייסווילעם ציט גיריק דאָס געביין.

די אַרבעטלאָזע מאַכנע וואַכט אין טוכלען דעמער,
וואַכט באַטאָג און וואַכט באַנאַכט;

עס וואַכט אַ קלאָלע פּאַרן זאַטן און פאַרשווענדער,
די אַרבעטלאָזע מאַכנע וואַכט . . .

עס וואַכט די צייט . . . אַ פיבער נאָגט
דאָס לאַנד, ווי זודיק עסן ברענען מענטשן-מאַסן,
אַ בלאַנקער ווינט אין אַלע פענצטער שלאָגט,
זיי קנאַלן אויף די שויבן פּלאַצן.

פאַרמאָרעט, אויסגעצערט ווי אַ סקעלעט,
שטייט איינער אַף אַ פּלאַץ און רעדט,
געבײַלטע פויסט — אין לופט — אַ צייכן שטויסט זיין האַנט,
זיין בלוט־רויט פּאָנים גלאַנצט אין גרויסן בראַנד.

אין אונטערערדישע קאָנורעס, איינגעהילט אין טראַנטעס,
מיט הוילע פּיס זיך שלעפנדיק דורך קויט,
מיליאָנען קריכן טעגלעך, דראָענדיק: „מיר הונגערן” —
די ראַדיאָס זשומען: אַכטונג! כוואַליעס רויט!

עס פייפט אַלאַרם, שפּיגל שויבן, — שטיקער שפּליט,
באַנען בלייבן שטיין אינמיטן פון געיעג;
וואָס טראַמפּלט עס דורך נאַכט מיט אייזן-טריט
די מאַכנע אַרבעטלאָזע אַפן וועג?

פאַרשטאַרטע שטייען די מאַשינען. פון פאַרגאַזטע מינען-שטעלן
אין באַרג-געביט אַ לעצט געשריי צעשרייט.
דער אַרבעטלאָזער מאַרש הילכט אָפּ ווי דונער-קנאַלן,
עס גייט די שטורעם-לאַווע פון דער צייט.

## מאָריס ווינטשעווסקי

# אַ מיידעלע אין דער סיטי

לעבן דער בערזע, דעם טעמפּל פון שווינדל,
זע איך טאָג טעגלעך אַן אָרעמעס קינד,
שטייענדיק רואיק און שטיל ווי אַ הינדל,
נאָענט פון אַן אַלטן מאַן, וועלכער איז בלינד;
שוועבעלעך טראָגנדיק,
שטילערהייט זאָגנדיק,

בעטנדיק: „קויפט בא מיר מעטשעס, מיין הער!
טיו באַקסעס אַ פּעני, וואָן פּעני די פּעיר!“

דרויסן מעג רעגענען, דונערן, בליצן,
זי שטייט גאַנץ רואיק, טוט זיך ניט אַ קער;
זאָגט נאָר: אָט קען נאָך דער רעגן באַשפּריצן
איר ביסל סכוירע און דאַיגעט ניט מער;
שטעלט אויס די קליינינקע,
שוואַכינקע, שיינינקע
הענטעלע, בעטנדיק: „קויפט מעטשעס, סער!
טיו באַקסעס אַ פּעני, וואָן פּעני די פּעיר!“

וויים זי פון עלטערן, שוועסטער און ברידער?
וויים זי וואָס פריינטשאַפט, וואָס ליבע באַטייט?
האָט זי אַ היים, וואו איר גוף, אירע גלידער
קענען זיך אויסרוען — ווען זי האָט צייט?
אָדער ווי ראָלאַנד היל
שלאָפט זי אין קאָרן־היל?
זאָגט זי ניט, בעט זיך נאָר: קויפט מעטשעס, סער!
טיו באַקסעס אַ פּעני, וואָן פּעני די פּעיר!“

מעקלערס, קאָנטאָרשטשיקעס, גאַנצע כאַיאָלים,
לויפן אַהין און צוריק ווי פאַרסאַמט;
צאַפּלען זיך לויפנדיק ווי טייוואָלים,
אויסרופנדיק אַלע ווײַלע: „פאַרדאַמט!“
לויפנדיק, גייענדיק,
צייטנווייז שטייענדיק,
זעט זי זיי, בעט זי זיי: „קויפט מעטשעס, סער!
טיו באַקסעס אַ פּעני, וואָן פּעני די פּעיר!“

זי האָט פאַר רעגנס, פאַר פאָגעס ניט מוירע,
אָבער ווי לאַנג בלייבט אַ גאַס־קינד געזונט?
אָט קומט די אויסצערונג — און איר סכוירע,
וואָס זי היט מער ווי איר לעבן אַצינד,
טראָגט שוין אַנאַנדערער,
קלײנער שטאָט־וואַנדערער,
פּונקט ווי זי שרייענדיק: „קויפט מעטשעס, סער!
טיו באַקסעס אַ פּעני, וואָן פּעני די פּעיר!“

## דריי שוועסטער

אין ענגלאַנד איז דאָ אַ שטאָט לעסטער,
אין לאָנדאָן איז דאָ אַזאַ סקווער,
אין סקווער שטייען טעגלעך דריי שוועסטער,
די שוועסטער — זיי קען ווער-ניט-ווער.

די אינגסטע פאַרקויפט דאָרטן בלומען,
די מיטלסטע — בענדלעך פון שיך,
און שפּעט אין דער נאַכט זעט מען קומען
די עלטסטע, וואָס האַנדלט מיט זיך.

די אינגערע שוועסטער באַטראַכטן
די עלטערע שוועסטער אָן האַס,
דען אַלע דריי מיידלעך פאַראַכטן
די רווישנדע שטאָט, און די גאַס . . .

דאָך שפּעט בײַ דער נאַכט, ווען זיי קומען
צום נעסט, וואָס זיי רופן „אַ היים",
באַנעצן זיי בענדלעך און בלומען
מיט טרערן, וואָס פליסן געהיים . . .

## אַרן ראַפּאַפּאָרט

## דער אַלטער וועכטער מ׳קעי

שטיל אין שאַפּ, שטיל און טונקל :
דורך אַ מאַטער שויב דרינגט דורך אַ שטראַל
און ווינקט צום וועכטער אַף דער וואַך,
וואָס זיצט ווי אַ סטאַטוע פאַרגעסן פון צייט.
און שאַ, און שטיל אין כמורנעם שאַפּ —
די שטילקייט ווי אין אַ טויבן-פּויק.
ער נויגט אָן אויער און הערט זיך איין
אין קלאַנג פון האַמער, וואָס האָט אַמאָל געהילכט,
און זעט דעם אויוון אָן אָטעם שטיין,
שוואַרץ און בלינד, ווי די קויל אין אים.

ער הויבט זיך אויף און שפּאַנט אַדורך,
ניט פאַרגליווערט צו ווערן ווי די מאַשינען דאָ.
פאַלט זיין בליק אַף דער צוואַנג-מאַשין,
וואָס האָט אייזן געביסן מיט שטאָלענע ציין
און שטייט און וואַרט מיט אַ צעעפנט מויל
אין אייזן אַ ביים טאָן, שאַרפן אַ צאָן.
שטופּט ער דעם בעזים אין איר צוואַנגען-מויל:
„ביים" זאָגט ער, „ביים נו, ביי—ם!"
דאָס טוט זיך אים פון פאַרדרוס וועגן,
פון דעם, וואָס ס'האָט זיך אים פריער געטראַכט,
ווי די וואַשינגטאָן-לייט האָבן זיין זון פאַרשיקט,
מילכאָמע צו האַלטן אַף יענער זייט יאַם,
און ווי שאַפּ האָט דאַן געפיבערט אין גאַנג,
שיקער פון קלאַנג, ווי אַ צעקלונגענער גלאָק,
און איצט שלאָפט זיין זון אין קייווער דאָרט,
און עס שטומט דער שאַפּ ווי אַ פּייגער דאָ.
געלאָזן מענטשן אַף גאָטס באַראָט,
צו בעטלען ברויט פאַר ווייב און קינד.
און ער, דער אַלטער וועכטער מ'קעי,
האַלט וואַך, און וואַכט, און וואַכט נאָך דאָ.
ער קוקט זיך אָן אין וואַסער-פאַס,
און זעט זיך אַלט, און זעט זיך גרוי —
ווי פון אַ גרויען כאָלעם אַרויס . . .
שפּייט ער אַזוי אין פאַס אַריין:
אָט האָסטו דיר, דו איירישמאַן!
אָט האָסטו דיר, דו אַלטער נאַר!
פאַר אויסכאָוועןן אַ זון, אַ העלד,
אַ זון אַ העלד, פאַרן טייוולס מאַכט!
— — — — — — — —
שטיל אין שאַפּ. שטיל און שטום.

לייב סאָברין

# ב ר ע ד - ל י י ן

ווי דאָרשטיקע קעמלען באַגינען אין מידבער,
וואָס זוכן אַ קוואַל צווישן זאַמדיקע טרעפּ,
שאַרן זיך רייען צעבראָסטעטע שאָטנס
מיט פּלייצעס האָרבאַטע און געזונקענע קעפּ.

נאַכט האָט געלאָזט אַ נאַדיזנע דער שטאָט —
טויט אין די אויגן און פראָסט אין די ביינער,
נאַכט האָט פאַרגעסן פאַרנעמען מיט זיך
דעם טרויער וואָס וויינט איצט אַרויס פון די שטיינער.

איבער די קעפּ פון צעהויקערטע שאָטנס
הענגט ווי אַ באַרג אַ פאַרכמאַרעטער הימל,
הינטער די כמאַרעס ציטערט די זון,
ווי ווינטער אין נאָרע אַ בער זיין דרימל.

באַלד וועלן הייליקע נאַפּקעס זיך ווייזן
און אויסטיילן טעפּעלעך קאַווע מיט ברויט,
יעזוס וועט רוען אַף זייערע ליפּן
און גלעטן אַף שאָטנס ציאַטערטע הויט.

פאַרגליווערטע הענט, ווי פאַרזשאַווערטע צוואַנגען,
וועלן זיך ציען מיט טעמפּע פאַרברודיקטע פינגער,
די זון וועט אין כמאַרעס אויסגליען לעבער —
ס׳זאָל ליכטיקער בליסטשען אַף גאַסן דער הונגער.

## ס׳ליד פון אַלטן אָפּערייטאָר

ס׳האָט זיך דער אַלטער מוישע־יאָס שוין לאַנג דערוואוסט,
אַז ס׳קענען נאָדלען זיך פאַרקלייבן אין אַ שאַרבן,
אַז ס׳קענען אָדערן ווי פעדים זיך פאַרקניפּן
און אַף אַ האָריק לייב זאָלן זיך באַוויזן זשאַווערדיקע קאַרבן.

צווישן גרויע ווענט האָט ער די טעג זיינע און יאָרן אויסגעשטעפּט
און איינגעזאַפּט אין זיך ס׳געוויין פון די מאַשינען,
יעדע נאַכט אין שלאָף האָט ער פון רו געכאָלעמט און געוויינט
ביז ס׳פלעגט מיט שערן אויפשניידן די וויעס זיינע דער באַגינען.

צי האָט די זון אַ פּאָנים פון מאַראַנצן־שאָלעכץ?
צי צוויטעט גאָר אַף איר, ווי אַף די פענצטער אינם שאַפּ, אַ גרינער
שימל?
וואָס ווייסט דען מוישע־יאָס פון אָט די פרעמדע זאַכן?
אַז איבער אים אין שאַפּ הענגט גאָר אַ פלעקעדיקע סטעליע —
ניט קיין הימל.

ס׳האָט די לאַסט פון די מאַשינען אויסגעקרימט זיין ליב,
און ס׳האָט די הויט מיט פאַלדן אויסגעצירט זיין שטערן,
ווי באַ אַ ניכפּעניק האָבן זיך צעציטערט זיינע הענט
און פון נעפּלדיקע אויגן רינען ברודנע טרערן.

אַז ס׳זאָגן לייצים אים אַמאָל: „רעב מיסטער מוישע־יאָס,
מ׳רעדט אַז ניט קיין „ציטיזענס" שיקט מען איצט אַרויס פון לאַנד!"
איז וואָס זשע קאָן דער מוישע־יאָס זיי ענטפערן דערויף?
אַז „פון די שניידער באַ קאָלאָמבוסן בין איך די עלטסטע האַנט!"

אין די פאַרנאַכטן, ווען ס׳ווערט דערשטיקט דער גרילץ פון די מאַשינען
און ס׳דאַכט זיך, אַז די רעדער סאָפּען איצט ווי מידע פערד,
הערט ער מיט טעמפּע אויערן, „פון יענעם גרויסן סטרייק, וואָס
מ׳האָט אין ריסנלאַנד געצעטלט",
און פון „דער שטאַרקער יוניע", וואָס גיט דאָרט באַלעבאַטים קייען ערד.

ווי אַ פאַרגאַפטער פליעסקעט דעמאָלט מוישע־יאָס מיט זיינע ליפּן
און גלאָצט ווי אַף גרוים כאַריפעס זיינע טרערנדיקע אויגן:
מיט זיינע ברודנע פינגער רייניקט ער די אויערן זיך אויס
און ווייסט ניט, צי זאָל אַן אַלטער איד, ווי ער, די יונגע לייצים גלויבן.
— — — — — — — —

נאַכט מעקט אויס די געלע פליאַמעס פון דער סטעליע
און מאָלט פאַר מוישע־יאָסן שוואַרצע קווייטן אַף די ווענט.
ערגעץ, הערט ער, וויינען, דאַכט זיך, קינדער,
און ס׳בינדט אים אימעצער מיט גליענדיקע דראָטן פיס און הענט.

אַף אַלע שויבן פּויקט דער טויט מיט פייערדיקע נעגל,
און ס׳וויקלט זיך אין גרינע פלאַמען זיין מאַשין;
אינמיטן שאַפּ צעעפענען זיך קוואָרים
און ס׳טאַנצן דאָרט אַף נאָדלען זיינע טויטע זין.

ווי אַ בעטלער שטייט אַצינד פאַר אים דער באַלעבאָס
און לייגט אַוועק באַ זיינע פיס אַ זאַק מיט געלט —
נאָר מוישע־יאָס דאַרף באַלד גאָר גיין צעטלען
דעם גרעסטן סטרייק, וואָס ציט זיך אַף דער גאָרער וועלט . . .

ל. דינסקי

# קריזיס

ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס אימפּעטדיקע ראָד אין ראַכוועסדיקן גרויסלאַנד.

„עפּעס" אינם ראָד האָט אויפגעהערט זיך רירן . . .
ווי אין אַ קראַנקע האַרץ ווען ס'הערט אויף ריטמיש שלאָגן
האָבן צוגעמאַכט זיך שעפּער און פאַבריקן,
און באַנקען האָבן אויפגעהאַנגען שלעסער אַף די טירן —
(פאַר די וואָס האָבן לעצטע סענטן דאָרט געטראָגן . . .)
נאָר וואָל-סטריט האָט געזאָגט: „ס'איז בלויז אַ צופאַל!"
האָבן פּענימער זיך געשוואַרצט מיט קעסטלעך „בושע-עפּל" אַף די
ראָגן —
(הענט פאַרצווייפלטע האָבן בלינד געזוכט אַן אָנהאַלט.)
נויט און הונגער האָבן אָנגעהויבן צירקולירן
אין לאַנד פון „פרייע און בראַווע",
נאָר וואָל-סטריט האָט געזאָגט „ס'איז גאָרנישט!"
און הואווער האָט גערעדט ווי אַ נאַווי:
„אין לויף פון זעכציק טעג וועט שעפע ווידער אונזער לאַנד באַגליקן."
איז שוין אָנגעוואַקסן אַ דיקער שיכט מיט זשאַווער,
נישט אין די צוגעמאַכטע ליידיקע פאַבריקן!
(דאָרטן דעקט מען די מאַשינען איבער . . .)
נאָר אין אונזערע פון הונגער אַטראָפּירטע קערפּערס;
אין אונזערע דאַלעד-אַמעסדיקע שטיבער,
זשאַווער, זשאַווער!
נאָר פון אונטערן דיקן שיכט מיט זשאַווער זעצט אַרויס ווי אַ
פייער-זייל,
אַן אָנגעגליטער צאָרן — אין פלאַם פון רויטע פאָנען.
פאַרמירן זיך שוין רייען —
נישט פאַר זעקלעך צוגעפּוילטע שפּייז פון „האַרציקע" פאַרזאָרגער;
נישט פאַר רייפטלעך ברויט מיט ברודנע קאַווע —
נאָר רייען שטאָלצע קעמפער, וואָס קומען מאָנען.
און וואָל-סטריט הערט שוין — און וועט נאָך הערן!
דאָס ליד פון צאָרן —
דאָס ליד פון קאָמינטערן!

כאַיעם מאַרגאָלעס-דאַווידזאָן

# אין געריכט-הויז

— וואָס איז דיין נאָמען? נאָר זאָג מיר געלאַסן,
ווי אַלט און וואו האָסטו דיין הויז?
— איך האָב ניט קיין נאָמען פאַר אייך וואָס זאָל פּאַסן,
איך נעכטיק וואו ס'מאַכט זיך מיר בלויז.

— אוהום . . . ווילסט ניט זאָגן? וועט גוט זיין אַזוי אויך,
זאָג כאָטש, דיין אַרבעט וואָס איז?
— איך בין אַ הענדלער, איך האַנדל מיט קויעך,
כ'פאַרקויף מיינע הענט און די פיס.

— וואָס הייסט דו פאַרקויפסט? און ווער צווינגט דיך פאַרקויפן?
און ווען פאַרקויפסטו, מיר זאָג!
— עס צווינגט מיך מיין נויט, און יענע וואָס זויפן
און לעבן הולטאַיאיש אַ טאָג.

— פאַר אַרבעט באַצאָלט מען. טאָ וואָס איז די פּולע
וואָס דו האָסט געגאַנוועט אַ ברויט?
— ניט געווען קיין קוינע אַף הענט מער אַפילע
און מישפּאָכע געליטן האָט נויט.

— האָסטו ניט געוואוסט, אַז עס איז אַ פאַרברעכן
פאַרנעמען אַ פרעמדן פאַרמעג?
— שווער איז אויסמיידן די גריבער און לעכער,
וואָס זיינען געגראָבן אין וועג.

— דאָס געזעץ איז שטרענג און פאָדערט באַשטראָפן,
כ'פאַרשיק דיך און ווייס דעם באַטייט.
— די שטראָף וועט איצט קומען, מיר ווייסן, מיר האָפן,
עס קומט שוין, ניט ווייט שוין די צייט.

ל. גאָרעליק

# אפֿן הויכן באַרג

(אין פֿאָלקס-טאָן)

אפֿן הויכן באַרג, אפֿן גרינעם גראָז
שטייט אָנקל סעם מיט אַ רויטער נאָז.
שטייט אָנקל סעם און ער טראַכט זיך און טראַכט:
ווער האָט עס אַזוי אים די נאָז רויט געמאַכט?
„דאָס האָבן די „רויטע" מיר קישעף געטאָן,
אַז נאָר זיי צעוויקלען סאָוועטישע פֿאָן,
אַז נאָר זיי צעזינגען זיך, שרייען און שרייבן.
איך האָב שוין געפּרוּווט זיי פֿון לאַנד צו פֿאַרטרייבן;
האָט עס געהאָלפֿן ווי באַנקעס אַ טויטן,
טרייבסט אַרויס איינעם, באַלד האָסטו אַ צווייטן,
אַ דריטן, אַ פֿערטן. ס'וועט לאַנג ניט געווערן —
און אין די מיליאָנען וועלן זיי דאָ ווערן.
איז מיילע, די פֿרעמדע, ווער שרעקט זיך פֿאַר זיי?
זיי אַרן מיך ווי פֿאַראַיאָריקער שניי.
זאָלן זיי שרייען, זיך בייזערן, מאָנען:
אין טויזנטער זיי דעפּאָרטירן מיר קאָנען.
אָבער די היגע — זיי שרייען דאָך אויך!
אַ פֿייער צעברענט זיך! איצט זעט זיך אַ רויך:
באַלד קען עס אַ פּלאַקער טאָן אַזש מיט אַ קנאַק.
אוי גוואַלד! וואָס וועט זיין מיט מיין האַק און מיין פּאַק!
זיי קענען דאָך ברעכן מיין אייזערנע וואַנט —
און מאַכן סאָוועטיש דאָס גאָלדענע לאַנד!"

גייען אַף דער הויפּט-שטאָט
הונגעריקע ריזן,
שרעקן זיי זיך ניט
פֿאַר שווערדן און פֿאַר שפּיזן.

גייען זיי און זינגען
לידער פֿון דעם היינט.
ערגעץ פֿון אַ טורעם
קוקט אַרויס דער פֿיינט.

קוקט מיט טויזנט אויגן,
גרייט מיט ביקס און שרויט.

פון די קוילן-וואַרפער
קוקט אַרויס דער טויט.

מאַנען ברויט די ריזן;
גייען אַלץ פּאַראויס
מאַכנעס הונגעריקע
צו דעם ווייסן הויז.

:: :: ::

זיצן אין דעם ווייסן הויז
האַנאָראַווע האַרן;
אָפּגעגעסן האָט מען זאַט,
רויכערט מען ציגאַרן.

און דאָס רעדעלע פון לאַנד
דרייען זיי און דרייען.
פּלוצלונג הערט מען אַ געשריי:
הונגעריקע גייען!

האַלעדראַנצעס! מאַיעסטעט!
מיט רעספּעקט צו מעלדן:
ס׳געפינען זיך צווישן זיי,
אויך מילכאָמע-העלדן.

זיי קומען אין די טויזנטער,
אָנגעטאָן אין שמאַטעס.
מ׳קען דאָך ניט אַזאַ אַרמיי
זעצן הינטער גראַטעס!

מ׳קען דאָך ניט אַזאַ אַרמיי
אין טפּיסע דאָ פאַרשפּאַרן!
וואָס זשע טוט מען פּאַרט מיט זיי?
זאָגט זשע, קלוגע האַרן!

הערט נאָר ווי זיי שרייען דאָרט,
מאַנען ברויט מיט פּוטער!
לויפט מען שוין צום העכסטן האַר:
פּאַרעצל דו גוטער!

זאָג אונז, וואָס מיט זיי צו טאָן!
גיב אַ קלוגע אייצע!
ווייסט ניט פּאָרעץ וואָס צו טאָן,
קנייטשט ער מיט אַ פּלייצע.

:: :: ::

שפּילט זיך אַ דראַמע
אויף וועלטס גרויסער בינע.
דער „סטאַר" פון דער דראַמע —
די רייכסטע מדינה.

עס שפּילן ניט שלעכט אויך
אייראָפּעס אַקטיאָרן —
מ'איז ווייט אין דעם בלוטיקן
אַקט שוין פאַרפאָרן.

עס ווערגן און דריקן
דעם פעטערלס טויוועס;
ס'מאָנט לעצטע מילכאָמע
נאָך אַלץ אירע כויוועס.

ניט בלוט פון מיליאָנען
יונגע קאָרבאָנעס;
ניט אומגליק פון מאַמעס,
יעסוימים, אַלמאָנעס, —

קיין דין און קיין כעשבן
פאַר כאָרעווע הייזער,
פאַר היימלאָזע קינדער
געבליבן אָן שפּייזער, —

נאָר געלט פאַר באַגנעטן,
פאַר ביקסן, קאַנאָנען,
אָט דאָס, טוט אַמעריקע
נאָר מאָנען און מאָנען.

און דאָ האָט אַ גאַנעוו
געגאַנוועט דאָס געלט,
און הונגער מאַרשירער
פאַרפלייצן די וועלט.

עס פאַלט שוין דער פאָרהאַנג
צום סאָף פונם אַקט;
מ'האָט שוין דעם עמעסן
גאַנעוו געפּאַקט, —

אָט דעם, וואָס האָט שטענדיק
באַגאַנוועט די וועלט,
אים האָבן די מאַסן
צום מישפּעט געשטעלט.

דער לעצטער אַקט הויבט זיך שוין
אָן אין די גאַסן:
אַראָפּ מיט די סטאַרס!
איצטער שפּילן די מאַסן!

אַי וועט מען אַ שפּיל טאָן!
אַי וועט זיך דאָס טאָן!
די מאַסע וועט ווייזן אייך
איצט, וואָס זי קאָן.

ווען ס'וועט שוין דער נייער אַקט
האַלטן באַם ענד,
וועט ליגן דער גאַנעוו
געבונדן די הענט.

און מ'וועט אין זיין בוזעם
ניט בלויז דאָס געלט,
נאָר טאַקע געפינען
ד י  ג אַ נ צ ע נ ע  װ ע ל ט.

## י. גרינשפּאַן

## צו וואָל-סטריט'ס ווייסן-הויז

גיס דעם זאַפט פון לאַנד אין יאַם אַריין:
וואַרף אין פלאַם דאָס קאָרן און דעם באַוול, און טאַנץ דיין
וואַקכאַנאַליע-טאַנץ באַם שײַן.
דו מיינסט: דאָס אַרבעטס-פאָלק וועט פייגערן און וועט דיר מויכל
זיין —
דו, ראַפינירטער שוויין!

דיין שנוק האָט ער אַליין מיט גאָלד באַפּוצט:
זיין אייגן מאַמעס מילך אַוועקגעגעבן דיר, זיין לעבנס אַלדאַסגוטס. —
איצט רוקסטו טיף אין הארצן אים אַריין דיין שנוק און שפּייסט
אַהין דיין שמוץ,
און כרוקעסט נאָך: ער ברענגט דיר ניט קיין נוץ.

אין געשיכטע׳ס מיטן-נאַכט, ווי אין ווילדן וואַלד אַ בער,
באַפּאַלן ביזטו אים, דעם פּראַצע-מענטש, ווען ער
האָט מיט זיין שוויים געווייקט די בראָכע פון זיין האַרטער ערד —
זינט דאַן האָסטו ניט אָפּגעלאָזט אים מער.

זיין כאָכמע אויסגענאָגט האָסטו און אים אַוועקגעשטעלט
פאַר סקאָרינקעס מיט מאַך דיר אויסבויען אַ וועלט —
איצט שוידערט אויף אַף דיר דיין פאַרפּומירטע פעל:
עס זאָל די נויט זיינע ניט פּלאַצן באַ דיין שוועל . . .

נאָר הער: אַמאָל אין זיין באַגין,
נאָך איידער ס׳האָט דער מענטש דערקענט דעם איבעם פון זיין מין,
האָט זי טאַקע, די נויט, אויג אַף אויג געשטעלט אים מיטן טויט
און אויסגעלערנט אים
פון קאַמף דעם זין.

איצט שטייט ער אויף אַף דיר. ער פאָכעט שוין פאַנאַנד
אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד זיין רויטן אָרגאַן . . .
אָ, אָ, און ווי וועט זיין צו דיר ווען ער, דער פּראָמעטיי, וועט זיין
פולן הויפן בראַנד
אַ שליידער טאָן אַף דיין שווינען-טעמפּל-וואַנט!

טאָ שטראָם דערוויל דעם זאַפט פון לאַנד אין יאַם אַריין,
וואַרף אין פּלאַם דאָס קאָרן און דעם באַוול און טאַנץ דיין לעצטן
וואַקכאַנאַליע-טאַנץ באַם שיין. —
דו האָסט געמיינט: דאָס פאָלק וועט פייגערן און וועט דיר מויכל זיין —
דו, ראַפינירטער שוויין!

# מאַפּאָלע

ס׳האָט אַ ווינט זיך צעווייעט קאַפּויר איבער אַלץ
אין אַמעריקעס שטאָלענעם שטייגער,
ביז אין איינעם אַ טאָג איז באַ וואָל-סטריט אין שטאָל
דאָס פּראָספּעריטי-קעלבל געפייגערט.

און קאַפּויר יאָגט דער ווינט זיך זינט דאַן און צעגרווילט
אַ שפּעט-האַרבסטיקן קראָען-געזאַנג,
און צעטראָגט איבער סקלאַדן מיט שעפע, וואָס פוילט,
און פּוסטע פאַבריקן — פאַרגאַנג.

לאָדט מען וואַגאָנעס מיט ברויט און מיט האָניק
און מ׳דאָמפּט און מ׳פאַרסאַמט דערמיט טייכן ;
און מיט הייסן מעטאַל פּילט מען אָן די וואָס מאָנען :
„ס׳איז אונזערס די שעפע פון שפּייכלערס״.

במורען זיך שטרעקעס, ווי וויסטע בייסוילעמס,
מיט פאַבריקן פאַרשטיינערטע קוואָרים —
און סע זוכן די קוימענס צווישן וואָלקנס, ווי גוילעמס,
זייער שטאָלץ פון פאַרגאַנגענע יאָרן.

אָטעמט דער שמעלצטאָפּ אַריין אין זאַוואָד
אַ שוואַרצן פאַרגליווערטן געגנעץ,
ווערט דער שמעלצער פאַרנודיעט פון יויזלס געבאָט
פאַר קאַווע און אַ לויזיקן פּענעץ . . .

באַטרייבט איר אינדוסטריע אין וועבשטול די שפּין,
און דער וועבער אַוועק איז אין קריג קעגן האַר ;
און סע שלעפּערט דאָס ווייב איין איר הונגעריק קינד
מיט אַן עמעסער מאַיסעלע : „דאָבליו איי אַר״.

ראָסטן אַף האַפנס אין דרעמל די קראַנען,
ווי בושלען אַף אַלטע פאַרלאָזענע סטריכעס,
און אונטן דערצײלט מען פון פינפיאָריקע פּלאַנען
אין אַ לאַנד פון לויטער פּראָלעטישן איבעס.

שפּרייטן זיך שאַכטעס ווי צעבראָסטעטע וואונדן
אַף אַ גרויזאַמער, גויסעסער בריע ;
זיינען די מיינערשע דערפלעך צעצונדן
פון הונגער און שלאַכטן און קלאַסן-נעוויעס . . .

פּויזעט און קרעציקט די הונגער-מאַגייפע
אַמעריקעס הינטער-קוואַרטאַלן ;
און צעזשאַרעט אין גלידער און בליקן אַ סרייפע
פון האַס צו מאַמאָנס קאַרדינאַלן.

צעבליען זיך װעלדער פון פראַצע־פראַצעסיעס
מיט פראַלעטישע פויסטן, װי קלאַלעס,
און ציען דורך שליאַכן צו בלוטיקע סעסיעס
און טראָגן דעם אָנזאָג: מאַפּאָלע.

## סאָרע באַרקאַן

# איטאַליענישע מוליערס

עס זיצן זעקס מוליערס און ריידן.
מיר זיצן און הערן זיך איין.
זיי טריפן פון גאָר אַלטע באַטלען
די לעצטינקע טראָפּנדלעך װיין.

און יעטװוידער װינקל — איקאָנעס.
עס קוקט אַף זיי מערי פאַרטראַכט.
זי מישט מיטן הילצערנעם לעפל
אַ פונט מאַקאַראָני פאַר אַכט.

די מוליערס זיי ביילן די פויסטן
און קוקן זיך איבער געטריי.
איך הער — און מיר דאַכט זיך: איך קוק
אין אַ קעסל מיט זודיקן בליי.

זיי בעטן: סיניאָר, סיניאָריטאַ,
פאַרצייט אונזער אייגענע שפּראַך.
מיר ריידן פון אַרבעט און הונגער.
ס'איז פאַר אונז איצט אַ װיכטיקע זאַך.

מיר רוקן צו נאָענט די שטולן,
מען דריקט אונז ביז װייטיק די הענט.
מען נעמט אונז אריין אין דער מיטן,
װי מ'װאָלט אונז פון יאָרן געקענט.

מיר הויבן אָן ריידן אַף ענגליש.
באַלד װערט עס אַלעמענס שפּראַך.
מיר ברעכן און בויגן דעם ענגליש,
ביז קלאָר װערט פאַר יעדן די זאַך.

אַז שולדיק — ניט מיר, נאָר די באָסעס,
און ענטפּער איז — העלדישער קאַמף.
די אויגן — זיי פינקלען מיט גרייטקייט:
די הערצער — ווי קעסלען מיט דאַמף.

איידעס — אַ לאָם אין אַ ווינקל
און צוויי פאַרצעמענטעטע שיך,
און מערי, אַ דאַרע, אַ שטילע;
וואָס זיצט אין אַ ווינקל אין קיך.

## א. פּרינץ

# גאַסטאָניע

מיט אַ רויט פלאַם צינדט גאַסטאָניע די שוואַרצע סאַוט,
מיט פייערדיקער שריפט לויכט גאַסטאָניע אין אונזער בוך „אַמעריקע".
ס'פלאַטערן ווי הייליקע פאָנען די בלעטער „העימאַרקעט טראַגעדיע",
ס'הענגען נאָך איבער קעפּ פון באָסטאָן געשפּענסטער פון סאַקאָ-
וואַנזעטי,
ס'אָטעמט היים אונזער לאַנד מיט בלוט און מיט שלאַכט,
און אין סאַוט, דער סטאַטעטשנער, האָט זיך רויט צעברענט:
גאַסטאָניע!
האָבן זיך ריכטער אין שוואַרצע מאַנטלען פאַרהילט,
און מיט טויט זיך באַוואָפנט אין אַלע שוואַרצע פעלדן.
טרוימען שוואַרצע מאַנטלען: אינקוויזיציע. שייטער-הויפנס.
פּופּצן לעבנס ברענען.
זיצט די שוואַרצע סאַוט אויף ריכטער-שטול,
און אַ דונערדיקע שטים אַזש פון באָסטאָן ביז גאַסטאָניע
וואַרפט די שטול:
„סאַקאָ און וואַנזעטי לעבן!
סאַקאָ און וואַנזעטי שטורמען די סאַוט."

און זיבן יאָר, טאָג-באַ-טאָג, אַז הענקער מאָרדעט לעבנס צווישן
טויטע ווענט.
שלעסער-ציטער . . . שוואַרצע היטער . . . אָ, הימלען, ברידער,
ראָזעטאַ . . .
אַש . . . אַש . . . און — פייערדיקע זיילן: סאַקאָ און וואַנזעטי!

# זעקסטער מערץ

אין העלן בליאַסק גליען־אויף ניו־יאָרקישע טורעמס.
גאַסן וואַכן־אויף, גאַסן טרינקען זון.
יוניאָן סקוועד — פּאַרטאַיעט אין דער זון.
אַ־אַ, ציקלאָנען, אוראַגאַנען — רויטע שטורעמס!

טראַמפּ. טראָט. טראַמפּ. טראָט.
קאָלאָנען. באַטאַליאָנען.
מאַכנעס — פון ראָד און נאָט.
רויטן
רויטע
פאָנען.

קאָזאַקן אַף פערד. פּאָליציי.
מאַשין־ביקסן אַף דעכער.
ווייסע גוואַרדיע. רויטע אַרמיי.
העי, די פאָנען העכער, העכער!

האָט זיך סקוועד צערעוועט מיט טויזנטער געשרייען,
האָבן מיר צעפּאָכעט ווי סאַבליעס פייערדיקע
אונזערע הונגער־אָנגעשאַרפטע פויסטן.
האָבן הייזער געגאַפט אַף די שטאָלענע רייען,
און צעשראָקן געשטומט האָבן פּאַלאַץ און קלויסטער.

טראַמפּ. טראָט!
טופען־אַפּ אין סוינעס קאָפּ די טריט
פון אָנקומענדיקע באָלשעוויקעס.
עכאָט־אַפּ אין סוינעס קאָפּ אונזער ליד —
פון הונגעריקע לייבער און הונגעריקע פּיקעס . . .

איז שוואַרץ דער סקוועד און — העל־צעשטראַלט:
זיינען הונדערט־טויזנט זונען אויפגעגאַנגען אין הונדערט־טויזנט קעפּ.
האָט הונגער גרויע טפּיסעדיקע מאַכנעס היינט צעפּראַלט
צו שרייען איבער פענימער און פענצטער מיט שטיינערדיקע קלעפּ.

שרייען מיר. הונדערט טויזנט שרייען,
און דריקן אייערע לעבנס אין פויסטן פאַרשלאָסענע:
„מיר וועלן זיך באַפרייען! באַפרייען!
מיר שווערן
בא אונזערע העלדן צעשאָסענע!"

שרייען מיר. הונדערט טויזנט שרייען,
מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו רויט-צעבליטע מאַיען,
און פון פּעניִמער הארטע ווייעט אַ שטאָלענע קראפט: הונגער,
און אין אויגן: הונגעריקע קינדער — הונגער — הונגער.

וואַקסן כוואַליעס — ווען אַזש ביז רויט קרעמל דערשלאָגן,
וואַקסן הונגעריקע מאַכנעס מיט צעשטורעמטע בלוטן.
שאַלן סיגנאַלן, קאָזאַקן יאָגן —
פּאַרצאַמען די יאָמען פון צעשטורעמטע בלוטן.

ווערן אויגן — מעסערס. פייער. הונגער.
הונגער שאַרף ווי שווערד.
העי, צעהוליעט זיך, אונזערע וויסטע טעג, ווי פייערדיקע יונגען,
אַז פליען זאָלן באַלד קאָזאַקן פון די פערד.

און רייען גייען. פאָנען פלאַטערן און ווייען.
הונדערט טויזנט פלאַמעדיקע פאָנען.
זיינען מיר איין פאָן. מיליאָנען פאָנען.

האָט זיך סקווער צערעוועט: ברויט אָדער טויט!
האָט סוינעס לעבן און געווער געציטערט אין צעטומלטע הענט:
אין אויגן — פייער פון הונגעריקע מעסערס העל-צעברענט,
צעבליצט, ווי העק, איז הונגעריקער צאָרן: שאַרף און רויט.

צעשראָקענע ליופּן קאָזאַקן פון דונערדיקן קאָל,
ציטערט די זון אין פּאָליצייאישן שטאָל.
העי, יאַטן, העכער די פלאַקאַטן איבער סוינעס זשאַווער,
הויב דיין האַנט, דיין ליכטיקע האַנט, מיין בראַווער כאַווער.

און פלוצים: ס׳פּיפּן סירענעס, ס׳וואָיעט פּאָליציי,
ס׳האָט זיך טויט צערעוועט, שטאָל — צעקלונגען,
איז גאַנצער סקווער — איין געשריי,
און ס׳טריפט דאָס בלוט פון רויטע יונגען.
אין ווידער-קאָל: ליד פון טריט. רויט-אַרמייאישע טריט.
ליד פון שניט. אונזער רויטער שניט.
אין כאַיעשן עוואָי — געשריי פון טויט,
נאָר שטאַרקער נאָך פון טויט — איז רויט.

שטייען מויערן צעמעסערטע פון שאַרפע רייד,
ליגן גאַסן מיט בלוט פאַרזייט,

אין פלאַקאַטן געוויקלט;
אַף צעפּליקטע פּאַנען ברענען די טריט —
ווי אַף יונגן צוויט פון פרילינגדיקע בונטן,
ווי אַף יונגן, יונגן צוויט.

איז אויסגעקריצט דער רויטער טאָג
מיט צייכנס פון פּאַדקאָווען
אַף ווייסער־שוואַרצער פּאַנים־הויט,
ווי אַ שוואוע געשריבן שוואַרץ אַף רויט:
ביזן טויט פאַר אייער פּאַן — אונזער פּאַן,
עלאַ מעי, סטיוו קאַטאָווען.

גייען געזונטע אויסגעדאַרטע יונגען —
האַרט און בייז,
שטאַרט דער הונגער פון מאַנטל־פאַלבן —
שטום און הייס.

העי, סוינע, ס׳איז רויטער טאָג —
אַ גלאָק
פון רויטע, ברומענדיקע טעג . . .
העי, סוינע, עס צעוואַקסן זיך די מאַרטן ווי די מירטן,
און רויט־באַצירטע
וועלן מיר נאָך קומען, קומען, קומען . . .

## בעניאָמין קאַץ

# פאַרזאַמלונג

ס׳האָבן זיך אַזוי פיל אונטעריאָכטע
פאַרזאַמלט אַפן פעלד צופוסנס פונם באַרג,
און איך צווישן זיי — אַ פרעמדער אין דער שטאָט,
האָב זיך אַרומגעדרייט אַליין, געקוקט אין פּענימער,
באַגעגנט זיך מיט בליקן —
נאָר באַלד האָט זיך דערהערט אַ מוטיקער געשריי:
— ב ר י ד ע ר!
— אַ ר ב ע ט ע ר!
און ווער פון מענגע האָט אַ פאָן צעוויקלט —
רויט אַזוי, ווי פלאַמען פון דער זון פאַרנאַכט

און ציטערדיקער פּלאַטער,
ווי עס פּלאַטערט ציטערדיק דאָס האַרץ
פון נאָענטן געשריי:
— העי, ברידער נאָענטע,
— אונטעריאָכטע ברידער מיינע!
— אַ גרוס אייך איצט פון לעבן און פון קאַמף:
אָט ווי עס ציט זיך ברייט דאָס פעלד,
פאַלן אָפּן שלאַכטפעלד העלד נאָך העלד,
און קריג איז קריג מיט סאָנים און פאַררעטער,
אין אַלע ווינקעלעך פון וועלט.
וואו ס'האָט זיך שוין צעהעלט
די פאָן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

אָט נעכטן ערשט איז ווער פון אונז געווען מיט אונז
און היינט איז ער פאַררעטער, —
נאָר מאַכנעם מוטיקע צעטרעטן אים, ווי אין האַרבסט די בלעטער
און טאָג נאָך טאָג, און טאָג נאָך טאָג,
עס ברענגען צייטונגען באַריכטן,
אַז ערגעץ-וואו וועט מען זיך ריכטן
צום קאַמף און ראַנגלעניש נאָך מאַכט.

און טאָג נאָך טאָג — אַ ליכטיקע דערוואַרטונג:
— ברידער,
א כ ט ו נ ג!
צו מוטיקע מאַרשירער
אין אינדיע, אין כינע, אין עגיפּטן!
און וואו נאָר וואו עס רוקט זיך אָן אַ שטורעם,
וואָס טראָגט געזאַנג אַף ווינטן
און ס'פאַרשפּרייטן זיך אַף דראָטן טענער
ווי ציטערדיקע, פּלאַטערדיקע פענער
צו אונטעריאָכטע פון דער וועלט,
אַזוי איז איצט מיין פרייד פון גרוס צו אייך
צעהעלט!

אַזוי האָט גערעדט, דער כאַווער, איבער קעפּ פון מענגע,
און איך — אַ פרעמדער אין דער שטאָט,
האָב זיך פאַרברידערט מיט די פרעמדע,
האָב זיך פאַרברידערט מיט די בליקן,
דאָרט וואו ס'האָבן זיך פאַרזאַמלט אַזויפיל אונטעריאָכטע —
אָפּן פעלד צופוסנס פונם באַרג.

שטעטעלעך שטילינקע צעבונטעוועז די סקווערן,
אז מ׳קען שוין בא די דאכלאַזע ניט פאַרשטילן די באַגערן,
אז מ׳קען שוין ניט,
און מ׳קען שוין ניט
פאַרשטופּן זיי אין טפּיסע,
זיי מערן זיך און יוירן אויף
אין שיגאַענדיקער גסיסע . . .

## 2

קומט א וואָרט א שטאָלענער, קומט א וואָרט א בראַווער,
קומט א רוף א מוטיקער פון א פאַרשיקטן כאַווער!

געוועז א נאַכט א רואיקע,
און פינצטער אַף די וועגן;
פאַראַנקערט שטייען שיפן גרייט
אין האַליפאַקסער רעגן.

יאָגט דער סוינע איבער לאַנד,
זוכט אין אַלע לעכער;
רואיק איז געוועז די נאַכט
אַף טוי און גראָז און דעכער.

און מיטאַמאָל: א קלאַפּ אין טיר
און נאָך איינער און פעסטער:
פון בעט פאַרשלעפּט א מידן גוף,
צעשיידט א ברודער פון א שוועסטער.

פלינק די באַנען קרייצן דורך
און סיגנאַלן יאָמערן אין נאַכט;
צו האַליפאַקסער רעגן
האָט מען בונטאַוויקעס געבראַכט.

קומט א וואָרט א שטאָלענער, קומט א וואָרט א בראַווער,
קומט א רוף א מוטיקער פון א פאַרשיקטן כאַווער!

נעכטן איז א טאָג געוועז
מיט פענער און פלאַקאַטן;

היינט וויינט א פּיצל איינגעלע
נאָך א צוגערויבטן טאַטן . . .

# דראָטן

איבער שטעט און איבער דערפער, — איבער מײלן, איבער שטרעקעס,
האָבן מיר פאַרצויגן, האָבן מיר צעצויגן הענגענדיקע דראָטן.

פאַר טראַמווײען, טעלעגראַפן, טעלעפאָנען, טעלעווײזיע,
איבער סלופּעס, איבער דעכער אויסגעהאַנגען רופן.
און ווי בליצן און ווי דונער, און ווי האָגל די שטאַפּעטן,
צעצינדן זיך, ווײברירן זײ ווי שטורעמדיקע ווינטן . . .

העי, איבער וועלטן טעלעגראַמעס, ראַדיאָס צעוויקלט,
איבער לענדער, איבער יאַמים זײ פאַרוואָרפן און צעפליגלט:
ס'איז די וועלט אין דראָטן אײנגעוויקלט און געבונדן —
אינגעווײדן ציען זיך מיט דראָטן; צאַפּלען זיך זיגזאַגיש;
ציען זיך און וועבן זיך און קרײיצן זיך אַריבער,
זשויען זײ און צינדן זיך מיט ברענענדיקע ווינטן.

עד, איצט טרײבן זיך און יאָגן זיך פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען,
לאָמיר נאָר צעווילדעווען די דראָטן און די שטאַנגען,
לאָמיר נאָר צעשיקן וואו דראַטלאָזע דעפּעשן,
און לאָמיר נאָר פאַרמעסטן זיך ווי אײלנדיקע הירשן.

איבער שטאָט און איבער דאָרף און איבער מײלן,
ווי דער יעגער, ווי דער בליץ און זײנע פײלן.
אונזער בלוט און אונזער ווילן זײנען ווילדיק, —
איבער דראָטן, איבער סלופּעס, — און פאַרטיליק.

האָבן דראָטן אונזער רוף און אונזער ווילן שוין פאַרנומען,
וועט אונזער רוף און אונזער ווילן צו יעדערן אָנקומען.

# דעפּאָרטאַציע

1

נאָך יעדן ערשטן מאַי צעבושעוועט זיך באַ אונז אין לאַנד
א ווילדערע מאַגײפע:
נאָך יעדן רוף: „מיר וועלן זײן נאָך פרײ!"
צעפלאַקערט זיך נאָך העלישער די פאַרצערנדיקע סרײפע.

נעכטן האָט ער הויך גערעדט,
גערופן קעגן הונגער;
היינט זיצט ער וואו פארשפארט, —
אזא מוטיקער און יונגער.

עס וואַרט אַף אים אין וויטן לאנד
פּאַשיזם און אַ טפּיסע;
און העל גייט אויף מיט לעצטן מוט
זיין שינגאָענדיקע גסיסע.

קומט אַ וואָרט אַ שטאָלענער, קומט אַ וואָרט אַ בראַווער,
קומט אַ רוף אַ מוטיקער פון אַ פארשיקטן כאַווער!

## פייוול מעלצער

### קאַמפּס-ליד

העי, יאַטן צעצונדענע, ווי רויטזוניקער מאָן,
פון טאַטעס האָרעפּאַשניקעס און מאַמעס איינגעדאַרטע,
שוין פיל מאָל געהויבן אין קאַמף אונזער פאָן,
אין שלאַכט זיך פארמאַסטן, שטאָלענעם, האַרטן.

שוין פיל מאָל אין פייער פון קאַמף זיך געברענט,
אונזער ברויזיקן האַס אין פלאַמען צעגאָסן:
קיין טראָט ניט צוריק פון די רויבערישע ווענט
ווען ס'איז סוינע באַפּאַלן און געמאָרדעט, געשאָסן.

ס'האָט שוין פיל מאָל אונזער סוינע פארזוכט אונזער קראַפט,
זיינע טייוולשע פּלענער צעקלאַפּט און צעשפּאַלטן, —
מיר קוקן מיט וואונדער, נאָך יעדער בלוטיקער שלאַכט,
אַף דעם ריזיקן קויעך, וואָס אין אונז איז באַהאַלטן.

מיר אָטעמען אָפּ און מיר שפּאַנען פאַראויס,
אונזער ציל איז די סאָפּשלאַכט, וואָס מיר האַלטן אין גרייטן, —
מיר גיבן אַליין זיך אַ גרויסכוואַליקן שטויס,
ווי דער יאַם צו די ברעגן מיט שטורעם פארזייטן.

צווישן טיגערשע ציין איז אונזער לעבן פארקלעמט,
און אַף אונזערע פּלייצעס וואַקסט דער טאָג מיט די נויטן.

איז בא אונז א באשלוס: זיך באפרייען פון דעם!
און ווער עס שטעלט זיך אקעגן — מעג מען אים טויטן.

מיר טראָגן אין האַרץ אזא ליכטיקע זון,
וואָס שלאָגט אף די פּולסן מיט פרייד און מיט גלויבן,
ס'איז לענינשער עמעס — און ווער עס לערנט דערפון
וועט שוין קיינמאָל נישט זינקען, וועט שווימען פון אויבן . . .

אין די פאַרביסנסטע קאַמפן מיר גרייפן אָן,
כאַטש מיר זעען פיל מאָל דעם טויט פאַר די אויגן.
העי, יאַטן צעצונדענע, ווי רעוואָלוציאָניקער מאָן,
גיט א שטרעק אויס די הענט, א צי און פאַרצוייגן.

עס גרייט זיך דער סוינע מיט שווערד און מיט שפּיז,
די וועלט, אונזער וועלט, זי וואַרט אונזער קומען, —
איז גיב זיך א ריר, דו אַרבעטער ריז,
גיב דיין קראַפט א צעשפּיל און זאָל ווערן פאַרנומען . . .

## י. ב. ביילין

# קאָאָפּעראַציע
(פאַרקירצט)

א זעמדל פון דאָ, א זעמדל פון דאָרט,
צוזאַמען — א שטיין, ניט צו רירן פון אָרט.
און זעסטו דעם יאַם אָן גרענעץ צעפלאָסן,
פון טראָפּנס, פון קליינע, צוזאַמענגעגאָסן —
אזוי זיינען בערג אויך, אזוי איז די וועלט
פון טיילכעלעך קליינע צוזאַמענגעשטעלט.
און טיילכל צו טיילכל עס ציט און עס קלעפּט:
באַזונדער געבוירן — צוזאַמען עס לעבט.
א זעמדל, א טראָפּן, א טיילכעלע בלויז:
באַזונדער ווי נישטיק — צוזאַמען ווי גרויס!

א רעדל פון דאַנען, פון דאָרטן א שרויף,
ס'איז שוין א מאַשין געוואַקסן צונויף.
א לעדערנער פּאַס, אן אייזערנע שטריק —
עס ראָלט און ס'דונערט א גאַנצע פאַבריק.

אזוי זײַנען הענט אויך, אזוי איז אויך מאַכט —
פון שטיקלעך און ברעקלעך צוזאַמענגעבראַכט.
און זעסטו דעם קויעך פון רויטע אַרמייען
צוזאַמענגעשלאָסן אין שטאָלענע רייען —
זיי וויסן: באַזונדער איז יעדערער קליין;
דאָך אַלע צוזאַמען — די שטאַרקייט אַליין!

# דאָס קערענדל דערציילט

איך האָב אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען דער לעצטער טראָפּן טוי האָט זיך אויסגעטריקנט אויף מײַן שפּיץ קאָפּ, דערפילט, אַז איך ווער צייטיק. דאָ קומט שוין פאַר מיר אויך אָן די גליקלעכע שאָ — קלער איך זיך — ווען וועלכער איך האָב אַזוי לאַנג געכאָלעמט, און מײַן גרינקייט וועט אויף אייביק פאַרשווינדן . . . אַ ביסל האָט מיר דאָס האַרץ געקלאַפּט אַפילע — איך האָב געהערט ווי די זאַנגען האָבן זיך עפּעס געשושקעט ווען דער שאַרפער קאַסע, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט אַזוי ווי דער זונשטראַל, וואָס האָט קימאַט יעדן טאָג באַגילט מײַן גרינע, פּייכטע הויט . . . דאָך האָב איך זיך געפילט שטאָלץ וואָס איך בין געל און טרוקן, און איך וואָלט פון סימכע אַרויס־געטאַנצט פון זאַנג אַרויס און אָוועקגעקייקלט זיך העט־העט ווייט, וואו די פעלדער ענדיקן זיך . . .— איצט וועט זיך אָנהויבן אַ לעבן — הער איך, ווי, ניט ווייט פון מיר, אַ קערענדל פון אַן אַנדער זאַנג, קוועלט אָן פאַר פרייד — איצט וועלן מיר ערשט אָנהויבן צו זען וואָס אַ וועלט איז! אַ קליינינקייט! מ׳זאָגט, אַז מיר וועלן פאָרן איבער צענדליקער יאַמים. איך האָב אַפילע ניט געוואוסט וואָס יאַם איז; איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז עס מוז זײַן גרעסער ווי אַ פעלד. אויף מאָרגן איז עפּעס אַ הויכער מאַן געשטאַנען און אָנגעקוקט אונז. ער האָט מיר אויך איין מאָל עפּעס ווי דורך זײַנע פינגער דורכגעלאָזט און מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער צעברעכט מײַן בינטל ביינער.

פאַרנאַכט איז אַ מאַכנע אָנגעקומען, יונגע און אַלטע, מערסטנס פרויען אין רויטע טיכלעך אויפן קאָפּ, מיט אַזעלכע גלאַנציקע, האַלבע רייפן. זיי האָבן גענומען עפּעס טאָן בוייגנדיק זיך קעסיידער אַראָפּצו. איך האָב ניט געקענט זען וואָס זיי טוען. איך האָב נאָר געזען ווי אַלע זאַנגען אַרום גלאָצן און וואַונדערן זיך. כ׳האָב געפּרוּווט אַרויסצו־הויבן זיך העכער און כאַטש אַ קוק טאָן ווער עס זײַנען דאָס די, וועלכע טומלען אַזוי לעבן מיר. איך האָב געזען אַ גרופּע יונגע באָ־כערים. איינעם פון זיי האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט מערער אָנקוקן: אַזאַ הויכער, קרעפּטיקער און ברייט־פּלייציקער, מיט אַ טיפן שראַם

אַף זיין שטערן. מיטאַמאָל איז עפּעס ווי ליכטיקער געוואָרן אַף אַ ווײַלע; עס האָט אַ בליץ געטאָן פאַר מײַנע אויגן, עפּעס האָט מיר אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן, און ס'איז מיר מיטאַמאָל אינגאַנצן פינצטער געוואָרן אין די אויגן . . .

**
*

ווען איך בין צוריק צו מיין סייכל געקומען, האָב איך דערזען, אַז מיין זאַנג שטייט מער ניט, נאָר ליגט אויפגעקוועטשט צוזאַמען מיט אַנדערע. דאָס קערענדל — איך, הייסט עס — בין שוין איצט גאָרניט. דער זאַנג אַפילע — גאָרניט; עס עקזיסטירט נאָר אַ גאַרב. און אַזוי, זייענדיק אַ טיילכעלע פון דעם גאַרב, האָב איך זיך געקייקלט און גע־קייקלט לאַנגע כאַדאָשים. אָפּטמאָל האָט מען אונז אַף פּלייצעס גע־שלעפּט און די טרעגער האָבן טיף דערבײַ געזיפצט. איך האָב ניט פאַר־שטאַנען פאַרוואָס. אַזוי איז אַדורך אַ לאַנגע צייט אין אַ נאָ־ווענאַד־צושטאַנד. פון דעם גאַרב איז שוין לאַנג גאָרניט געוואָרן. מע האָט אונז געקלאַפּט, צעריסן און צעמאָלן אַף שטויב און אַ נאָמען געגעבן — מעל. איצט בין איך שוין אינגאַנצן ווייס. מײַנע טיילכעלעך זיינען עפּעס אַף אַ גליקלעכן אויפן אַריינגעפאַלן אין איין זעקל (מעגלעך, מיין פרומע באָבע האָט זיך פאַר מיר געמיט), און זיי האָבן זיך געטוליעט איינער צום אַנדערען. מיך האָט נאָר געמוטשעט דער גע־דאַנק, וואָס וועט דאָ ווייטער זיין.

נאָך יאָרן און יאָרן ליגן אין אַ טונקלען שפּייכלער, האָט מען אונז ווייטער אָוועקגעפירט, און נאָך עטלאַכע שאָ אַרומקלאַפּן זיך אַף די שטיינער, האָט מען אונז אין ערגעץ אַראָפּגעטראָגן, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ טיפע הייל. „דאָס איז די בעקערײַ!" איז מיר אַ געדאַנק דורכגעלאָפן דורכן מויעך, און איך האָב זיך נייגעריק גענומען אַרומ־קוקן. געהערט האָב איך, אַז אין דעם פּלאַץ הערט מען שוין אויף אַפילע צו זיין מעל און מען ווערט טייג. אַרום איז געווען טונקל און שמוציק, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז צו מיין ווייסקייט און קלאָר־קייט קומט אַ סאָף.

פאַרנאַכט, ווען מען האָט אָנגעצונדן די פאַררויכערטע לאָמפּן, האָב איך אויך אין די ווינקלען געזען שפּינוועבס און האַלב־פאַרכאַלעש־טע פליגן האָבן זיך דאָרט אין יעסורים געצאַפּלט. אָפּטמאָל פּלעגן אויך קליינע כאַיעלעך, אַזעלכע שוואַרצינקע, אַנדערע גראָענקע, מיט פינקלענדיקע אייגעלעך דורכשפּאַרן זיך דורך די זעקלעך מעל, פּיש־טשענדיק דערבײַ עפּעס מאָדנע און קראַצנדיק מיט די שאַרפע ציינער. שפּעטער אַ ביסל, ווען די בעקער־אַרבעטער האָבן גענומען קומען איינע נאָך די אַנדערע, זיינען אָט די כאַיעלעך אינגאַנצן פאַרשוואונדן. די אַרבעטער, מערסטנס האַלב־פאַרשלאָפענע, אַנדערע פון זיי אויס־געמאָרעטע און בלייכע, אין פאַרמעלטע, האַלב־צעפּליקטע אַרבעטס־

קליידער, האָבן אָנגעהויבן ארומפּאַדען אַרום די זעקלעך מעל. עטלעכע פון זיי, מיט האַלב-פּאַרשלאָפענע אויגן, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי די קוילן אַנטקעגן אין דעם לאַנגן אויוון, האָבן זיך מיר שטאַרק איינגעשניטן אין זיקאָרן; איך קען זיך ניט דערמאָנען קיין אומגליקלעכערע ברואים. אַפילו יענע מיט די געבויגענע רוקנס אַף די פעלדער האָבן אַזוי פיל ניט געקרעכצט. אַפילו די אין די מילן דאָרטן, צווישן דעם דונער פון מילשטיינער, און די וואָס האָבן געדרייט מיט די רעדער, האָבן אַ סאַך געזינטער אויסגעקוקט. די אַרבעט האָט געזאָטן. איינער, גאָרניט ענלעך אַף די איבעריקע, מיט אַ רויטן קאַרק אַף געזונטע, ברייטע פּלייצעס, האָט זיך געשטעלט אין סאַמע מיטן און גענומען קאָמאַנדעווען. זעקלעך מעל האָבן זיך גענומען רירן פון די ערטער: מען האָט געשאָטן, געגאָסן און געקנאָטן, און אַלץ אין אַזאַ איילעניש, אַז איך האָב זיך געוואונדערט ווי זיי קענען דאָס דעם אָטעם אָפּכאַפּן. דער פעטער קערל איז דערנאָכדעם פאַרשוואונדן. די פאַרמאַטערטע כאַפּן אָפּ דעם אָטעם און רעדן עפּעס צווישן זיך. זיי גייען-צו צו די, וועלכע פּאָרקען זיך באַם אויוון. אַ געהענעמדיקע היץ שלאָגט פון דאָרטן, און מיך וואונדערט, ווי אַזוי ווערן דאָס יענע, וואָס שטייען דאָרט, אַליין ניט אָפּגעבאַקן.

זיי האָבן זיך געשושקעט און פּאָרזיכטיק אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן. כ'האָב זייער ווייניק געקענט הערן וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט. אָבער עטלעכע מאָל האָט דערגרייכט צו מיינע אויערן דאָס שיפּענדיקע וואָרט „סטרייק". מיר האָט זיך זייער געוואָלט וויסן וואָס דאָס איז אַזוינס. איך האָב דעריבער מער אָנגעשפּיצט מיינע אויערן און זיך אַזוי געצויגן, געצויגן העכער, קעדיי עפּעס צו כאַפּן. אָבער איך האָב שוין גאָרניט דערוויזן. אַן אַרבעטער איז גלייך צו מיר צוגעקומען און האָט מיך מיט אַנדערע שטיקער טייג אין אויוון אַריינגעשויפלט. דאָס פייער האָט מיך פון אַלע זייטן אַרומגענומען, אַרומגעברוינט און געבאַקן, געבאַקן — ווי לאַנג ווייס איך ניט. איך בין ערשט ווידער צו זיך געקומען ווען איך בין אַן אָפּגעקילטער געלעגן אַף אַ פּאָליצע אין אַ קראָם. מענטשן זיינען אַריינגעגאַנגען, אַרויסגעגאַנגען מיט איינגעוויקלטע פּעקלעך. איינער, מיסטאָמע דער באַלעבאָס, האָט אַלע ווײַלע אָפּגעקלונגען אין עפּעס אַ קעסטל און דערביי צופרידן געשמייכלט. צוויי מאָל האָבן מיך פרויען גענומען אין דער האַנט, אַ קוועטש געטאָן מיך, אַז די נעשאָמע איז מיר שיר אַרויס, אָבער זיי האָבן מיר צוריק אָוועקגעלייגט. איך האָב שוין געמיינט, אַז מ'לאָזט מיך צורו. זינט איך בין צייטיק געוואָרן, און דאָס האָט שוין געמוזט זיין מיט יאָרן צוריק, האָב איך נאָך קיין רו ניט געהאַט אַף אַ לענגערע צייט. אָבער ווי איך קלער אַזוי וועגן רואיקייט ווערט מיטאַמאָל אין קראָם אַ גאַנצער טומל. אימיצער, וואָס איז געשטאַנען אויסגעדרייט און געבעטן עפּעס באַם באַלעבאָס, האָט, ווייזט אויס, אָנ-

געמאַכט דעם גאַנצן טומל. אַלע האָבן זיך אַף אים אַרויפגעוואָרפן מיט געשרייען. מיטאַמאָל גיט זיך דער צעשראָקענער מאַן אַ דריי צו צו מיר, כאַפּט מיך און נאָך אַ ברויטל, אַ שאָכן מיינעם, און הויבט אָן לויפן. אַלע נאָך אים. באַ מיר קלאַפּט דאָס האַרץ, ווי באַ אַ גאַזלען. עפּעס דוכט מיר, אַז איך האָב אים אין ערגעץ לאַנג צוריק געזען, אָבער איך האָב אַפילע קיין מינוט צייט ניט געהאַט וועגן דעם ווייטער צו קלערן, ווייל פון אַלע זייטן זייגען אָנגעלאָפן אַזעלכע הויכע, געזונטע מענער מיט גלאַנצנדיקע קנעפּ . . . איך האָב זיך נאָך מער דערשראָקן, ספּעציעל ווען דער מאַן, וואָס האָט מיך מיט מיין שאָכן געהאַלטן פעסט אונטערן אָרעם, איז מיטאַמאָל אומגעפאַלן און אָט-די אַלע מוירעדיקע נאָכיאָגער — באַץ! אַף אים. זיי האָבן אים שטאַרק געשלאָגן און ער האָט זיך געבאָרעט, געבריקעט מיט די פיס. דערווייל אָבער, אין דעם געראַנגל, ווען זיין צווייטער זייט פּאָנעם האָט זיך צו מיר אויס-געדרייט, האָב איך אים דערקענט . . . יאָ, דאָס איז ער, מיטן זעלבן שראַם אַפן פּאָנים. קיין וואונדער ניט, וואָס כ'האָב אים ניט דערקאָנט. פון דעם אַמאָליקן שיינעם, יונגן פאַרמער-באָכער איז געוואָרן — אַ הונגעריקער, היימלאָזער, פאַרעלטערטער מענטש.

## ש. דייקסל

# ניו-יאָרק — מיין שטאָט

**(אַרבעטער-מאַרש)**

טראַם! טראַם! טראַם, טראַם, טראַם!

עי, ווער וואָגט עס דאָרטן צו שילטן ניו-יאָרק, מיין שטאָט — ניו-יאָרק?

וועמעס קלאָלע פאַלט עס אַזוי הילכיק אין מיטן נאַכט אַף די פלאַכע קעפּ פון די הימל-קראַצערס, אַף די געפלאָכטענע רוקנס פון די ריזן-בריקן, אַף די בייז-פינקלענדיקע „עלעווייטעד"-גאַסן, און ריזלט זיך אַזוי דראָענדיק אין די „סאָבוויי"-טונעלן?

ווער יאָמערט עס אַזוי איעשדיק אין לויף פון די שטיינערנע גאַסן?

איז עס אַ מאַמע'ס קאָל, וועמעס בען-יאָכעד איז נאָר-וואָס צע-דריקט געוואָרן אונטער די רעדער פון אַ טראַמוויי אָדער אויטאָמאָביל? באַוויינט עס, עפּשער, אַן אַרבעטער-ווייב איר מאַן, וואָס האָט דאָ ניט לאַנג זיין טראָט פאַרלוירן, אָט דאָרטן, העט הויך, בויענדיק אַ הימל-קראַצער אָדער אַ פּאַלאַץ פאַר אַ רייכן? צי עס צאַפּלען זיך אין פיין-געשרייען בליקן פון הונגעריקן אַרום די גרויסע פענצטער פון די רייכע שפּייז-געשעפטן?

נאָר . . . שטיל זאָל זיין!

ניו-יאָרק איז מיין שטאָט, און זאָלן אין דער לענג און ברייט פון אירע גאַסן און פּאַרקן זיך טראָגן בלויז די שטים פון שטאָל און אייזן, דער דונער פון מיליאָנען רעדער, דאָס זשיפּען פון עלעקטריציטעט, דער הילכיקער פּייף פון געפּאַר. און אין די בלויע אָדער שוואַרצע הימלען זאָל זיך דראָענדיק טראָגן דער טרוקענער כאָרכל פון עראָ-פּלאַנען.

טראַם! טראַם טראַם, טראַם, טראַם!

ניו-יאָרק איז מיין שטאָט. איך בין דער באַלעבאָס איבער איר.

איך שנייד עס דורך און פאַרגיס מיט אַספאַלט די יונגע גאַסן, עפן דעם בויך פון דער מוטער-ערד און צי אַרויס די אַלע פּירעקיקע מויערן און שלאַנקע טורעמס, רייניק די אַרומיקע טייכן, פלעכט איבער זיי די שטאָלענע בריקן.

אין די שעפער ניי איך שיך און קליידער, אין די פאַבריקן גיס איך שטאָל און אייזן, האַק אויס קונסט-ווערטן פון שווערע מירמל-שטיינער. מיט מיינע שטאַרקע, שאַרפע ציין בייס איך אויס דעם ברייטן שטיין-וועג אונטער דער ערד פאַר מיינע „סאָבוויים", די ברייטע גאַסן פאַרן לופט-באַן האַלטן זיך אויף מיינע אַקסלען. איך באַשאַף יעדע זאַך, וואָס באַשיינט און מאַכט לייכטער דעם מענטשנס לעבן.

דעם מענטשנס לעבן!?

מיינס — ניט!

צי בין איך גאָר קיין מענטש ניט?

ווער רויבט עס די בראָכע פון מיין אַרבעט?

ווער וואוינט אין מיינע פּאַלאַצן, טראָגט מיינע ווייך-געשפּינטע וואָל און זייד-קליידער, עסט מיינע בעסטע מאַכאָלים?

טראַם! טראַם! טראַם, טראַם, טראַם!

שטיל זאָל זיין!

ס'אַ שפּיל אַזאַ פּאַראַן, אַ שפּיל אַ בלוטיקע אין גאַנג פון דוירעס!

אָנטיילנעמער:

קעניגן און באַראָנען, סאָכרים און באַנקירן, געקרוינטע פּראָסטי-טוטקעס, וועלט-באַרימטע היינקער, און אויך . . . דאָס אַרבעטער-פאָלק.

דאָס לעבן פון די ערשטע — אַן ענדלאָזער יאָנטעוו, די צווייטע זינקען אין הונגער, עלנט און נויט.

דוירעס קומען, דוירעס גייען. און דער וועג הויבט זיך שווער באַרג אַרויף און פאַלט אָפּט טיף אין טאָל אַריין. און שוואַרץ איז דער וועג פון געפּאַלענע. און טייכן בלוט און טרערן ציטערן פוןביידע זייטן.

אַזוי איז עס געווען.

אַנדערש וועט עס שוין אָבער ווייטער זיין.

טראַם! טראַם! טראַם, טראַם, טראַם!

פעסטער די טריט, זיכערער דער בליק, שטייפער די פויסטן!

קיין קרעכץ, **קיין טרער!**

ס'איז א ליד אזא פאראן, א ליד אין הארצן פון דער וועלט!

פון צאָרנדיקן קרעכץ, פון דוירעס איעש איז דאָס ליד אויסגעוואקסן.

די שארפקייט פון האס, אימפעט פון פארצווייפלונג, ברען פון זיג און ראכע, טעמפּ פון ארבעט און טרוים פון גליק — אלץ איז אין יענער ליד צוזאמענגעגאָסן.

„אינטערנאציאָנאל" הייסט דאָס ליד:

„שטייט אויף, איר אלע, ווער ווי שקלאפן,  
אין הונגער לעבן און אין נויט;  
דער גייסט, ער קאָכט, ער רופט צו ווארפן,  
אין שלאכט אונז פירן איז ער גרייט!"

פון אלע עקן וועלט טראָגט זיך שוין דאָס ליד, פאראייניקט זיך, ווערט אלץ מעכטיקער, הילכיקער און . . .

טראם! טראם! טראם, טראם, טראם!

ניו-יאָרק איז מיין שטאָט!

טויזנטער טעג און נעכט האָב איך, ווי א פליג אין א שפּינוועב, געפלאטערט און רעטונג געזוכט, געטרוימט פון א וועג, ווי אזוי זיך פונם פארשאָלטענעם ריז ניו-יאָרק ארויסצורייסן און ווייט, ווייט אנטלויפן.

האָט אָבער א שאָליעך א רויטער מיך איינמאָל צוזאמענגעבראכט מיט טויזנטער פּונקט אזעלכע ווי איך, אונז דעם ווערט פון אונזער ארבעט באוויזן, אנטפּלעקט דעם סוד פון אונזער קויעך . . .

ווען כ'בין גאנץ פרי ארויס אין גאָס איז דער מעכטיקער ניו-יאָרק געשטאנען פאר מיין טיר מיט א טיף-געבויגענעם קאָפּ און געהאָרכזאם געוואַרט אף מיר, זיין באלעבאָס!

ניו-יאָרק האָט פארגעבונג געבעטן און ברייט פאר מיר צעפּראלט הונדערטער גאָלדענע טויערן.

איך האָב געלאכט.

אוועקגיין איצט? צו וואָס? ווער וועט דאן אכטונג געבן אף דער ריינקייט פון מיינע פיינע גאסן, אפּן וואונק פון די הימל-קראצערס, אף דער זיכערקייט פון מיינע וועגן?

ס'איז דאָך מיינס!

טראם! טראם! טראם, טראם, טראם!

העי, דו שטאָלצער, מיט גאָלד און הימלקראצערס זיך ווארגנדיקער „מאנהעטן", פויל צעוואָרפענער, אויפוואכנדיקער „ברוקלין", געמיטלעך-דרימלענדיקע „קווינס", גראָב און רייך-געשטאָפּטע „בראָנקס", און דו, פון וואסער גראציעז זיך טונקענדיקער „ריטשמאָנד" — איר פינף טיילן פון ניו-יאָרקס מעכטיקן קערפער — וואָס וועט איר מיר געבן פאר מיין שווערן לעבן, וואָס כ'האָב אין אייערע גלידער טיף און בלוטיק איינגעפלאָכטן?

קאָנען אייערע ברייטע גאסן, שיינע מויערן און אויצרעס גאָלד צוריק פעך-שוואַרץ מאַכן אַפּילע איין-איינציקע האָר אויף מיין האַלב-גרוי-געוואָרענעם קאָפּ? אויסגלייכן מיין רוקן-ביין, אָנצינדן דעם אַמאָ-ליקן פייער אין מײַנע אויגן?!

ליגנער! איר קענט ניט!

איר וועט מיך שוין מער ניט נאַרן!

טראַם! טראַם! טראַם, טראַם, טראַם!

פעסטער די טריט, העכער די קעפּ, קאַלט-שפּיציקער די בליקן.

קיין קרעכץ, קיין טרער!

בלויז אַ קריץ מיט די ציין, און — דעם

„אינטערנאַציאָנאַל“!

איר זעט?

מיין שטאָט וואַקסט. אַלץ הימלדיקער ווערן די מויערן, אַלץ זיגרייכער קלינגט דאָס מעכטיקע ליד פון שטאָל און עלעקטריציטעט. וואו נעכטן זיינען בלויז עראָפּלאַנען געפלויגן, שטעקן שוין היינט די פלאַכע דעכער פון נייע הימלקראַצערס און שטויסן די פלי-מאַשינען אַלץ ווייטער אין רוים.

און ווען מיין שטאָט וועט איר העכסטע שטופּע דערגרייכן, וועל איך, דער באַלעבאָס, זיך אַפּן שפּיץ פונם העכסטן טורעם אויפהויבן און די רויטע פאָן דאָרטן באַפעסטיקן.

אונזער פאָן!

די בלוטיק-רויטע, מיטן סערפּ און האַמער.

די פאָן פון פּויער און קעמפער.

און די פינצטערע קעלערן און פאַבריקן וועלן זיך ברייט צעעפענען און מען וועט פראַווען דעם גרויסן, הייליקן יאָמטעוו פון צעבערעכן די קייטן.

אויף אייביק! פאַר אַלעמען!

ווייל קיינער איז שוין ניט פאַראַן אונטער אונז; ווייל מיר זיינען די דערנידעריקטסטע.

נאָר דערווייל — — —

העי, ווער וואַגט עס דאָרטן צו קרעכצן? הערט אויף צו וויינען און פלוכן!

דוירעס קומען, דוירעס גייען.

און דער וועג הויבט זיך באַרג אַרויף און פאַלט אַפּט טיף אין טאָל אַריין.

אָבער אונזער דאָר וועט שוין דעם העכסטן באַרג-שפּיץ דערגרייכן.

נו, מוטיקער, ענגער די רייען! אַקסל צו אַקסל! פוס צו פוס!

קיין טרער, קיין קרעכץ!

דעם „אינטערנאַציאָנאַל“!

טראַם! טראַם! טראַם, טראַם, טראַם!

## דאָוויד קעשיר

# ניי-יאָר

זיבעצן שאָ פאַרענדיקט. מיר דאַרפן נאָך אַרבעטן פיר. ס׳איז יאַנטעוו. מ׳מוז דעריאָגן. דערלויפן. מ׳טאָר ניט פאַרשלאָפן. דעם גאַנצן טאָג געאַרבעט. געשניטן פּרוכטן. געקינצלט. ס׳מוז אויסקוקן שיין.

דער עס-צימער: טישן צעשטעלט. בײנקלעך. שלעפּ אַרויף-אַרויף. דעק די טישן. לייג די טעלער, גאָפּל, מעסער. באַציר. שטעל אַרויף, שטעל אַרויף! ווער ניט מיד. שנעל! אין אָרדענונג.

אינמיטן באַדין: געסט דאַרפן ניט ליידן. האָרך: עפּשער וויל מען? וואָס וויל מען? באַדין.

זיבעצן שטונדן מיט איין צי. איין האַלבע שטונדע פריי. צייט פאַר אַרונטערוואַרפן פאַרשוויצטע זאַקן, אָפּראַזירן, אָנפּודערן זיך, אומ-בייטן די יוניפאָרמס און צוריק אין געשפּאַן.

ס׳איז פופצן צו צוועלף. נאַכט.

מיר שטייען 33 קעלנערס און קעלנערקעס אין דער ריי. מיט גלי-מערנדיקע טאַצן האַרט צום קיך-טיש. כאַפּט מען שטייענדיק אַ דרימל.

מיר וואַרטן אַפן סיגנאַל פון אויבער-קעלנער.

אַף יענער זייט טיר איז דער ריזיקער עס-צימער. דאָרטן איז שוין יאָנטעוו געגרייט:

פון אַלע טישן איינער, — אין דער פאָרם פון אַ „ה״. אַף ווייסע טישטיכער, צווישן גאָפּל-מעסער, ליגן אַף טעלער פאַרשיידענע פּרוכטן. ביים זייט — פיש. צווישן פּרוכט און פיש אַ פריש-געבאַקענע בולקע פאַר יעדן. יעדער טעלער אין גרינס איינגעפורעמט. אינמיטן: אַלע מינים סאַלאַטן, אָליוון, צוקערוואַרג, סעלערי, ניס און ווייַן.

שטייען גלעזער — יעדן גאַסט אַ גלאָז. אונזערע קעלנערקעס האָבן מיט מידע פינגערס אויסגעבלימלט סערוועטקעס. פאַר יעדן גלאָז אַ סערוועטקע. דער גאַנצער זאַל אַ בלום — אונזער אַרבעט.

דער זאַל איז גרויס. פון אַלע זייטן טירן. יעדע טיר באַגרינט. דעקאָרירט. ביימער. אינמיטן שטוב אַ גאָרטן.

דער הויפּט-אַריינגאַנג — אַן אַלייע. קעגנאיבער אַ באַגריסונג צום נייעם יאָר. אַ ליכטיקע, באַקראַנצטע אויפשריפט: 1931.

ס׳איז פופצן צו צוועלף. די טירן זיינען אָפן. קאָלירן אַף דער אויפשריפט אַלערליי: „1931 — אַ ליכטיק יאָר קומט.״

דורך אַלייען צו דער „ה״ מאַרשירן בייכער. גראָבע, פאַרפּוצטע בייכער. פּיס — לאַקירטע. זיידענע וועסטן. קייטן איבער בייכער. צילינדערס.

אַלץ וואַרפט זיך אין די אויגן, נאָר ניט קאָפּ.

ס׳גייען יונגען, לוסט-פייגל. עס שפּיזלט טאַיווע אין באַוועגונג. באַנקירן. גענאָסן. גענעראַלן. אַלקאָהאָל אין דער לופט.

ווייבער — זייער דרייסטקייט זאָגט, אז ס׳איז ניט קיין נייעס — יאָנטעוו. ניי-יאָר איז אַן אויסרייד. יעדער אויסרייד אַ ליגן. ניטאָ קיין עמעסע פרייד. מ׳קומט רייצן צעפּוילטקייט, רייצן קערפּער.

אַלץ וואַרפט זיך אין די אויגן, נאָר ניט קאָפּ.

ס׳לאָזן זיך באַמערקן מיידלעך מיט שרייענדיקער נאַקעטקייט. פּראָפּעסיאָנאַליסטקעס. איינגעשטעלט דעם לעצטן ביסן און געקומען אויסנוצן דעם סעזאָן. (אָפּטמאָל פון אַלקאָהאָל פאַרטרונקען בלייבן זיי ליגן אַן איבעריקע נאַכט. אַ נאַכט אין האָטעל פאַרשלינגט זיבן היימישע מיטאָגן...).

דער זאַל איז פול.

עס רוישט דער האַמוין. פּוסטער, הילצערנער געליאַרם. פון פּאַ-פּירענע היטלען, מיט טרובעס און גראַגערס אין די הענט, וואַרטן זיי אַף צוועלף.

דאָ אין קיך וואַרט מען אויך אַף צוועלף. נאָר דאָ וואַרט מען אין דער שטיל; מיט מידער, איינגעהאַלטענער געדולד. קאַלט. רואיק. ס׳אַרט ניט דער יאָנטעוו. ס׳איז אַ קלאָלע — יאָנטעוו.

שטייען מיר 33, אָנגעשפּאַרט מיט גאָמבע אַף טאַצן. וואַרטן און ציילן: „שוין אוועק 5 — נאָך 10 מינוט”. באַלד וועט זיך אָנפאַנגען דער געפּילדער. באַלד וועט מען טראַמפּלען מיט שווערע מאַסעס אַף די אָרעמס איבער גליטשיקן זאַל. דאָרט וועט מען טאַנצן. וועט מען זיך דאַרפן דורכשלאָגן דעם וועג. מענטשן וועלן רייסן גליענדיקע טעלער פון האַנט — גיב מיר! דערלאַנג! — ווילדע כאַיעס . . .

דער גערויש דאָרטן ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער. מ׳רייסט זיך אַף די העלזער. דאָס גאַנצע הויז ציטערט. עס דערגייט ביזן קיך. און דאָ די קיך זשומעט דורך פאַרפּרעסטע ציינער.

ס׳איז גערויש פון אַרבעט. ניטאָ קיין צייט צו ריידן. יעדער אַף זיין פּלאַץ. איינגאַנצן עטלעכע מינוט. דער אויוון גליט. מ׳דאַרף דער-באַקן. דערקאָכן. נאָך אַ לעק — דער טאַם. די הויפּט-זאַך איז דער טאַם. ס׳גיסט זיך בראָט-יויך אַף בראָנזענע קאָטשקעס. שמאַלץ. די לופט איז פעטע פּאַרע. עס איז הייס. פינף קוכאַרעס אין שוויים שטייען גרייט, באַלד! . . .

די געשיר-וואַשער פּאַרציען גומענע פּאַרטוכער און גרייטן זיך ווי צו אַ פייער. איינער גיסט וואַסער, אַ צווייטער רודערט אויף דעם אויוון, און אַ דריטער מאַכט פּלאַץ פאַר טעלער. עס טרייבט פּראַצע. מ׳וואָלט וועלן אויסשלאָגן עטלעכע מינוט פאַר אָפּרו. אויב ס׳וועט בלייבן אַ שטיקל פרייע צייט, וועלן זיי נאָך קאָנען פאַרדרייען דאָס לעצטע סיגאַרעטל ביז פאַרטאָג.

רואיקער פון אַלע זייַנען די קעלנערס. מיד פון אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן, שטייען זיי איצט אין דער ריי און וואַרטן אַפן לעצטן שאָס...

ס׳ברעכט דער רוקן, אָבער מ׳מוז אויסהאַלטן. אַזוי ווייט דער־גאַנגען טאָר מען איצט ניט פאַלן. און כאָטש מ׳רעדט ניט, טראַכט דאָך יעדער איינער דאָס זעלבע. דרוק פון אַרבעט שמידט געדאַנק. ניט נויטיק צו ריידן אין דער הויך, יעדער ווייס.

מאַכט פון שקלאַפעריי רעגירט. שטייט מען געצווימט. איז די לאַגע אַ געמיינשאַפטלאַכע. בינדט מען זיך נאָך פעסטער צונויף. ברי־דער אין נויט, יעדער טראַכט אַלעמענס געדאַנק, — אַלע ווי איינער.

די קיך שליסט שטומערהייט שאַלעם.

וואָס נענטער צו צוועלף, אַלץ לויזער, פרייער די לופט. מ׳טוליעט זיך איינער צום צווייטן מיט צוזאָג פון אייניקייט, סאָלידאַריטעט. זאָל איצט קומען אַ פרעמדער טשעפּען, ברעכט ער קאָפּ און נאַקן.

יעדער פאַרשטייט: אַרבעטער רייסן זיך אַרום, ווייל ס׳איז באַ־סישער געיעג, זיי גיבן ניט קיין צייט צו טראַכטן. דאַרף מען טראַכטן אין דער שנעל. ס׳איז שקלאַפישע סיסטעם פון אַרבעט. שילטן העלפט ניט. דאַרף מען זיך אָנשליסן אין דער ריי. היינט באַ זיי, מאָרגן אין אונזער אייגענער ריי. ענגער! שנעלער, ברידער!

דער זייגער קלינגט צוועלף. — אַלע טירן אָפן.

דער ראַש אין זאַל ווערט שטאַרקער. ס׳דערגייט ביזן קלימאַקס. גאַנצע פלאַשן אין גאָרגל אַריין. מ׳טרעט אַף צילינדערס און מ׳שפּייט זיך אין פּאָנים. פאַרלוירן די עטיקעט. דער עמעסער פּאַרצעף אַף דער פלאַך.

מ׳רייסט ווייבער באַ די ליטקעס און מ׳גיסט „פּראָהיבישאָן” אין מויל אַריין. פאַרגעסן געקינצלטע שפּראַך. מ׳רעדט אינגאַנצן ניט. דער זאַל רעוועט. אַ שלאַכט־הויז. דזשעז און רומל. „סאָשל דירעקטאָרס” פּאַיאַצעווען. ווערן פאַרשריגן. העלזער אַף העלזער אין אָרעמס גע־פלאָכטן, ציען ניכטערע באַ פּריינט „מעזומען” פון דער קעשענע.

ס׳איז פריינטשאַפט, כאַווערשאַפט ביז צום הימל. ס׳קושן זיך אַלע. מ׳קושט זיך ביז צום ברעכן.

באַ דער זייט שטייען די האָטעל־באַלעבאַטים, קאָלעגן פונם קלאַס, און ציילן די קעפּ . . .

אינמיטן גייען מיר.

אַף מידע אָרעמס, 12 באַנאַכט, שלעפּן מיר געלאָדענע טאַצן מיט פרעסן. היינט טראָגן מיר אַרויס 13 מאַיכאָלים, — 4 מאָל פליישׁ. אַפן טיש שטייען צוויי — צוזאַמען 15 מאַיכאָלים, אויסער געטראַנקען.

ס׳וואַלגערן זיך עסנס אונטערן טיש. מ׳וואַרפט טויבן אין דער לופטן.

ס׳איז ענדע 1930. דאָס יאָר פון ברעדליינס אין אַמעריקע.

דער זייגער איז צוויי, מיר עסן די ברעקלעך.

אין זאַל איז אַ כורבן. מ'דאַרף אַלץ צעשטעלן, אויסרייניקן, גאָפּל-מעסער צעוואַשן און די טישן צו אָנבייסן גרייטן.

אַזייגער 4 ווערן מיר פּאַרטיק. היינט האָבן מיר געאַרבעט אַלע ווי איינער. „טיפּס" ניט געמאַכט. זיי זיינען געווען שיקער, אַי, — זיי זיינען שטענדיק שיקער.

ס'פילט זיך ניט קיין אומעט. מען באַטראַכט איינער דעם צווייטן מיט ברידערלעכע אויגן:

— ס'איז אונזער אַלעמענס גורל. ניטאָ קיין אויסנאַמען. אַלע צוזאַמען איז לייכטער.

אין דער לופט טראָגט זיך מידער געדאַנק. מיר גייען שלאָפן. אין דריי שאָ דאַרפן מיר זיין צוריק באַ דער אַרבעט.

# ווילי

דער פאַרטאָג איז נאָך גרוי,
ווי די הענט פון אַ מענטשן
אָן עסן און שלאָף.
ס'פאַלט דער טוי
אַף ביימער און גראָזן
און אַף ווילין דעם אַרבעטלאָזן,
אַף אַ באַנק אַפן סקווער.

ווילי וועקט זיך פונם שלאָף:
האַרטע הענט איז ניט קיין קישן — — —
און עפּשער וועקט אים פונם שלאָף
דער רייעך פון אַ ברויט אַ פרישן — — —

און עפּשער לאָזט ווילין ניט שלאָפן דער מאַרש
פון נעכטיקע פויסטן און פאָנען,
וואָס זיינען געקומען היינט דאָ אַפן סקווער
ברויט און געלעגער צו מאָנען? —

אַזוי צי אַזוי, און ווילי הויבט אויף
פון באַנק די צעווייטיקטעביינער.
יעדע שאָ פון דער נאַכט אַפן סקווער,
ליגט אַף ווילין, ווי שפּיציקע שטיינער — — —

ס'איז שטיל נאָך דער סקווער,
דער אַרום איז נאָך פּוסט,
דער מאָנומענט בלויז און — ווילים
אַ טרוקענער הוסט.

ווי ערד ווערט אַלץ ווייסער פון שניי,
הויבט אָן אַפּן סקווער מער צו טאָגן,
און ס'דאַכט זיך אוים ווילין אַ וויַיל:
דער מאָנומענט וויל אים עפּעס דאָ זאָגן.

נאָר ס'שטייט דער מאָנומענט קעגן אים
אין דער אַקטיאָרישער פּאָזע,
און ס'טראַכט שוין ניט ווילי קיין סאַך
און גיט אַ שפּיי אין די גראָזן . . .

„וואָס גלאָצסטו אַף מיר מיט די אויגן,
דו וויסטער און שטיינערנער גוילעם ?
וואָס האָט דען פון דיר באַ דיין לעבן
כוץ הונגער געהאַט אונזער אוילעם ?"

ווילי האָט זיך אויפגעהויבן פון דער באַנק
מיט קעלט אין די שיך דורך די לעכער,
און ס'האָט זיך פאַרבענקט אים נאָכן מאַרש מיט געזאַנג — — — —

— — — — — — —

און די זון איז אַרויף אַף די דעכער — — — —

## י. א. ראָנטש

# הונגער-מאַרש

1

זיי טוליען זיך צום שטיינערנעם אַספאַלט
און ראַיען זיך אין קאַנען מיסט.
ווען רעגן גיסט,
ווען נאַכט איז קאַלט,
שטרעקן זיך די אָדערדיקע הענט
צו די גרויע, גלאַטע ווענט.

פון די אויגן
אויסגעזויגן
יעדע קראַפט,
נאָר מען גאַפט
אין נעפּלדיקן רוים
און מען זעט אַ טרוים:
אוים מיט הונגער-טויט;
פאַראַן איז פּוטער, ברויט;
ס'איז פלייש פאַראַן
און מילך אין קאַן,
און קליידער, שיך —
געקויפט פאַר זיך.
ס'איז אַרבעט דאָ
אין גוטער שעה.

נאָר וואו איז ווייב און קינד?
דער טרוים פאַרשווינדט.
זיי שפּאַנען ווידער איבער גאַס
פּוסט און פּאַסט.

הילפלאָז הענגען הענט אַראָפּ,
בוינגט זיך קאָפּ נאָך קאָפּ.
טריט און טריט און טריט,
ווי אין קייטן איינגעשמידט.

2

עס האָבן זייערע הענט די הייזער געבויט,
נו, האָבן זיי איצט ניט צו עסן קיין ברויט.
עס האָבן זייערע פינגער אַ וועלט דאָך באַקליידט, —
נו, גייען אָרום זיי באָרוועסערהייט.
זיי שפּאַנען און שפּאַנען,
ביז ווען און ביז וואַנען?

3

מאַרש, מאַרש, עס שפּרייזט
דער רויטער צאָרן-גייסט.
אָפּגעריסן,
אָפּגעשליסן,
און פאַרביסן,
גיט צו וויסן

דער ברייטער גאַס,
אַז —
עס שפּרייזט,
מיט געברום
דער רויטער צאָרן-גייסט.

מאַרש, מאַרש פאָראויס
מיט געשטרעקטער פויסט.
אָפּגעריסן,
אָפּגעשליסן . . .
מאַרש איז ריזיק,
אויגן שפּיזיק,
מאַסן-מאַכט פאַראַן
אין הערקולעסן-שפּאַן.

מער און מערער ווערן זיי,
ווער קען איצט דען שטערן זיי?
אַלץ וועט באַלד געהערן זיי.
מאַרש, מאַרש פאָראויס
אין צאָרניקן געברויז.

## מעינקע קאַץ

# זייגערמייסטער

זיי היניען אום לעם פאַבריקן-טירן,
מיט שטאַרע פינגער, ווי לויזע ווייזער, אין די הענט —
נאָר הוילע הענט קענען, ווי גאָלד, ניט צירן,
איז ווער וועט פאַר זיי געבן אַ קופּערנעם סענט?

דימענט-קראָמען ריידן
מיט בליאַסק פון רעגנבויגנדיקע פענצטער,
די ווענט רימען זיך מיט בריליאַנטענע אינגעווייידן:
„איר קענט דעם הימל און די זון דאָ קויפן",
נאָר פון אַלע זונען איז דער מייסטער דער שענסטער,
אין די גאָלדענע זייגערלעך פינקלען זיינע געהירן,
ער האָט געהיילט און געהיט יעדן גליד
עס זאָל אַ שטויבעלע ניט שאַטן —

ס׳איז יעדער שרייפּעלע — זיינס אַ צעל,
יעדער שטיינדעלע — זיינס אַ ליד ;
נאָר די מייסטער שטייען פרעמדע לעם אייגענעם גינגאָלד,
זיי טראָגן דעם דאַלעס פון הינטער־הויפן
אַף רוקנס געבויגענע ווי דוהעס,
און דערמאָנען אָן פאַרשטומטע זייגערס,
אָן זשאַווערדיקע צווייגעלעך און שרויפן.

בליאַסק פון רעגנבויגנדיקע פענצטער :
לעבן פון מעש און גאָלד און פראָסטן אייזן
געזאַנג פון שפּינדלען, אַנקערס און פּאָמפּעדיקלען ;
פון באַראַבאַנעס און פון בוידעמרעדער
קוקט אַרויס דער מייסטער פאַרטראַכט ווי אַ זייגער :
— שטאַרקע לופן *) פאַנגען די וויעס,
לאַנגע שאָען דרייען זיך אַף מידע וואַרשטאַטן
און דרייען די אויגן ווי שווינדלענדיקע רייפן,
דער מייסטער גיט קוועך די ספּראָנזשינעס,
בלינדע מאַטעריע הויבט אָן צו טאָגן —
און לעבעדיקע רעדעלעך אין געדריי
איילן זיך מיט רעגעס צו אַנטלויפן ;
ס׳אָרעמען זיך די רעדעלעך דורך לאַנגן גאַנג פון לעבן,
און ציפּערבלעטער איבער זיי — מיט אומרואיקע פינגער ווייזן
דעם וואונדער פון באַשאַף אין די הענט פון מייסטער.

זייגערס פריילעכע גייען
מיט ווינטיקע טריט אַף רייכע ווענט,
און דערציילן פון שווייסיקע פאַבריקן — און ווייען
מיט מידן מאַרך פון דעם מייסטערס הענט.

זייגערס וואָס שרומפּן איין אין צעקאָרטשעטן בלעך,
סקריפּן אַלט אין בידנע שטיבער — און פייכטע קעלערס ;
זייערע איינגעווייד[ן] זיינען סאַזשעדיק און בלינד
און ס׳פּויזעט אום די נויט אַף זייערע ווייזער ;
זייגערס וואָס שרומפּן איין אין צעקאָרטשעטן בלעך
צעבילן זיך באַגינען ווי הייזעריקע הינט,
און רייסן אַוועק פון גוטן שלאָף
די אויגן וואָס זיינען רויט פון הונגער און פון נאָדל־שטעך.

---

*) שפּאַקטיוון.

און זייגערס וואָס טיקן אין טויטנהייזער
ציילן אויס די רעגעס פון דער גרויזאַמער נאַכט,
און ס׳קוקן אַרויס פון זיי די געשטאַלטן
פון אַלע לעקערטס, סאַקאָס און וואַנזעטיס
מיט געהויבענע קעפּ און ליכטיקע פויסטן.
זייגערס וואָס טיקן אין טויטנהייזער,
טראָגן אין די ציין די טויטן פון מאַרטירער,
און גייען צום לעצטן שלאַכט
מיט שווערן צאָרן — אויף די דינינקע ווייזער.
— — — — — — — — —
אַ אַרבעטלאָזע מייסטערס — פאַרשטומטע זייגערס
ווען עס שטייגן אין פינקלענדיקע קראָמען
פון אייער פראַצע — דימענטענע ווענט,
ווען עס פליסן פאַר צעלינדערדיקע הינט
פון אייער בלוט — גינגאָלדענע שטראָמען —
זייט איר מיט ראָסט פון אַרבעטלאָזע הענט
געבליבן וואוינען מיטן ווינט,
איז ווער וועט ניט איצט מיט שטורעם פון „אָקטאָבער"
אַ פליק טאָן די ערד,
ווי מיט געפּלאַצטע אַנקערס אַן אויפגעדרייטן זייגער?
שווינגט אויף, אַ הענט פון גאָלד און טשוגון!
מיט פויסט און ליד קעגן פיינט —
דער בוך פון צייט —
מישט אַ נייע בלאַט,
און ווייט ווערט דער היינט,
און נאָענט — יעדע ווייט.

## ב. פענסטער

# צו אַ בלייכער מיידל

פאַרב ניט די בעקלעך, די בלייכע מיין מיידל;
ניט רויטל די ליפּן, די נאָז דיך ניט וויס.
איך זע דיך נאַטירלעך — דיין קינדיש געשטאַלט נאָך,
דיין האַרץ — דורך די אויגן, וואָס פינקלען אַרויס.

און בינסטו פאַרצערט שוין געוואָרן, פאַרבלאַסט,
און האָסטו די פאַרבן פון פּאָנים פאַרלאָרן, —

ווייס איך, מיין מײדל, דיין אָרימען לעבן;
איך קען אויך די מאַמע, וואָס האָט דיך געבוירן!

ס'איז דאָך דיין לעבן דערזעלבער וואָס מיינער:
ס'איז אונזער פרילינג אַ קאַלטער געווען;
און טיף איז די קעלט אונז אַריין אין די ביינער,
איז מיט אונזביידן דאָס זעלבע געשען . . .

פאַרב ניט די בעקלעך, די בלייכע, מיין מײדל;
ניט רויטל די ליפּן, די נאָז דיר ניט וויים —
איך זע דיך, ווי זיך, אַזוי פּראָסט, אַזוי איידל —
ווערסט גאָרניט פאַרהוילן, איך ווייס אַלץ, איך ווייס . . .

## א. מייזל

# ביזנעס

(מיניאַטורן)

### די גאַס זינגט

זיי האָבן פאַרכאַפּט דעם טראָטואַר און ווילן ניט אָפּטרעטן. דער בלויער ראָק טרייבט, אַרעסטירט; צעקריכט זיך דער גאַסן־מאַן, מיט זיין סכוירע; און אין אַ ווײַלע אַרום וואַקסט ער אויס צוריק. דער סויכער אין קראָם האָט אַ נעץ אַ דעליקאַטע; כאַפּט זי שטיל און קונציק אַריין דעם קונד. אויפן טראָטואַר איז דער מיסכער אַ הייזעריקער, אַ נאַקעטער. פאַרגאָרגלט ער זיך אין זיין האַווענעש און פאַרשרייט די גאַס.

און וואָס פאַרקויפט ער ניט, דער טראָטואַר? אַלץ איז דאָ:

נאָזטיכלעך, שקאַרפּעטקעס, קעמעלעך און ראַזיר־מעסערס; געפּרעגלטע קאַשטאַנעס און געשניטענע פּיין־עפּל. אַ ליאַלקע פאַרן קינד און אַ ביליקע פּאָר שיך.

די דערפינדער, וועלכע פּרוּוון זיך זייער צוגעטראַכטן קונץ אויף אַ יו. עס. ניקל אויסבייטן, פאַרנעמען דאָ אַ כאַשעוון פּלאַץ.

עס פאַרנעמט אויך אַן אָרט דער צעקאַליעטשעטער מילכאָמע־וועטעראַן: אַ פּעקל בלייפעדערס און וואונדן איז זיין גאַנצער „סטאָק אָוו טרייד".

אָט שטייט דאָ איינער אַ קורצער, אַ ברייטער, אַ שטייף־ביינערדיקער. אַ פאַרוואַקסענער סלאַווישער פּנים, אויגן — שווערע, בלוי-

וואסערדיקע. ער האָט אַ שפּילצייג דערפונדן: אַ לייטערל, מיט אַ פולן גראָבן קייקעלע: און דאָס קייקעלע קוליעט זיך מעכאַניש איבער די לייסטלעך אראָפּ. ער דעמאָנסטרירט זיין קונץ, די קין-ביינער שאָק-לען זיך בעשאַס-מאַיסע צו מיט דערפינדערישן פאַרגעניגן. קיין רעדנער איז ער ניט. בלויז די שווערע, בלוי-וואַסערדיקע אויגן דערמאָנען:

— קויפט-זשע! אַ ניקעלע אַ שטיק.

ווייטער אַביסל שטייט אַ פלינק-אויגיקער איירישמאַן; אויך אַ דערפינדער. פון די פינגער דרייט ער אויס אַ פייג. אינמיטן האָט ער אריינגעשטעקט אַ פּאָר פּאַטשערקעס, אַפן ארויסגעשטאַרטשעטן פינ-גער האָט ער ארויפגעדרייט אַ וואַנצע. איז ארויסגעקומען אַ מין פאַר-זעעניש, מיט וועלכן ער מאַכט קונץ-שטיק און מאַניעט אַ קונד צו זיך:

— וואַנצעס אַלאַ טשאַרלי טשאַפּלין! אַ ניקל אַ פּאָר!

באַלד נאָך אים קומט די שווערע ארטילעריע: אַן איטאַליענער מיט אַ פּוש-קאַרט. אַ זאַמדיקער האָרעפּאַשנער פּאָנים פון אַ טאָג-לוינער. די שיך זיינען באַ אים אויך ליימיקע. דער האָט אויך אַ דערפינדונג אַפן מאַרק געבראַכט:

אַ רעדעלע צו שניידן גלאָז. מיטן רעדעלע צעאַרבעט ער מאַיסים! ער שפּליטערט גראָבע קרישטאַלענע גלאָז-שטיקער, קאַרבט אָן און שפּאַלט זיי אָפּ מיט די פינגער פון זיינע הענט. אָף די פינגער איז אַ מעכאַיע צו קוקן: פאַרהאַרטעוועטע, שטייפע, פלינקע טייוואָלים. די הויט — די האַרטקייט פון גלאָז. ער פאַרטיפט זיך אין דער אַרבעט, און פאַרכאַפּט זיך באַלד, אַז ער איז בלויז אַ סויכער דאָ אַפן גאַס!

— אַ ניקל אַ רעדעלע! קויפט!

די לייכטע קאַוואַלעריע איז דער קאַליקע דאָ אַפן טראָטואַר. ער טרייבט זיך ארום אַפן וועגל, מיט די פּאָר הענט פאַר אונטערשטופּערס. (די פיס זיינען באַ אים ווי קרומע שפּענדלעך). ער דאַרף זיין סכוירע ניט אויסרופן, (אים אַליין דאַרף מען באַמערקן און זען). צוליב דעם טאַקע האָט ער אַ ליד צוגעטראַכט און פאַרגאָרגלט זיך מיט אים, טראָגנדיק זיך הין און צוריק.

ס'ליד מישט זיך אויס, פּלאָנטערט זיך איבער מיטן איבעריקן גאַסן-טומל. דאָס זיסע פאַרסאַמטע סענטימענטאַלעכץ שטרייכט נאָך שטאַרקער אונטער דעם כויזעק: האָרעפּשאַניקעס, קריפּלס, פאַרלאָרענע קענען זיך אַליין ניט פאַרקויפן, פּרוּאוון זיי פאַרקויפן פינף-סענטיקע שמאָכטעס אין גאַס.

דער בלויער ראָק באַווייזט זיך, צעלויפן זיך די סאָכרים, ווערט אָף אַ ווייל אַנשטומט די גאַס. באַלד אָבער וואַקסט עס אויס צוריק.

דעם קאַליקעס פאַרסאַמט-סענטימענטאַלע ליד גיט דעם טאָן:
די גאַס ביזנעוועט און זינגט...

ער איז אַ פּאָעט. טראַכט ער שטענדיק וועגן גראַמען, גייענדיק, זיצנדיק, שפּאַצירנדיק. גראַמען מאַכן אַ פּאָעט. אַ שוואַרצער שלייף פאַרפּוצט אים, אַ שוואַרצער שלייף אַף אַ ווייסן העמד. קלוימערשט נאָכלעסיק פאַרבונדן, אָבער אין דער נאָכלעסיקייט איז אויך פאַראַן אַ סיסטעם, אין די צעפּודלטע האָר, אין דער אויפגעבלאָזנקייט פון קראַוואַט. אַ פּאַשעטער מענטש דאַרף דעם פּאָעט גלייך דערקענען...

אין דער פּאָעט געגאַנגען שפּאַצירן אין גאַס און פּלוצלונג איז בא אים אין קאָפּ געבאָרן געוואָרן אַ געדאַנק פאַר אַ פּאָעמע!

עס פליט אינדערלופטן אַ מעטעאָר, אין ברייטן פוסטן אויסשפּרייט, צווישן ערד און הימל. אַפן מעטעאָר זיצט דער דיכטער. פון זיינע כאָלוימעס האָט דער דיכטער אויסגעשפּונען אַ מאָטאָר, וועלכער קאָנטראָלירט דעם פליענדיקן שטיין און גיט אים אַ ריכטונג. בייגט ער זיין ריכטונג צו די פּלאַנעטן, צו די קאָמעטן, און ענדלעך גיט ער אים אַ נויג צו דער זינדיקער מאַמע „ערד״.

דער פּאָעט איז אַליין פאַרכאַפּט געוואָרן פון זיין פּלוצימדיקן איינפאַל. געדאַנקען האָבן זיך אָנגעהויבן אויסלייגן אין גראַמען: נעם און פאַרשרייב.

— די מאָטאָרן
פון די מעטעאָרן
הודזשען, רוישן,
שניידן בלויע פוסטקייט...

ער איז שוין ניט געגאַנגען, נאָר געשוועבט איבערן טראָטואַר. ארויסגעשלאָגן אים פון זיינע ראַיוינעס האָט הייזעריקער, געקינצלט־פריילעכער געזאַנג אונטער זיינע פיס:

— אי׳ל סעל מאַי שוז
פאָר עי באַטל אָוו בוז.
(איך וועל פאַרקויפן מיינע שיך
פאַר אַ פלעשל מאַשקע.)

אַפן טראָטואַר איז געזעסן, די פיס געקאָרטשעט אונטער זיך, אַ מאַן. לעבן אים — אַ פּעקל סכוירע: אַ פאַרזשאַווערט טעפּל, אַן אויסגענוצטער ריב־אייזן, עטלעכע שמאַכטעלעכעס פון קליידונג. אַף די הענט האָט דער מאַן אָנגעטאָן אַ פּאָר אַלטע שיך, מיט אויסגעריבענע אַפּצאַסן, כדי צוצוציען דעם קונד און אַריינגעבן אין אים מער „פּעפּ״, האָט דער סויכער געזונגען זיין לידל:

— אי׳ל סעל מאַי שוז, א. אז. וו.

דעם דיכטער האָט עס געגעבן אַ קער איבער די גאַל: ער איז נאָך אין זיינע ווייטע געדאַנקען רייטנדיק אַפן מעטעאָר געזעסן און פּלוצלונג, נאַ דיר, באַץ!...

דער סויכער האָט דאַווקע אים אויסגעקליבן און צוגעטשעפּעט זיך צו אים:

— קויפט, מיסטער, אַ פּאָר שיכעלעך. ביליק ווי באָרשטש.

דער פּאָעט האָט אים אַפילו ניט באַגנאַדיקט מיט אַן ענטפער.

— וואָס שווייגט איר, מיסטער? גייט אַרום מיט אייער אייגענעם מעקאַך. שיך קענען אַלעמאָל צונוץ קומען. איך וואָלט זיי אַף קיין זאַך ניט אויסגעביטן, אַכוץ אַף ברויט...

— טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר!

דער פּאָעט האָט עס אַרויסגעשריען מיט היץ, מיט דיכטערישן צעקאָכטן טעמפּעראַמענט. ער האָט אים געהאַסט פון גאַנצן האַרצן; אַרונטערגעוואָרפן אים פון מעטעאָר...

— אָט אַ שויטע: איך וויל אים אַ מעציע פאַרקויפן און ער ברעקלט זיך נאָך. אַן אָנגעבלאָזענער נאַר.

איצט האָט זיך שוין דער סויכער אָפּגעקערט און ניט געקוקט אין זיין זייט. ער איז מיט די אויגן אַוועק זוכן אַנדערע קונדן און גע-זונגען זיין ליד.

און דער פּאָעט האָט געשטעלט האַסטיקע טריט און אָפּגעצויגן. ער האָט צוריק געוואָלט פאַרקניפּלען זיינע געדאַנקען, באַהערשן די „מאָטאָרן פון די מעטעאָרן", און ניט געקענט.

ווי אַ שטיקל שמאַטע איז אים געבליבן הענגען דאָס אָפּשפּיצל פון דעם אָנגעהויבענעם גראַם. די שיך האָבן זיך נאָך זיי נאָכגעשלעפּט, ווי צוגעבונדן מיט אַ שנירל. אינעווייניק האָט געזאָטן די דיכטערישע גאַל.

— סקאַנדאַליעז! יעדער אָפּפאַל וואַלגערט זיך אַף די טראָטואַרן. מ'לאָזט גאָר ניט דענקען אַף דער וועלט...

## מאָריס ראָזנפעלד

# גאָט פאַרלאָזט ניט

. . . ווען גאָט איז מיין פאסטעך, דאַן פעלט ניט קיין פאשע.
ער הייסט זיך מיר שטאָפּן מיט כומעש און ראשע;
ווען גאָט איז מיין פאסטעך, טאָ פרעגט מיר קיין קאשע,
דאַן דאַרף איך קיין צאַר און קיין שווערעניש טראָגן,
דאַן גיי איך מיר לייכט, מיט אַ לײדיקן מאָגן;
. . . ווען גאָט איז מיין פאסטעך, וואָס האָב איך צו דאיגען?
ער הייסט מיר דערווײלע נאָר קוקן און שווייגן.

ווען גאָט איז מיין שפּייזער, וואָס האָב איך צו זאָרגן?
פאַרזאָרגט ער מיך היינט ניט, פאַרזאָרגט ער מיך מאָרגן;
געדויערט עס לייַנגער, דאַן הייסט ער מיר באָרגן,
דאַן הייסט ער מיר באָרגן, דאַן הייסט ער מיר לייען;
ווען גאָט איז מיין שפּייזער, דאַן פעלט ניט צום קייען,
ווען גאָט איז מיין שפּייזער, דאַן — בין איך אַ קייסער.
ווי וואויל איז דעם מענטשן, וואָס גאָט איז זיין שפּייזער! —
אפן לעצטן פאַל הייסט ער מיר גיין אין די הייזער.

## י. ל. פּערעץ

# אַ טפילע

גאָט, גיב אונז שוין אונזער לאַנד,
גרוים כאָטש ווי אַ גענעץ,
נאָר אונזערע אָביעזדשטשיקעס,
יעגער באַ דער גרענעץ.

גאָט, גיב אונז שוין אונזער לאַנד,
וויש אָפּ אונזער טרער!
גיב אונז אונזער פּאָליציי,
אונזער מיליטער!

גאָט, גיב אונז שוין אונזער לאַנד,
וויפיל איז דער שיר?
גיב אַ קייזער אונז אַליין,
אַן אייגענעם סיביר!

גאָט, גיב אונז שוין אונזער לאַנד,
גאָאים צו-לעאַכעס!
לאָמיר אויך שוין זוכע זיין
צו אַן איר-נעדאַכעס.

לאָז אַ זאָקן מאַמרע זיין
און אַ פּאָרע-אַדומע,
זאָג אַליין, צי ביינקסטו ניט
נאָך אַן אוילע-טמימע?

פּאַשעט וועלן מיר דיך מיט רויך,
מיט אוילעס און מיט זוואָכים —
פּאַרלייגן נאָך אַף אַקציעס
אַ פּאַבריק מיט שוואָכים . . .

## אָסקאַר סטרעליץ

### צוויי זיינען צום פּריזיוו געגאַנגען

עלדאָד און מיידאָד האָט מען זיי ביידן גערופן. זייערע עמעסע נעמען זיינען גאָר געווען טאַנע און לייב, נאָר גערופן האָט מען זיי מיט צונעמעניש דערפאַר, ווייל אין אַלץ זיינען זיי געווען ענלעך איינער אַפן אַנדערן, ווי אַ פּאָר שקאַרפּעטקעס.

סיי עלדאָד, סיי מיידאָד זיינען ביידע געווען שמאָלברוסטיקע, לאַנג-נאָזיקע, לאַנג-אויערדיקע און קורצזיכטיקע — געטראָגן ברילן.

אָט פאַרוואָס מע האָט זיי גערופן עלדאָד און מיידאָד, כאָטש זייערע עמעסע נעמען זיינען געווען גאָר טאַנע און לייב.

פּאָריקע יאָרן זיינען ביידע געווען ציוניסטלעך, זיי פלעגן זינגען „האַטיקווע" (נאָר מיטן מאָטיוו, מאַכמעס די ווערטער איז זיי געווען שווער אויסצולערנען אַף אויסנווייניק) און האָבן געטרוימט וועגן פּאַלעסטינע.

איצטער אָבער האָבן ביידע אָנגעשריבן מעלדונגען אין די צייטונגען, אַז זיי זיינען שוין אויס ציוניסטן. און כאָטש ביידע, סיי טאַנע, סיי לייב זיינען אין אַלץ געווען ענלעך איינער אַפן צווייטן, זיינען אָבער די סיבעס געווען באַזונדערע.

טאַנע איז ארויסגעטראָטן דערפאַר, ווייל (ס'איז אַפילו ניט שיין אויסצוזאָגן, נאָר ס'איז אַן עמעס) ער איז געווען פאַרליבט אין אַ באַלעבאַטיש קינד, און האָט זיך געקליבן נאָכן כופּע-שטעלן אָפּפאָרן מיט איר קיין אַמעריקע צו אירן אַ פעטער. און דערדאָזיקער פעטער איז ניט קיין ציוניסט. דערווייל-וואָס-ווען פלעגט טאַנע שרייבן לידער, גע-

ווידמעט דער הייליקער ליבע, און פלעגט זיי שיקן אין די ציימונגען און זשורנאלן, און דאָרט פלעגט מען אָפּדרוקן אין די בריוו-קאַסטנס, אַז: „כ׳ טאַנע — אייער ליד, וואָס הויבט זיך אָן אַזוי:

„די לעוואָנע און די שטערן האָבן אונזער פרייד ניט געטאָן שטערן"

וועט ניט גיין, ווייל ס׳איז גראַם-שטראַם".

האָט טאַנע אָבער געהאָפּט, אַז ער וועט קומען אין אַמעריקע, וועט ער נאָך דער כאַסענע מאַכן אַ לעבן און ווערן אַ פּאָעט — דאָרט ווערן דאָך אַלע פּאָעטן . . .

ליב איז אָבער אַרויסגעטראָטן צוליב אַן אַנדער סיבע. ער האָט געבענקט נאָך ערד־אַרבעט. עמעס, אין פּאַלעסטינע. נאָר אַז ער האָט דערזען, אַז אַלע כעוורע, וואָס זיינען אַהין געפאָרן, קומען צוריק מיטן בייטש, האָט ער זיך מעיאַשעוו געווען, אַז דאָ איז אויך גוט — אַבי אַרבעטן ערד.

איז ער געלאָפן צום פאָרזיצער פון אָרטיקן ערד-קאָלעקטיוו, אים ניט געלאָזט לעבן, געדרייט אַ ספּאָדעק מע זאָל אים דאָרט צונעמען פאַר אַ קאָלעקטיווטשיק. אויזער, דער פאָרזיצער, וואָס איז אַמאָל גע-ווען אַ באַלעגאָלע, האָט זיך פון אים געוועהרט, ווי מע ווערט זיך פון אַ זלידנער פליג. נאָר סאַף-קאָל-סאָף האָט אויזער אַרויסגעבורטשעט:

— וואָס וועסטו בא אונז קאָנען טאָן? זע נאָר אַ גיבער.

האָט ליב זיך איינגעשטעלט און געזאָגט:

— איר׳ט זען, פּרואווט נאָר.

האָט אויזער אים פאַרשריבן אין קאָלעקטיוו — מיילע, זאָל זיך דער יונג צוקוקן — ער וועט צוניץ קומען.

אָט פאַרוואָס ליב האָט אַ שפּיי געטאָן אַף דער „האַטיקווע" (אָפּן מאָטיוו, ווייל די ווערטער האָט ער סיי-ווי ניט פאַרשטאַנען) און איז געוואָרן אויס ציוניסט.

און אָט פאַרוואָס עלדאָדס און מיידאָדס וועגן זיינען זיך פאַנאַנ-דערגעגאַנגען. איינער האָט געוואָרט אַף אַמעריקע און אַף זיין קאַלע, דער צווייטער — אַף אַ גוטער גערעטעניש און אַף זיין לאָשעקל, וואָס ער האָט געכאָוועט.

טרעפט אַ מאַיסע מיט טשעמבערלענען (ניט דאָס לאָשעקל, וואָס האָט אַזוי געהייסן, נאָר טאַקע מיטן ענגלישן אויסערן-מיניסטער), און ער רייסט איין מיטן סאָוועטן-פאַרבאַנד די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען. מיילע, דיפּלאָמאַטיע איז דיפּאָמאַטיע — ס׳האָט אָבער גענומען שטאַרק שמעקן מיט פּולווער, מע האָט גענומען ריידן וועגן מילכאָמע, וועגן פאַר-טיידיקן דאָס לאַנד א. אז. וו.

אַזוי האָט טאַקע געזאָגט דער געקומענער רעדנער:

— טשעמבערלען, — זאָגט ער, — שאַרפט אַף אונז די ציין און די שווערד. מע דאַרף זיין גרייט צו אַלערליי הינטישע שטיק.

זיינען ביידע, טאַנע און לייב, געווען אַף דער פאַרזאַמלונג און ביידן האָט עס שטאַרק פאַראינטערעסירט. און ביידע זיינען אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג שטאַרק פאַרטראַכטע.

טאַנע האָט געטראַכט:

— ס'וועט ווערן אַ מילכאָמע, וועט מען מיך צונעמען אין דער רויטער אַרמיי (האיאַר דאַרפן זיי זיך שטעלן צום פּריזיוו), וועט גיין פאַרלאָרן אַמעריקע, מיין קאַלע און די פּאַעזיע.

לייב האָט געטראַכט:

— אַ רועך אין זיין טאַטן אַריין (אין טשעמבערלענס, האָט ער געמיינט). ער וויל מיט אונז מילכאָמע האַלטן, וויל ניט לאָזן, מיר זאָלן זיך פאַרנעמען מיט אונזער ערד-אַרבעט. עס וועט אים באַקעם אַרויס. מיר וועלן נעמען די ביקסן . . .

לייב האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז ער האָט אַ שמאָלע ברוסט און קורצזיכטיקע אויגן, וועט מען אים עפּשער גאָר ניט וועלן צונעמען אין דער רויטער אַרמיי.

נישקאָשע, וועל איך גיין פאַר אַ פריוווליקן.

איז געווען ביידן שלעכט — סיי טאַנען, סיי לייבן. און ביידע האָבן גענומען זוכן מיטלען. איינער (טאַנע), — ווי אַזוי זיך אַרויס-צודרייען פון פּריזיוו, דער צווייטער (לייב), — ווי אַזוי מע זאָל אים לאָזן באַשיצן דאָס לאַנד.

דערווייל-וואָס-ווען האָט זיך פּאַוואָלינקע אונטערגערוקט די פּרי-זיוו-צייט. טאַנע איז געגאַנגען פאַרבונדן די באַק מיט אַ ווייס טיכל, פאַרצאַרעט, פאַרדאַיגעט.

לייב האָט זיך פאַרנומען אַלע טאָג מיט פיזקולטור — מע זאָגט, אַז פון ספּאָרט ווערט מען אַנטוויקלט און די ברוסט ווערט דערפון ברייטער. די אויגן פלעגט ער שווענקען מיט באָרעקס-וועסערל.

און ביידע האָבן זיך געדאַרפט שטעלן אין איין טאָג, קעמאַט איינער נאָכן צווייטן. ביידע זיינען אַרויס פון דאָרטן טרויעריקע. לייב האָט געטרויערט:

ניט געהאָלפן פיזקולטור, אָפּגעלייגט זיין פריזיוו אַף נאָך אַ יאָר. זאָל ער זיך אַנטוויקלען — האָט איינער אַ זאָג געטאָן:

— איז וואָס זשע, איך וועל בלייבן דאָ, טאָמער טרעפט אַ מיל-כאָמע? בעשום-אויפן ניט.

טאַנע האָט געטרויערט:

מע האָט אויך אים ניט צוגענומען, אָבער דערפאַר וועט ער זיך מוזן שטעלן צום געריכט, ווייל, אַז מע האָט אָפּגעבונדן זיין נאָזטיכל פון באַק, האָט מען געפונען, אַז טאַנע האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל מיט זיין אויער: פון דאָרטן איז גערונען עפּעס אַ מין געלער וואַקס און ס'האָט שטאַרק געשטונקען.

# די לעוואַנע אונטער אַ וואַלקן

(אַ דראַמע-ראָמאַן אין פינף טיילן מיט אַן עפּילאָג)

פּאַרשפּיל:

ניט לאַנג איז געשען אַ מאַיסע,
די מאַיסע איז גאָר ניט פריילעך.
די מאַיסע הויבט זיך אָנ׳עט
מיט אַ אידן רעב מיילעך.

1טער טייל:

רעב מיילעך זוכט אַ קאָמיוגיסט פאַר אַ כאָסן

— אַ קאָמסאָמאָלעץ,—זאָגט רעב מיילעך, דער אָנגעזועענער באַלע-באָס, — איז אַ האַלבער קאָמוניסט, און אַ האַלבער קאָמוניסט איז אַ גאַנצער נאַדן . . .

אָט פּאַרוואָס רעב מיילעך זוכט פאַר זיין טאָכטער, די אויסכאַפּע-ניש, אַ כאָסן „כאָטש אַ קאָמסאָמאָלעץ״. און אָט פאַרוואָס ער האָט אָנ-געזאָגט זיין טאָכטער, זי זאָל זיך אויסלערנען די קאָמסאָמאָלסקע טוירע און זאָל ווערן „מיט מענטשן גלייך״.

2טער טייל:

מענדל-מישע דער קאָמיוגיסט אין טיפן וואַלד אַליין

ס׳איז געווען אַ פאַרנאַכט וואָס טרעפט זעלטן. דער הימל האָט געפלאַמט אין פלאַמען, די רויטע זון האָט פון מאַירעוו-זייט באַגילדט דעם שפּיץ קלויסטער און דעם שינדל-דאַך פון דער שול.

אין אַזאַ פאַרנאַכט האָט מענדל-מישע ניט געקאָנט איינזיצן בא דער פּאָליגראַמעטע און זיין האַרץ, כאָטש אַ קאָמיוגישע, האָט אַ צי געטאָן אין דערבייאַיקן וועלדל.

איז ער אַוועק אין שטילן וואַלד. די זון האָט זיך געזעצט. שטערן האָבן זיך באַוויזן. דערנאָך—אַ קיילעכדיקע לעוואָנע, און אַ פאַרבענק-טער פּאָעטישער נאַכטיגאַל האָט זיך צעזונגען.

אָט אין דעם גליקלעכן מאָמענט איז פּאָרגעקומען דאָס, וואָס עס ווערט דערציילט אין

3טער טייל

פּאָליטגראַמעטע און הייסע ליבע

מעגלעך, אַז אויך בא רעב מיילעכס טאָכטער האָט דער אָוונט ארויסגערופן טיפע געדאַנקען, אָדער אַן אַנדער סיבע האָט זי געטריבן אין שטילן וואַלד אריין, נאָר איינס איז קלאָר —

— זי האָט זיך באַגעגנט מיט אים און האָט אים פאַרשעמט גע-פרעגט:

— צי האָט איר ניט מיר צו אַנטלייען אַ פּאָליטגראַמעטע?

— אָך, מיט אַלע פאַרגעניגנס, — איז געווען זיין ענטפער.

און שפּעטער האָט די לעוואַנע זיך פאַרדעקט מיט אַ דעקטוך פון אַ קליינעם לייכטן וואָלקנדל און זי האָט ניט געזען, אַז מענדל-מישע האָט אין סאַמע מיטן דערקלערן די טעאָריע פון מערווערט, ארומגעכאַפּט רעב מײַלעכס טאָכטער און זי געגעבן אַ קלינגענדיקן קוש אין באַק.

באַ רעב מײַלעכס טאָכטער האָט אויפגעפלאַמט די באַק און באַ מענדל-מישען האָט אויפגעפלאַטערט די הייסע ליבע.

4 טער טייל:

די כופּע באַנאַכט

די כאַסענע, האָט רעב מײַלעך געוואָלט, זאָל זיין ווי באַ לייטן—מיט כופּע-קידושין, מיט דראָשע-געשאַנק און קלעזמאָרים. מענדל-מישע האָט ניט געוואָלט — אַף זיין ברוסט, וואָס אונטער איר האָט געפלאַטערט אַ האַרץ מיט ליבע, איז געווען צוגעשפּיליעט אַ קליינער עמאַלירטער „קים"*). האָט אָבער רעב מײַלעכס טאָכטער, די אויסכאַפּעניש, גע-טאַינעט, אַז דאָס איז אַ קלייניקייט, אַז אויב ניט, וועט זי איר ליבע צו אים דערטרינקען אין יאַם פון פאַרגאַנגענהייט.

דאָס האָט געווירקט, און מענדל-מישע איז איינגעגאַנגען אַף כופּע-קידושין, נאָר מיטן טנאַי, אַז די כופּע-קידושין דאַרפן זיין באַנאַכט.

פאַרוואָס באַנאַכט? ווייל בעוורע קאָמיוניסטן האָבן זיך געקליבן אים אָפּטאָן אַ שפּיצל,—האָט קיינער ניט געטאָרט וויסן פון דער כופּע.

ס'איז געווען האַלבע נאַכט, ווען אונטער אַ פינצטערער כופּע האָט זיך רעב מײַלעכס טאָכטער געדרייט ארום מענדל-מישען זיבן מאָל, און אַפן אכטן האָט איר מענדל-מישע ארויפגערוקט אַפן פינגער אַ טאַבאַאַס-קידושן און אָפּגעזאָגט נאָכן פאַנפעוואַטן ראָוו וואָרט באַ וואָרט:

— האַריי אַט מעקודעשעם . . .

קלעזמאָרים האָבן געשפּילט אַ פריילעכס, מעכוטאָנים אין שאַבעס-דיקן געקליידט האָבן געכאַפּט אַ טענצל. דער באַדכן איז אַרויס נאָכן ערשטן גלעזל פון די קיילים — עס איז געווען לאַיהודים.

אינמיטן וואַרפן די דראָשע-געשאַנק עפנט זיך פּלוצים די טיר און...

---

*) קאָמוניסטישער יוגנט-אינטערנאַציאָנאַל.

5טער טייל:

„נעמענדיק אין אכט"

א כעוורע קאמיוניסטן, פארשיטע, מיט א הו-הא, רייסן זיך אריין מיט א געפילדער. די קלעזמארים ווערן אנטשוויגן, דער שווער — אין-קאס, דער כאסן — בלאס, ווי די וואנט.

— שרעקט זיך נים, — מאכט צו זיי יאנקל, דער סעקרעטאר פון קאמיוג-קעמערל, — מיר זיינען געקומען אייך אפגעבן מאזל-טאוו. איך בעט א וואָרט!

און אזוי ווי דער כאסן מענדל-מישע איז געזעסן אויבנאן, האט זיך אים געדוכט, אז ער איז פארזיצער און דארף געבן א וואָרט דעם סעק-רעטאר, האט ער צעטומלט געשטאמלט:

— א וואָרט פאר א באגריסונג מיט מאזל-טאוו האט אין נאמען פון קעמערל דער סעקרעטאר יאנקל.

און יאנקל האט אזוי געזאגט:

— ארויסגייענדיק פונם שטאנדפונקט, אז מענדל-מישע איז גע-ווארן א פרעמדער פארן קאמיוג-עלעמענט, און נעמענדיק אין אכט זיין האלטן זיך בא דעם שימל פון דוירעס, האט דאס קעמערל באשטימט:

1. אפנעמען בא אים דעם קאמיוגישן בילעט.
2. אפנעמען דעם רויטן עמאלירטן „קים", וואס ער טאר מער נים טראגן, און
3. אפנעמען בא אים די פאליטגראמעטע . . .

עפילאג:

א שטומע סצענע. מענדל-מישע צעשפיליעט דעם נייעם פידזשאק, נעמט ארויס פון בוזעם-קעשענע דעם קאמיוגישן בילעט, שרויפט-אפ דאס רעדעלע פון „קים" און גיט עס אפ דעם סעקרעטאר יאנקלען.

— און די פאליטגראמעטע?

מענדל-מישע באלעקט די פארטריקנטע ליפן און שטאמלט ארויס:

— ב-ב-א איר . . .

חברה קאמיוניסטן שפארן זיך מיט א געלעכטער צוריק דורך דער טיר. באסענע-געסט זיצן געפלעפט. מעכוטאנים לויפן ראטעווען די קאלע, וואס פאלט אין כאלאשעס.

(פארהאנג פאלט)

## אייזיק פלאַטנער

# „סאָוועט-אינקוויזיציע"
(אנשטאָט אַ פעליעטאָן)

„סאָוועט-אינקוויזיציע אַף אידן ערגער ווי שפּאַנישע,
זאָגט ביאַליק". (מאָרגן-זשורנאַל, פעברואַר 15, 1932.)

דער פּויפּסט האָט גערעדט שוין,
די ליג האָט באַשלאָסן,
פּיש בעלעבעטשעט,
עס בילן געגאָסן ;
און איצטער — דער לעצטער —
האָט ביאַליק, דער דיכטער, געשאָסן . . .
— — — — — — — — —
אָ, כאַווער, דו קאָנסט דאָך מיין שטעטל
אַף יענער זייט יאַם,
וואו עס ווארגט זיך מיין ארבעטער-שטאַם,
מיט ליפּן פארסארפעט פון פּוילישן פּריצישן סאַם.
וואו טעג זיינען מאַקעס און וואונדיק די נעכט,
וואו דער פּוילישער אָדלער פארשוועכט
מיט בויאַנישע הענט, דאָס געשלעכט
פון מיין כאַווערטע עטקע ?
אָ, כאַוועער מיין כאַוועער,
ווי עס בלוטיקט מיין הארץ,
אַף מיין שטעטל אַף יענער זייט יאַם ;
אַף מיין שטאַם
פון די שניידער און שוסטער,
וואָס ווערן געשאָכטן
פון הענקער פּילסודסקים.
אָ, כאַוועער, דו קאָנסט דאָך דאָס לאַנד
פון ציוניסטן, בונדיסטן, פּ. פּ. ס.,
וואו מיין כאַווערטע עטקע ליפּט אָפּ מיט בלוט.
וואָס איז באָוול, וואָס איז רוים,
וואָס איז שפּאַניע
קעגן פּריצישער קאַנאַליע ? !
און וואָס איז אינקוויזיציע
קעגן פּאַנסקער פּאַסיפיקאַציע
אין אוקראַינע און גאַליציע,
אין רומענישער סיגוראַנצע,

וואו ס'טאנצן נאגייקעס אַף נאקנס,
לויט פאַרשריפט פון פראנקרייכס
מאָדערנע קולטור-היידאמאַקעס ? !
איז וואָס זאָגן די „פּאָעטן" וועגן פוילן ?
און וואָס זאָגן אידן-שרייבער וועגן סיגוראַנצע ?
אַש קושט די רוט
די פאַרשמירטע מיט בלוט,
און ביאַליק הויבט אַ וויסטע האַנט
קעגן אונזער סאָוועטן-לאַנד !

**
*

„אוי, אוי, אָמאַר ראָווע, אוי אָמאַר אַבאַיע",
עס בענקט זיך נאָך אַלטן, נאָך צאַרישן סיידער,
נאָך אידן מיט קילעס, נאָך שמוציקן ביידער,
נאָך יענע קאָזאַקן פון „שביטע-שטאָט"-זשאַנער,
נאָך „מאַסמיד", „באַלעגוף" און נאָך „מאָטקע" דעם „גאַנעוו"
נאָך ווייבער מיט שלומפּערס, נאָך וויסטע קאַפּאָטעס . . .

**
*

פון רוסישע שטעט, פון „מינסקער בלאָטעס"
האָבן אַ יאָג געטאָן רויט-אַרמייאישע ראָטעס
און צעטראָטן,
צעטראַמפּלט, צעשאָסן
יענעם סיידער.
שולן פּראָלעטאַרישע צעבליט
אַפן אָרט פונם אַלטן ביידער ;
און דער מאַסמיד איז אַ שמידער,
און דער שניידער איז אַ שלאָגלער,
און די קרעמער אַקערן שוין פעלדער,
און מען דאַרף שוין מער ניט וואָגלען
אַף די גאָלעסדיקע וועגן ;
און עס בויעט זיך אַן אייגנס,
און אַן איינס איז באַלד פאַראַן
אין בירא-בידזשאַן . . .

**
*

אייערע פּיילן זיינען שטומפּיק — ביאַליק,
פאַלש איז אייער צונג, כאָטש גאַליק.
אייער רוף איז אוואַדע ניט פאַרפאַלן
בא אידישע באַנקירן און בריטישע גענעראַלן ;

האָט קיין מוירע ניט מען שווייגט ניט,
ניין, מען שווייגט ניט —
פרעגט בריאַנען, פרעגט בא טראָצקין,
פרעגט פּילסודסקין,
פרעגט בא אַלע וועלט-באַנדיטן.
פרעגט דעם „פאָרווערטס",
פרעגט דעם „טאָג",
די „זשורנאַליע",
פרעגט די אידישע כאַזעריי,
פרעגט די גאַנצע וואַקכאַנאַליע
פון טעל-אָוויוו ביז שאַנכאַי.

****

אָ, מען שווייגט ניט, ניין, מען שווייגט ניט —
פרעגט בא יעדן פּראָלעטאַריער,
פון איירראָפּע ביז אויסטראַליע,
פון אַראַביע ביז קיטאַי —
ווי מיר דריקן שוין די פויסטן,
ווי מיר גרייטן זיך פאַרמעסטן
צו דעם בלוטיקן לעצטן שניט:
ס'וועט די ערד זיך טאָן אַ טרייסל
פון די שפּאַנענדיקע טריט . . .

## מוישע נאַדיר

# אַראָפּ מיט די „געטער"!

דער טאַטע, דער זון, דער הייליקער גייסט.
יעהאָווא, מאַהאָמעד, און יעזוס דער קריסט.

אַ מאַיסע אַ ווילדע פון טויזנט-איין-נאַכט, —
ווער האָט עס צום לעבן, צום לעבן געבראַכט?

דער טאַטע, דער פאָטער פון מענטש און מיקראָב,
ער וואַרפט אַלע קינדער אין זודיקן טאָפּ.

אַלמעכטיק אַזוי און גייציק און מיעס,
האָט האָלד אַ שטיק טילעם און אַ בלוטיקן בריס . . .

אייל-שאַדאַי, צוואָעס, אומענדלעך אַזוי,
פאַרצייכנט די זינד פון גויסעסער פּלוי . . .

דער טאטע, דער זון, דער הייליקער גייסט,
ווער האָט אונז מאיסעם אזוינע געשפּייזט? —

פון געטער וואָס לאָזן פאַרבליטן די זון...
פון טאַטעס וואָס זאָגן „ער עסט דיך און דו — אים!"

אין פינצטערער נאַכט, באַם קאַניץ, אין הייל,
געמאָלט איז געוואָרן אָט דאָס ווילדע געמעל.

אין נידריקן שטערן פון מענטש-האָטענטאָט,
געבוירן געוואָרן איז טייפל און „גאָט"...

פון גריכישע „געטער", פון גאָט-ספּעציאַליסטן.
(וואָס האָבן געוואַקסן ווי פליגן אין מיסטן)

געוואָרן אַ „טראַסט" פונעם הימלשן „טראָן",
קריסטוס-יעהאָוואַ... יעהאָוואַ עט זאָהן.

אַ טראַסט מיט פיל „ברענטשעס", אַ גאָלד-מאַסימאַטן
פון הייליקן זון און פון הייליקן טאַטן...

און ווער לעבט אַפן טאַטן? און ווער אַפן „קינד"?
די רויבער, די האַרן, דאָס מערדער-געזינד!

ווער לעקט קריסטוס' וואונד, ווערט זאַט און ווערט פעט?
דער גאַלעך, דער סויכער, דער פרומער פּאָעט...

ווער פינגערט צום הימל און פלינדערט דיין טאַש?
ווער בינדט דיר די לענד מיט פעסימיסטישן אַש?

ווער שטופּט דיך צום הימל, צום הימל קעסיידער, —
מיט פלאַמיקער שווערד און מיט פלאַמיקער פעדער?

עס זיינען די רויבער, די שעכטער פון גאָרגלען,
וואָס שפּילן אַף העלע, אַף הייליקע אָרגלען!...

זיי האָבן צום הימל די גאָלד'נע שליסל
און וויסן דעם וועג צו כאַזער-שמאַלץ-שיסל...

און דיר, אָ, מיין קינד, פאַר דיין ערלעכן שוויים —
מען גיט דיר אַ בראָכע פון „הייליקן קרייסט"...

פאַר לעבנס פאַרלאָשענע, פאַר יונגנטן גראָווע,
מען גיט דיר אַ פּאַספּאָרט צו טויער פון יעהאָווע.

אָ, בלינדע, פאַרבלענדטע, דערוואַכט און דערזעט:
ס'פירט צו דעם „הימל" אַ בלוטיקער וועג!

וואָראַנעם פאַרפּוצטע אין פראַק, אין אָרנאַט —
זיי פרעסן אויף מענטשן־קאָרבאָנעם זיך זאַט . . .

(די קראָ פון הויך זעט אוים ווי אַ שוואַלב —
און גלאַנציק פון ווייט איז דאָס גאָלדענע קאַלב !...)

אַ בלינדע, פאַרבלענדטע, באַם „היילינן ליכט" —
דערוואַכט און דערזעט — די קלויז און די קירך !

דערוואַכט און דערזעט — די קלויז און די קירך !
וואָס פאַלט אַף גאָלעכשער־רעבישער באָרד !

דערוואַכט און דערזעט ווי עס שלעפּערט אייך איין
דער גלאָק, און דער ווייהרויך, און דער ביבלישער ווײַן !

דערוואַכט און דערזעט: געפּענטעט אין שטרוי !
צענעם ביידע הענט און אָט־שוין ביזטו פריי !

וואָך־אויף און דערזע באַם עלעקטרישן ליכט:
עס איז הויל, עס איז פוסט דער אויבערשטער שיכט...

און וועג צום גאַנײדן איז וועג צו דיין מאַכט,
וואָס טויזנט גאַניידנס — טאָג־טעגלעך באַשאַפט !...

און ס'איז שאָר־האַבאָר, לעוויאָסן אַף דער וועלט פאַראַן,
און אַז צו אַ בעסערער וועלט איז בלויז עטלעכע שפּאַן !

ס'איז בלויז אַ פּאָר שווערע, מעכטיקע טראָט —
מיט האַמער און סערפּ צו צעשמעטערן „גאָט" !

## מ. ל. האַלפּערן

# אַהאַוועס ציען

מיט אַ בערדל ווי אַ רויטער מאַיער,
שאָקלט זיך דער כאָכעם האַרש באַיער.

ער זאָגט טוירע, די טאַלמידים הערן,
און זיי פאַלן פאַר אים אַפּן שטערן.

האָט ער אָפּגעזאָגט אַ שטיקל טוירע,
עסט ער אויף דאָס ליכט פון דער מענוירע.

און פאַרבייסט מיט אייִלבירטן אַ שיסל,
און ער זעצט זיך אָפּצורוען אַ ביסל.

אָפּגערוט, — באַטאַפּט ער זיך דאָס בייכל,
ווילט זיך, הייסט עס, נאָך עפּעס א מאַיכל.

ברענגט מען אים דעם קאַקערוזע־קוכן,
איז ער טרוקן, — הויבט ער אָן צו פלוכן.

זעצן זיך ארום אים זיינע ווייבער,
גלאַנצט באַ זיי דער בוימל אַף די לייבער.

קנייפּט ער קוכן, און ער טונקט פּאַמעלעך,
ווערט אים ווידער אַפן הארצן פרייל׳עך.

ווישט זיך אָפּ די לעפצן, מיטן בערדל,
און ער כאַלעמט פון מאָשיעך־פערדל.

וויל ער עס זאָל וואוילטון אים צו ליגן,
טרייבן שקלאַפן אָפּ פון אים די פליגן.

און עס טאַנצט און פויקט פאַר אים זיין גנענדל
מיטן יאַמשעמשטאָק אין קופּער־פענדל.

איז דאָך אים, דעם כאָכעם, הארשל באַיער,
טאַקע זייער גוט, און זייער טייער.

קראַצט ער זיך פאַר וואוילטאָג מיט א גופּל
אין זיין שיינעם ווייַנגאַרטן באַם נופּל.

און ער לייגט זיין גנענדל אַפן בעטל,
און ער טוט איר אוים דאָס פייגנבלעטל.

און ווי שלוימע אונזער קלוגער קאַיניג,
זינגט ער שיראַשירים אויסנוואַיניק.

## י. א. ראַנטש

# פאַראַן באַ אונז . . .

פאַראַן באַ אונז אַזעלכע לייט,
וואָס גלויבן אין דער רעוואָלוציע,
נאָר וואָס ? — זי איז אַ קאַפּעטשקע נאָך ווייט . . .
דערווייל — גענוג אַ רעזאָלוציע,
אַז „ווען עס קומט די צייט” . . .

פאַראַן בא אונז אַזעלכע טוער,
וואָס ראַטן דיך צו שפּאַנען;
נאָר זיי אַליין — זיי מוזן רוען,
זיי זיינען וועטעראַנען.

ס'איז ליכט אַזוי דעם רואיקן און זאַטן
צו ביינדלען זיך צו די, וואָס קראַמפּן;
ער טראַכט: „ס'איז ווייט פון עמעסדיקע טאַטן,
אַ שפּיל דאָך זיינען זייערע קאַמפּן
און מיר וועט סיי-ווי-סיי ניט שאַטן."

פאַראַן בא אונז אַזעלכע יאַטן,
וואָס וויסן ניט פון זיסע רייד.
זיי זיינען פּאָשעטע סאָלדאַטן,
אין קאַמף — טאָג-טעגלעך — גרייט.

פאַר זיי איז רעוואָלוציע היינט
אין שאַפּ, אין גאַס, אין הויז און אומעטום;
וואו ס'לויערן אַף אונז די פיינט,
ניט קענען יאַטן בלייבן שטיל און שטום.
קאַרבאָנעס פאַלן שוין אָן אַ צאָל,
נאָר בראַווער ווערן יאַטן;
עס שרעקט ניט פּיין אָפּ און שפּיטאָל,
מע ציטערט ניט פאַר גראַטן...

## מאָריס ווינטשעווסקי

# אַ בעזים און אַ קער!

געצוג! איך וויל ניט פיטערן
קיין לידיק-גייערס מער!
געצוג פאַר הארן ציטערן,
אַ בעזים מיר אהער!
אַרויס, מיין לאָרד און אדלמאַן,
דו סוועטער, דיקער בויך,
דו מוסער-זאָגער, טאַדלמאַן,
דו קיטלמאַן, גיי אויך!

איך דאַרף ניט מער קיין מיטלמאַן,
אַ בעזים און אַ קער!
קיין מיטלמאַן, קיין טיטלמאַן, קיין קיטלמאַן,
ניט מער!

דו עסט מיר אויף, דו, פּרעדיקער,
וואָס בלייבט פון סוועטער נאָך;
און דו, מיין הער לאָרד גנעדיקער,
דיין טיטל איז מיין יאָך.
דער לאָרד נעמט צו דאָס לאַנד פון מיר,
דער פרייִדיקער שטימט צו,
דער סוועטער שוויצט די האַנט בא מיר,
דאָך זאָג איך אייך: הערט צו!

איך דאַרף ניט מער קיין פרייִדיקער,
אַ בעזים און אַ קער!
קיין פרייִדיקער, קיין גנעדיק-הער, קיין לײדיק-גייער
מער!

גענוג מיר לאָזן האַבעווען
האַבונעס דורך מיין מי;
גענוג פון מיר אייך ראַבעווען
און טרייבן מיך ווי פי!
מיך שרעקט קיין שוואַרצער קיטל ניט,
קיין שוואַרצער יאָר ניט מער;
מיך שרעקט קיין קרוין, קיין טיטל ניט, —
מיין בעזים מיר אַהער!

איך דאַרף ניט מער קיין פלאַפּערמאַן, —
אַ בעזים און אַ קער!
קיין פלאַפּערמאַן, קיין כאַפּערמאַן, קיין קלאַפּערמאַן
ניט מער!

איר אַלע דאַרמאָיעדניקעס,
איר לײדיק-גייערס, גייט!
און אייערע נאַסלעדניקעס
הייסט מאַכן זיך באַרייט
צו לעבן אין די קינפטיקע
געזעלשאַפט מיט דער צייט,
ווי ערלעכע, פאַרנינפטיקע
און ברידערלעכע לייט:

ווייל דאַן וועט מער קיין מיטלמאַן,
קיין פּאַראַזיט ניט זיין!
קיין מיטלמאַן, קיין קיטלמאַן, קיין טיטלמאַן
ניט זיין!

## ל. מילער

# אַ סויכער אין אַמעריקע

איך האָב דערקענט — ס'האָט אים געפּרייט
וואָס כ'בין אריינגעקומען.
ער האָט מיין האַנט גענומען
אין זיינע ביידע הענט,
האָט וואַרעם זי געדריקט
און האָט אַ פריילעכער געזאָגט:
— „איך וויים, איר זיינט געקומען בעטן געלט.
נו, וואָס דען וועט איר אין מיטן טאָג
דאָ טאָן באַ מיר אין קראָם?
איך האָב מיר שוין אַזאַ מין קלאַל,
אַז ווען איר קומט פון אייער געגנט
אַזש אַהער, נאָך אין אַ טאָג אַזאַ,
ווען אין דרויסן רעגנט,
איז דאָס זיכער נישט צו געבן מיר צו לייזן —
נאָר פּאַרקערט . . .
— ער האָט אַ לאַך געטאָן —
איאָ, איך האָב געטראָפן?
איך קען שוין מיינע קוינים —
מען קומט אַהער פון אומעטום נאָך געלט. —
נישט מער, אַף אַלע מיינע סאָנים
וואָס מען קען איצט באַ מיר קריגן;
אַז אַלץ איז דאַנקען גאָט אַזוי אין דרערד . . .
איר הערט? איך זאָל אַזוי דערלעבן
גיין אַהיים צו מיינע קינדער
ווי כ'זאָג אייך ניט קיין ליגן, —
אַז כ'האָב שוין ניט געצאָלט קיין רענט
דעם דריטן כוידעש,
אַז פאַרברענט זאָל שוין ווערן
אָט די גאָלדענע מעדינע.

מען זאָגט, אַ שלעכטע צייט,
מען דרייט זיך דורך אַ ווייל . . .
מען ליידט, מען באָרגט . . .
אַז איצט איז גאָר קיין סאָף ניטאָ!
גיי זיץ מיט צונויפגעלייגטע הענט,
קוק אַף די ליידיקע ווענט
און האָף אַף בעסערע צייטן . . .
אוואדע, פון דערווייטן, קען מען מיינען —
ער האָט אַ קראָם, ער טרייבט אַ פאָרד אַן אייגענעב,
אַן אייגענעם?
זאָל איך ניט אויפשטיין פונם אָרט,
אויב כ'האָב אַ סענט אַן אייגענעם.
אַז סאַכאַקל איז דאָס העמד אַף מיין לייב
שוין אויך ניט מיינס . . .
און אָט, דער טאָלער, וואָס איך גיב אייך איצט,
איז גאָטס און פרעמדס. — זיצט! . . .
צייט איז דאַנקען גאָט פאַראַן גענוג
און לייזן לייזט מען ניט קיין סענט.
מען זאָל עס זען אַ גאַנצן טאָג,
אַ הונט אַ מעשוגענעם —
נאָך גוט וואָס איר זיינט איצט אַריינגעקומען . . .
אַז נישט, כאָטש זיץ און רייד מיט זיך אַליין,
צי מיט די ווענט, —
נעבעך, וואָלטן דאָס באַ מיר שוין צוגענומען,
וואָלט איך פאַרשפּאָרט צו ווערן גרוי פון זאָרג --
נאָר ליי און באָרג און באָרג און ליי,
ווי איר זעט מיך לעבן,
נעמט צו באַ מיר די קראָם,
גיי איך מאָרגן אַרבעטן . . .
נישט מער, ס'איז קיין אַרבעט אויך נישטאָ . . .
אַ לאַנד! . . . כאָטש נעם און פאָר אוועק
אין סאָוועטן-לאַנד. —

אַמעריקע, זיך דערלעבט!
געאַרבעט ווי אַ פערד,
פאַרשוואַרצט געוואָרן צוואַנציק יאָר,
און איצט . . . איר הערט?
איר וועט עפּשער פון מיר לאַכן,
אַ מאַן אין מיינע יאָרן . . .
נאָר כ'טראָג זיך אום איצט מיט אַ פּלאַן,

האלעוויי וואלט איך געקענט
איצט פאטער ווערן פון אט־די ווענט
און זיך אריבערכאפן
קיין בירא־בידזשאן
אף א שטיקל ערד . . .
איר דארפט דאך וויסן,
פאראן עפעס האפענונג,
מען זאל דארט עפעס פאר אונז טאן ?
מען זאגט : מען גיט דארט ערד צו יעדן . . .
ווי מיינט איר, א ?
מ׳עט געבן א שטיקל ערד ? — — — —
וואלט איך געהאט נאר געלט צו פארן . . .
ע—ע—ך !
און דא האט זיך דער איד
פארגעסן אן קראם, אן מיר,
און זיך פארקלערט, וועגן דעם :
אז ווען ער האט נאר געלט,
ווערט ער פאטער פון אט־די ווענט,
און דאן וואלט ער געקענט אויספירן דעם פלאן,
מיט וועלכן ער טראגט זיך אום די לעצטע צייט :
זיך אריבערכאפן קיין בירא־בידזשאן
אף א שטיקל ערד.

## מ. בלעכמאן

# די באלאדע פון טאמס ריווער

(אן עמעסע מאיסע, וואס איז זיך פארלאפן אין די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע, אין דעם יאר 1928, ווען די יענקי־ציוויליזאציע איז געשטאנען אף איר סאמע שפיץ — אין א שטעטל, מיטן האנט צו דער־גרייכן פון ניו־יארק.)

1

טאמס ריווער איז א שטעטל,
פופצן גאסן, א פארקאם ;
פופצן גאסן, טויזנט בירגער —
גייט טאמס ריווער כאדראם.

טויזנט בירגער, הונדערט קרעמער,
און מאַסיווע קירכן דריי;
האַלטן אויג דאָרט אױף גאָטס לעמער
דריי גאַלאָכים פרום און טריי.

הערט-זשע וואָס ס'איז דאָרט פאַרלאָפן —
מאַיסע סאָטן מינאַסטאַם —
ס'האָט אין היי-סקול גראָד געטראָפן . . .
ברענט טאָמס ריווער פייער פלאַם.

ס'האָט אין היי-סקול גראָד געטראָפן,
אױף דעם יערלעכן קאָנצערט . . .
אוי, טאָמס ריווער קען ניט שלאָפן —
מ'האָט אזוינס נאָך ניט געהערט!

וואָס-זשע איז דאָרט פּאָרט געוועזן?
פרעגט דעם גאַלעך דעם באַפּטיסט:
(ער איז האַלב בלויז אויסגעזעסן
און געמוזט דאַן מאַכן פּיס . . .)

צוואַנציק אינגלעך, צוואַנציק מיידלעך
טאַנצן, „שימי", אין — אַ, שאַנד! —
האַלבע הויזן, קורצע קליידלעך,
פּוס צו פּוס און האַנט צו האַנט!

איז נאָך ווינציק דאָס געוועזן,
האָבן פּאָרלעך זיך צעקושט . . .
האָט אין זאַל געגומען ברויזן,
האָט די איידע זיך צעהוסט . . .

און די ווייבער אין שפּאַקולן:
— זעט נאָר, זעט! אוי, ווי און ווינד!
אך! די היינטיקדיקע סקולן!
— אך! אַ שיינע וועלט אצינד!

**2**

אױף צומאָרגנס האָט רעווערענד נעמער
אַן אַסיפע צונויפגעפירט:
דריי גאַלאָכים און דריי קרעמער,
פאַרמער צוויי און איין באַנקיר.

האָט געהאַנדלט די אַסיפע
און באַשלאָסן אין איין קאָר:
ס׳מוז אַוועקגיין אין דעמיסיע
דער דירעקטאָר פון דער סקול!

שיקט מען רופן דעם דירעקטאָר,
פאַלט ער צו די פיס און קרעכצט:
— ס׳איז די שולד ניט מיינע, — קלאָגט ער —
נעמט און זעט אַליין דעם טעקסט!...

ווישט דער גאַלעך אויס די ברילן,
לייענט ביז אַף זייטל זיבן:
„פּאָרלעך קושן, פידלען שפּילן״...
— יאָ, עס שטייט אַזוי געשריבן!

ווער-זשע האָט אַזאַ מין נעגע
פאַר די שולן צוגעזען?
ניט ניו-יאָרק און ניט שיקאַגע,
נאָר אַטלאַנטאַ, שטאָט פון קלען! *)

איי-אַ-איי! אַ שווערע לאַגע!
ווי-זשע גיט מען זיך אַ ראַט,
אַז פאַרפּלאָנטערט איז די פראַגע
סיי ביבליש, און סיי ביפראַט?

זיצן זיצן ניין דאַיאָנים,
טראַכטן, טראַכטן, נאָר ס׳איז שלעכט! —
זיצן שוין אַזוי האַפּאָנים
זיבן טעג און זיבן נעכט...

---

טאָמס ריווער איז אַ שטעטל,
פופצן גאַסן, אַ פּאַראָם;
פופצן גאַסן, טויזנט בירגער —
גייט טאָמס ריווער כאַדאָראָם...

*) אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, איז איינע פון די צענטרן, וואָס שטעלן צו טעקסט-ביכער פאַר די אַמעריקאַנער פּאָבליק סקולס.

ב. פענסטער

# דער „פייט"

וואָס פּאַרא טרויער,
וואָס פּאַרא גליק,
וואָס פּאַרא בסורע
זאָגט אָן די מוזיק ? —

פויסטן,
פויסטן צוויי אַף צוויי,
שטאַרקע, שווערע פויסטן.
בענטשט מען זיי,
שעלט מען זיי :
שטאַרק זאָלט איר ווערן,
שוואַך זאָלט איר ווערן !
און פויסטן הערן : —
א פויסט ארויף, א פויסט אראָפּ,
א פויסט אין קאָפּ,
א פויסט אין ברוסט,
א פויסט אין פויסט,
א פויסט אומזיסט.

א געשריי : העי ! „סעי ! סעי !"
מאַכנעם וועלף אַף קייטן
וואָיען, יאָמערן
אין וויסטע ווייטן :
בו—ו—ו—ו
הו—ו—ו—ו —

הויבן פויסטן זיך,
נאָך בייזער, פלינקער, ווילדער
א געפילדער :
אָט אזוי, ניט אזוי !
ניגער !
איד !
גוי !
גיב אים אין די קישקעס !
אוי, אוי, אוי . . .
אטא באָי !

און פויסטן פאַלגן:
אין די אויגן, אין די ציין, אין דער מאָרדע
און אין סאַמע האַרץ אריין,
און ווידער א געשריי:
צעגליטע קערפּערס
רייסן זיך: — הו—ו—ו—ו—ר—ר—ריי!

גוט, גוט, גוט,
מ'האָט דערזען, מ'האָט דערזען בלוט,
בלוט רינט — בלינד.
און נאָך א קלאַפּ און נאָך א זעץ,
און נאָכאַמאָל און נאָך א צאָל.
און אַרום אין ווילד געברום:
ניט קיין פריינט, ניט קיין ברידער,
נאָר פיבערדיקע, אויפגעפלאַמטע גלידער.
קאַטעווע, ראַטעווע דאָס כּיעס!

ענדלעך, ענדלעך, בראַוואָ!
מאַזלטאָוו! הוריי!
א געפייף, א קלאַפּעריי,
דונער-קנאַלן פאַלן: — גע—פאַ—לן!
צעבלוטיקט, צעביילט: — איינער ציילט:
איינס, צוויי, דריי — צען,
גלידער הערן, נערוון זען,
בלוט דערפילט:
געוואונען, פאַרשפּילט,
זשאַווער אין די אויערן —
געזיגט, פאַרלוירן!
— — — — — — — — —
און איבער גאַנצן געלן לאַנד —
א שוואַרצער טיוול
אַף געשענדעטן פּאַפּיר לאַכט:
די און די פויסטן
האָבן דעם און יענעם
אַזוי פיל און אַזוי פיל אַריינגעבראַכט.

יאָסל קאָטלער

# מיר האָבן

א פאַבריק איז דאָ? — דאָ.
א קוימען איז דאָ? — דאָ.
א מאַשין איז דאָ? — דאָ.
מאַטעריאַל איז דאָ? — דאָ.
נו? — אַרבעט מען נישט.
ווייל אַ באַלעבאָס איז דאָ.
אַרבעט מען נישט,
עסט מען נישט,
איז טאַקע שלעכט,
אָבער נישט געפערלעך —
מיר האָבן אַ גוטן נאָמען דערפאַר:
„קריזיס".

ברויט איז דאָ? — דאָ.
מילך איז דאָ? — דאָ.
צוקער איז דאָ? — דאָ.
פלייש איז דאָ? — דאָ.
נו? — עסט מען נישט,
ווייל אַ באַלעבאָס איז דאָ.
אָבער נישט געפערלעך,
מיר האָבן אַ גוטן נאָמען דערפאַר:
„איבער-פּראָדוקציע".

הייזער זיינען דאָ? — דאָ.
„סטים-היט" איז דאָ? — דאָ.
אַ באָד-צימער איז דאָ? — דאָ.
נו? — וואוינען מיר אין דרויסן.
ווייל אַ באַלעבאָס איז דאָ.
אָבער נישט געפערלעך,
מיר האָבן אַ גוטן נאָמען דערפאַר:
„עוויקשאָן".

געלט איז דאָ? — דאָ.
נו? — האָבן מיר נישט אַ סענט.
ווייל אַ באַלעבאָס איז דאָ.

טוען מיר אזוי אַ זינג
און אַ פרעג
אַ פּאַשעטע פראַגע:
צעוואָס פאַר אַ כאָליערע
באַדאַרף מען אַ באַלעבאָס?

## כאַשמאַל

### בים - באַם - ביר

איינס, צוויי, דריי, פיר!
איינס, צוויי, דריי, פיר!
בעוורע, העכער, שטאַרקער!
שרייט מיט מיר:
ביר! ביר-ר! ביר-ר-ר!
דער דאַלעס וואַקסט,
די נויט איז גרויס,
מ'וואַרפט אונז
פון דירע אַרויס —
די בעבעכעס אין גאַס,
באַם טיר.
האָבן מיר אָבער
אַ וואוילע טרייסט:
מעמיר האָבן ביר,
ב-ב-ביר!
שפּרינגען קינדער פון דער הויט,
בעטן, וויינען:
אַ שטיקל ברויט —
שיק זיי אָפּ גלייך
צום סאַלון, צום טראַקטיר,
ס'שמעקט שוין דאָרט
מיט עמעס ביר,
גוטע ביר! געשמאַקע ביר!
— — — — — — — —

ביר! ביר! ביר! ביר!
דריי יאָר קריזיס,
איצט שוין פיר!
ס'קנאַקט און פּלאַצט
דער אויפגעבלאָזענער פּאַכיר;
אַ רעפּוע איז אָבער צו דעם,
וואָס וועט אינגיכן, אימירצישעם,
פאַרענטפערן אַט-די פּראָבלעם,
און דאָס איז ניט קיין אַנדער זאַך
נאָר בי-איר, בע-בע-ביר! בי-בי-ביר!
שרייט ניט כעוורע, זיצט און שווייגט,
מיר זעמיר זיכער, איבערצייגט,
אַז — ס'איז שוין איצטער מער קיין טרוים,
מעמיר האָבן ביר מיט שוים,
מעמיר האָבן — העפּטשו — ביר!
— — — — — — — —
ביזי שטאַרק איז דער באַנקיר,
פינאַנסיר:
ברייזער ווערן אויפגעמאַכט,
ס'רודערט זיך דאָרט
טאָג ווי נאַכט —
די קעסלען, וואָס אַמאָל גענוצט,
ווערן איצט פונסניי געפּוצט,
די פּאָמפּעס רייניקט מען דאָרט אויס,
די איילעניש איז זייער גרויס!
פון נייעם קאָנגרעס אַ סואווענִיר —
דריי-מיט-אַ-האַלב פּראָצענט ב-ב-ביר!
ס'עט זיין אַ טומל און אַ ראַש,
ביר אין פּלעשל, ביר אין פּלאַש,
אָן אַ צאָל און אָן אַ שיר,
עס וועט זיין
אין גאַן-אײדן ברויט מיט וויין
און דאָ באַ אונז — בים-באָם-ביר!
איז דיר קאַלט אין ברויט-ליין
שטיין,
און ס'טרעשטשען דיר די ציין,
טאָ זיי-זשע רואיק —
שטיי און פריר!
נעם אַריין זיך אין געדאַנק,
אַז וואַרטן וועסטו שוין ניט

באַלאַנגסטו צו די זעכצן מיליאָן,
וואָס האָבן גאָרניט וואָס צו טאָן,
נוצלאָז זיינען דיינע הענט,
האָסט קיין אייגנס נישט
קיין סענט,
טאָ זעץ זיך, ברודער, פאַנטאַזיר,
ווי גוט ס'וועט זיין,
ווען מירן האָבן . . . בי-יער!
— — — — — — — —
ווילסטו עסן — טראַכט פון ביר,
ווילסטו טרינקען — קלער פון ביר,
מיט דעם געדאַנק פיל אָן דיין
קאָפּ,
אַלע זאָרגן וואַרף אַראָפּ!
ס'איז אַ גוטער עליקסיר
אַט די מאַיסע מיטן ביר.
— — — — — — — —
ביר! ביר! ביר! ביר!
וואָס מיר קאַמף
און וואָס מיר שלאַכט
געגן וואָל-סטריט'ס שטאַרקער
מאַכט,
געגן באָס און רעקעטיר,
אַז אָט-אָט-אָט
און ס'וועט זיין בי-אי-אי-אי-ר!
ביר! בים-באָם-ביר! ביר!
זאָרגן דאַרפסטו זיך בלויז דאַפיר,
אַ ניקל קריגן ערגעץ-וואו,
און צום סאַלון
לויף באַלד צו,
זשליאָקע אוים אַ סקונער ביר,
איז ווער וועט זיין דען
גליך צו דיר
הא? כא-כא-כא!
ס'איז דיר גוט און ס'איז דיר וואויל,
איז געעפנט באַלד דאָס מויל
און געזונגען:
„מאי גאַד, אי היר
ביר! ביר! ביר!”
— — — — — — — —

ביר! ביר! ביר!
כאווער, וואָס איז עס מיט דיר!
גיב אַ טראַכט!
באַ דיר איז דאָך די גאַנצע מאַכט!!
דער פאַרמעגן — דיין פאַרמעגן, —
ליגט דאָך אויסגעשפרייט אַנטקעגן
אויף אַלע וועגן!
דער באַשאַף פון דיין שוויים און בלוט.
כאווער, ניכטער זיך נאָר אויס!
נעם זיך אָן מיט מוט!
און אַלץ וועט זיין פאַר דיר, און
אַלץ וועט זיין פאַר דיר!
ניט-נאָר-ביר, ניט-נאָר-ביר, ניט-נאָר-ביר!

## כאַים מאַרגאָלעס-דאַווידזאָן

# ווי אַזוי איך האָב היינטיק יאָר געהאַט מיין וואַקאַציע
(הומאָרעסקע)

האַקלאַל, עס איז שוין דאָס דריטע יאָר וואָס איך בין אַרבעטלאָז. קאָן קיין דזשאָב ניט קריגן, ניט באַ מיין פאַך און ניט באַ וואָס איז אַנדערש. איבער די דריי יאָר האָב איך זיך אָנגעליטן גענוג און גע-פייגערט פופצן מאָל אַ טאָג פון הונגער. איך בין געוואָרן אָפּגעשוואַכט און קיין קויכעס ניט געהאַט אויף די פיס צו שטיין.

טרעפט מיך אַנומעלטן אַ באַקאַנטער דאָקטאָר אויף דער גאַס, און דערזעענדיק מיך, האָט ער — אַנשטאָט ענטפערן מיר מיט אַ גוט-יאָר אויף מיין גוט-מאָרגן — אַ זאָג געטאָן, אַז איך בין מאָדנע אָפּגעבלאַסט, אַז איך האָב זיך אָפּאָנים איבערגעאַרבעט, און אויב איך וועל גלייך ניט אַרויספאָרן אויף אַ צוויי וואָכן וואַקאַציע, ערגעץ אין אַ קעמפּ, אָדער אַזוי אין אַ דאָרף, מעג איך זיך גלייך געזעגענען מיט מיין לעבן.

— און זעט, — האָט ער מיר אָנגעזאָגט פאַרן געזעגענען זיך, — מאַכט יעדן פרימאָרגן קאַלטע שאַוערס! דאָס וועט אייך העלפן סטימו-לירן די פאַרלוירענע קויכעס.

מיילע די שאַוערס, איז נאָך ווי עס איז. אָבער גיי פאָר אויף וואַקאַציע, שוין אַפילע אויף די האַלב-אומזיסטיקע פרייזן, אין אונזער יוניטי, קינדערלאַנד און ניטגעדאַיגעט, — אַז איך האָב ניט אַפילע אויף אַ פּאָשעטן מיטיק אָפּצועסן, אָדער אַפילע אויף אַ טעפּעלע קאַווע.

מאָלט אייך, אַז ווען איך זאָל אַפילע באַקומען אַ בעכינעמדיקע

וואקאציע אין איינעם פון די קעמפס, וואָלט איך ניט געקאָנט געפינען אַף קיין הויצאָעס אהינצופאָרן. כוץ אַלע זאַכן איז מיר קלאָר ניט איינגעגאַנגען אַזאַ פראַגע וועגן וואַקאַציע, ווייל מיין גאַנצער געדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט איין זאַך:

„וואו נעמט מען אַף אַן אָנבייסן?"

איך האָב זיך ניט געקאָנט קיין אייצע געבן. אומעטום, וואו מען האָט נאָך געקאָנט באַקומען אַן האַלוואַע, האָב איך שוין קיין צוטריט ניט געהאַט. קיין גווירישע באַקאַנטשאַפטן האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט, און דאָס ביסל „רייכע" מענטשן, וואָס איך האָב יאָ אַמאָל געקאָנט, זיינען ניט פאַר אונז געדאַכט אין די לעצטע דריי יאָר, פונקט ווי איך, געוואָרן מיטגלידער אין די אַרבעטלאָזע קאָונסילס און האָבן זיך געפונען — ווער אין אַזאַ לאַגע ווי איך, און ווער נאָך אַ ביסל ערגער.

האַקלאַל, עס איז געווען ביטער און זויער. איך האָב דורכגעפּרוווט אַלע מעגלעכע און אוממעגלעכע מיטלען, אָבער צום אָפּעסן איז עס ניט געקומען.

אַז איך האָב דערזען עס האַלט שלעכט, — בין איך אוועק אין נאָענטסטן פאָלים-סטיישאָן, צוגעגאַנגען צום קעפּטן און אים געמאָלדן, אַז איך האָב נאָר-וואָס דורכגעפירט אַ האָלד-אָפּ. איך האָב אים אַפילע באַוויזן מיין אַלטע, שוואַרצע פאָונטן-פּען, וואָס איך — ווי איך האָב אים דערקלערט — האָב באַנוצט אַנשטאָט אַ רעוואָלווער. איך האָב אָנגעגעבן דעם פּלאַץ און די צייט, און ער האָט מיך גלייך אַרעסטירט. מיט אַ צוויי שאָ שפּעטער האָב איך באַקומען צו עסן. עמעס, דאָס איז באַשטאַנען בלויז פון אַ ביסל שוואַרצע יושקע מיט אַ פּיצל דאַרע ברויט. דערפאַר, האָב איך געהאָפּט, אַז שפּעטער, באַם מיטיק, וועל איך באַקומען מער און וועל זיך שוין אָנעסן צו דער זאַט, מיט אַ ריכטיקן מאָלצייט.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיין פאַרצווייפלונג און אַנטוישונג, אַז פונקט אַ פערטל שאָ בלויז פאַרן אויסטיילן דאָס מיטיק האָט מען מיך אַריינגערופן אין אָפיס פון פאָלים-סטיישאָן און מען האָט מיר דערקלערט, אַז איך מעג גיין. דער קעפּטן האָט גלייכגילטיק געזאָגט:

— סאָרי, יאָנג מען, מיר האָבן ניט באַקומען קיין שום קלאַגעס, און אונזערע דעטעקטיווס האָבן דאָרט, אַפן אָנגעגעבענעם פּלאַץ, ניט געפונען קיין שום באַווייזן, אַז עס זאָל דאָרט אַפילע האָבן פאָרגעקומען אַ האָלד-אָפּ.

— איז דאָך ערגעץ אַנדערש יאָ פאָרגעקומען, — האָב איך גענומען בעטן — פאַררעכנט מיך פאַר יענעם האָלד-אָפּניק.

— אָבער באַ יענע האָלד-אָפּס האָבן מיר שוין אַרעסטירט אימיצן, — האָט דער קעפּטן מיר גלייך אָפּגעענטפערט.

איך האָב זיך שוין גענומען בעטן:

— הער קעפּטן, — האָב איך געזאָגט, — פאַרהאַלט מיך ביז מאָרגן. עפּשער וועט מאָרגן פּאַרקומען ערגעץ אַ גאַנייווע, אַ גזילע, אַ מאָרד אָדער אַ האָלד-אַפּ. איך מוז דאָך עפּעס אָפּעסן...

דער קעפּטן האָט מיך אָבער ניט געוואָלט הערן. ער האָט שוין בייז גענומען שרייען:

— וואָס מיינט איר, מיר זיינען דאָ אַ סאָלווייישאָן אַרמי? מירן דאָ גיין קאָרמענען אומשולדיקע און אָרנטלעכע מענטשן?...

ער האָט אַ וואונק געטאָן צו צוויי געזונטע ווערזילעס, זיי האָבן מיך גענומען אונטער די אָרעמס און גאַנץ איידל, מיט עטלעכע פיינע סטוסאַקעס אין די זייטן, מיך ארויסגעוואָרפן.

איך האָב זיך אַרומגעדרייט און ווידער געטראַכט פון אַ פּלאַן, און סאָף-קאָל-סאָף בין איך אַוועק צום פּראָקוראָר און אים געבעטן, אַז ער זאָל מיך אַרעסטירן, ווייל איך האָב נאָר-וואָס דערמאָרדעט אַ מענטש. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט געלעכטער:

— גייט שוין גייט, מאַכט זיך ניט נאַריש. מיט אַזאַ גוואורע קאָן מען אַפילע קיין פליי ניט דערהאַרגענען.

בין איך אַרויס מיטן עמעס. כ'האָב אים דערציילט, אַז איך וויל מען זאָל מיך פאַרשיקן אין טפיסע, ווייל איך בין הונגעריק.

— דאָס קאָן איך ניט! — האָט דער פּראָקוראָר זיך אָפּגעוואָרפן.

— וועמען האָט איר דאָס דערהאַרגעט אַזעלכעס?... די טפיסעס האָבן מיר פאַר עמעסע גאַזלאָנים, ניט פאַר אָרנטלעכע בעהיימעס, וואָס הונגערן און שווייגן. אַז מען וויל אריין אין טפיסע מוז מען אָדער דערהאַרגענען אימיצן, אָדער לעכאָל-האַפּאָכעס סטרייקן, אַרומגיין מיט אַ פּיקעט-סיין לעבן דעם פּלאַץ פון סטרייק. אַזוי קאָן איך ניט.

איך האָב ווידער גענומען בעטן, אַז ער זאָל ראַכמאָנעס האָבן, אָבער ער האָט זיך שוין אָפּ אָן עמעס אָנגעצונדן און געשריגן:

— הערט, אויב איר גייט ניט, וועל איך זיין געצוואונגען אייך צו אַרעסטירן פאַר באַליידיקן דעם דיסטריקט אַטוירני.

איך האָב אויפגעלויכטן, גענומען נאָכאַמאָל איבערכאַזערן מיין פאַרלאַנג, מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט מיך טאַקע אַרעסטירן. אָבער ער האָט ניט געהאַלטן וואָרט. אַנשטאָט אַרעסטירן, האָט ער אַ קלונג געטאָן, אַריינגערופן אַ דינער און מיך געהייסן ארויסוואַרפן.

בין איך אַרויסגעגאַנגען און דעם פּראָקוראָרס ווערטער זיינען מיר אריין אין נאָז. איך בין אַוועק, געקראָגן ערגעץ אַ שטיקל קאַרטאָן, אויפגעשריבן מיט גרויסע אויסיעס דאָס וואָרט „סטרייק", און איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט לעבן עפּעס אַ שאָפּ, וואָס איז שוין עטלעכע כאָדאָשים, צוליבן קריזיס, געווען פאַרשפּאַרט. פאַרבייגייער האָבן מיך אָנגעקוקט און האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ. אַ פּאָליסמאָן איז צו-געקומען, מיך אָנגעקוקט און איך האָב גערעכנט, אַז שוין, איך בין

שוין געהאָלפן. צום סאָף האָט ער מיר דערלאַנגט עטלעכע בוכטשעס און מיך פאַרטריבן, שרייענדיק:

— מעשוגאָים זיינען זיי, די רויטע. אַ פאַבריק וואָס שטייט פאַר־מאַכט, פּיקעטן זיי אויך . . .

איך בין אַרומגעגאַנגען אַן אַנטוישטער און שוין מער ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן.

מיטאַמאָל איז מיין אויג געפאַלן אויף אַ ציטונג, וואָס האָט אַ שמוציקס זיך געוואַלגערט אויפן טראָטואַר. גרויסע ווערטער האָבן אַרויפגעשריען צו מיר:

„דער געקידנעפּטער מיליאָנער מ. האָט באַצאָלט 40 טויזנט דאָלאַר אויסלייז־געלט און איז שוין איצט באַפרייט. די קידנעפּער האָט מען ניט געכאַפּט." . . .

מיר איז איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק: אָט די קידנעפּ־ביזנעס וועלן מיך ראַטעווען, — האָב איך געטראַכט. אָבער שרעקט זיך ניט. איך האָב ניט געטראַכט וועגן קידנעפּען אימיצן. דאָס האָב איך ניט געקאָנט טאָן, ווייל איך האָב ניט קיין גענוג פּאָליציי־פאַר־בינדונגען און פּראָטעקשאָן. און בא די איצטיקע צייטן, וואָס מען האָט אָנגעהויבן געבן טויט־שטראָף צו קידנעפּער, וואָס זיינען ניט פון דער קליקע און צעטיילן זיך ניט מיט די אויסלייז־געלטער, איז עס אַ צו־גרויסע געפאַר צו ריזיקירן. אָבער אַליין געקידנעפּט ווערן — דערצו, זעט איר, ניט מען דאַרף פּאָליציי־פּראָטעקשאָן און קיין געפאַר שטייט אויך ניט פאַר צו באַקומען טויט־שטראָף.

האָקלאָל, איך האָב זיך געלאָזט קידנעפּן.

איר וואונדערט זיך, ווי אַזוי מען האָט מיך, אַזאַ גרויסן קאַבצן, געקידנעפּט? . . . אָט טאַקע וועגן דעם וויל איך דאָך אייך דערציילן.

איינער פון מיינע כאַווירים, אויך אַ מיטגליד אין אַרבעטלאָזן קאָונסיל, האָט מיר צוגעהאָלפן אין דעם. ער איז אַוועק אין פּאָליס־סטיישאָן, זיך געזען מיט זיינס אַ באַקאַנטן דעטעקטיוו, וועלכער האָט אים אַמאָל אַרעסטירט אין אַ סטרייק, אויף אַ פּיקעט־ליין, און ער האָט אים בעסאָד־סוידעס דערציילט, אַז איך, מיסטער לואי צאַן, האָב לעצטנס געמאַכט אויצרעס געלט אויף וואָל־סטריט, אַז איך טראָג מיט זיך דאָס געלט און טרוי עס ניט קיין באַנק, אויס מוירע, אַז מען זאָל מיר ניט אָנזעצן; און דערפאַר, וואָס איך ציטער אַפּאָנים, אַז מען זאָל מיך קידנעפּן פאַר אויסלייז־געלט, טראָג איך אומיסטן אַן אָפּגעטראָגן רעקל און הויזן, קעדיי ניט צו וואַרפן קיין כשאַד אויף מיר. ער האָט דעם דעטעקטיוו געזאָגט, אַז עס וואָלט געווען אַ יושער צו האַלטן אַן אויג אויף מיר.

וואָס־זשע דאַרף איך אייך לאַנג ברייען. אין עטלעכע טעג אַרום, ווי אַזוי עס איז געשען, ווי אַזוי עס איז אויסגערונען פונם דעטעקטיוו, ווייס איך ניט, אָבער אויפן דריטן טאָג, גייענדיק אַהיים פון אַ מיטינג

אין אַרבעטלאָזן קאָונסיל, זיינען מיך באַפאַלן דריי יאַטן מיט עמעסע רעוואָלווערן, און האָבן מיך אַ פרעג געטאָן:

— זיינט איר דאָס מיסטער יולי דאָן?

— איך בין עס! — האָב איך געענטפערט.

— טאָ קומט-זשע, זייט מוחל, מיט אונז און מאַכט ניט קיין גוואַלדן! — האָבן זיי, אויסשטעלנדיק די רעוואָלווערן מיר אין פּאָנים אַריין, אויסגערופן אינדערשטיל.

איך האָב זיי געפאָלגט, אַריינגעגאַנגען אין אַ גרויסן אויטאָמאָביל, זיך געלאָזן פאַרבינדן די אויגן, און אין האַרץ האָב איך געטראַכט:

„עס גייט אַ גאַנג" . . .

בעאַיים מען האָט מיר אויפגעבונדן די אויגן, האָב איך דערזען, אַז איך געפין זיך עפּעס אין אַ צימערל. דורך די פענצטער האָב איך געזען, אַז איך בין ערגעץ אַף אַ פאַרם. צו מיינע אויערן האָבן זיך דערטראָגן קרייערייען פון הענער, דאָס כריוקען פון כאַזירים, דאָס מואוקען פון אָקסן און קי, און דאָס קוואַקען פון זשאַבעס.

און נאָך איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, איז אַריינגעקומען אַ מאַן, מיט אַ שוואַרץ טיכל איבער די אויגן, און מיר באַפוילן אָנ-צושרייבן אַ בריוו צו מיין ווייב, אַז זי זאָל זען גלייך שיקן 100 טויזנט דאָלאַר, אויב זי וויל מיך נאָך זען אַ לעבעדיקן.

אַ סקרוך איז מיר אַריבער איבערן לייב. איך האָב מוירע געקראָגן, אַז וואָס וועט זיין אויב מיין ווייב וועט ניט באַווייזן צונויפצוקראַצן אַזויפיל געלט, וועלן זיי עפּשער פון קאָס מיך דערהאַרגענען? איך האָב זיך אָבער דערמאָנט, אַז איך האָב דאָס אויך באַזאָרגט. דערווייל האָב איך געמאַכט אַ וואַזשנעם אָנשטעל און שטאָלץ געענטפערט:

— איך וועל פריער ניט שרייבן קיין וואָרט, ביז איך וועל ניט האָבן מיין מיטיק.

וואָס דאַרפט איר מער, אין אַ צען מינוטן אַרום איז אַפן קליינעם טישל אין מיין צימער געשטאַנען אַ טאַץ מיט עסנוואַרג. און וואָס איר ווילט הערן און געדענקען. בראַנפן און וויין, בוליאָן און זופּ, געפרעגלטע פיש און געבאַקענע פלייש, פּרוכטן און דעזערטן. יענער האָט מיך אָבער דערביי געוואָרנט, אַז דאָס וועט גיין אַף מיין אייגענעם כעשבן, און געפאָדערט, אַז אָנשטאָט 100 טויזנט, זאָל איך צושרייבן דעם בריוו אַף הונדערט מיט צען טויזנט. צען טויזנט, הייסט עס, פאַרן עסן. אָבער וואָס האָט עס מיך געאַרט? איך האָב אָנגעשריבן אַזוי ווי ער האָט געוואָלט.

אינדערפרי האָב איך ווידער באַקומען אַזאַ פּאָרציע, מיטיקצייט ווידער אַזוי, און אַף וועטשערע ווידעראַמאָל אַזוי. איך האָב געלעבט אַ כאַזערשן טאָג.

עס זיינען פאַרביי עטלעכע טעג און קיין ענטפער פון מיין ווייב האָבן זיי נאָך אַלץ ניט דערהאַלטן. זיי האָבן מיך געפרעגט, צי מיין

ווייב און מישפּאָכע אַרט טאַקע ניט, אַז זיי וועלן מיך שוין מער ניט האָבן אַ לעבעדיקן. איך האָב זיי געענטפערט, אַז זיי זאָלן האָבן גע־דולד, אַז זי, מיין ווייב, הייסט עס, מוז זיך מיסטאָמע היטן פאַר דער פּאָליציי, אַז זי זוכט מיסטאָמע גוטע און אָרנטלעכע פאַרמיטלער, און ביז דאַן . . .

— אַז עס אַרט מיך ניט, — האָב איך געזאָגט, — וואָס זאָל עס אייך אַרן?

אַזוי איז אָנגעגאַנגען אַ צייט פון גאַנצע דריי וואָכן. שפּעטער, אַזוי ווי איך האָב געהאַט אָפּגעמאַכט מיט מיין כאַווער פון אַרבעט־לאָזן קאָונסיל איז ער אַוועק צום דעטעקטיוו, און אים דערציילט, אַז אַזוי ווי ער האָט געלייענט אין צייטונג, אַז מען האָט מיך געקידנעפּט, האָט ער זיך זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט, און אויסגעפונען, אַז די קידנעפּער האָבן נעבעך געמאַכט דעם זעלביקן טאָעס וואָס ער אַליין. דאָס הייסט, אַז זיי האָבן טאַקע פאַרכאַפּט אַ יולי דאַן, אָבער אַנשטאָט דעם רייכן — גאָר אַ קאַבצן, אַ מענש וואָס פאַרמאָגט ניט אַ פּעני.

דער דעטעקטיוו, וואָס האָט נעבעך די לעצטע פאָר וואָכן שווער און ביטער געאַרבעט צוזאַמען מיטן גאַנצן פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אױף צו געפינען די קידנעפּער, האָט אפילע פון אָנהויב ניט געוואָלט גלויבן. אָבער דערהערנדיק פון מיין כאַווער, אַז דער לענדלאָרד האָט אין מיין אָפּוועזנהייט אַרויסגעשטעלט מיינע זאַכן פאַר אַ כויוו פון פיר־און־צוואַנציק דאָלאַר, פאַר צוויי כאָדאָשים דירע־געלט, און דערוויסנדיק זיך, אַז די געז און עלעקטריע איז שוין געשלאָסן באַ מיר פון העכער דריי כאָדאָשים, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז מיין כאַווער זאָגט עמעס.

וואָס דאַרפט איר מער, דעם אייגענעם אָוונט האָבן מיר בעוורע אַרויפגעזעצט אױף אַן אויטאָ, צוגעפירט צו דער גרענעץ פון שטאָט, מיר דערלאַנגט אַ בוכצע, פאַרוואָס איך האָב ניט געזאָגט, אַז איך בין אַ קאַבצן און אַז עס איז אַ טאָעס, און געבנדיק מיר אַ ניקל אױף קאַר־פעיר אַהיימצופאָרן, האָבן זיי אַ געשריי געטאָן:

— אויסוואָורף! אָפּגעגעסן אונז די ביינער פאַר גאָרנים!

אָט אַזוי, כאַוויירים, האָב איך האָאַר געהאַט אַן אומזיסטיקע וואַקאַציע פון העכער דריי וואָכן און זיך אָנגעגעסן אַזוי צו־זאָגן, אַז איך האָב איצט גענוג קויעך אויסצוהאַלטן אַ קריזיס פון כאָטש נאָך אַ יאָר און אַרומגיין זוכן עפּעס אַ שטיקל דזשאָב.

אַנקל סעם

# מייסים-פאַרזאָרגער, אָדער אַן „איילמאָלע״ מיט קאַרקע

(געווידמעט די „באָיעס" פון הויפט-אָפיס פון אַרבעטער-רינג, וואָס האָבן פאַרמאַכט די טירן פאַר אַ קאָמיטע פון אַ סוספענ-דירטן ברענטש און אַוועק הוליען צו דער דערעפענונג פון אַ נייער „סעמעטערי-געיט".)

זונטיק.

וואָס וועט זיין מאָרגן מיט א דזשאַב?

מיטאַמאָל: אַ בראַזג אין טיר.

איך עפן די טיר. עס קייקלט זיך אַריין אַ צוויי-הונדערט-פונטיקער איד, וואָס סאָפּעט ווי אַ גאַנז:

— זיינט איר שעפּסל דער ליפּסקער פון סואוואַלקער גובערניע?

— יאָ, — זאָג איך.

— איז גוט, — זאָגט ער, — אייך זוך איך טאַקע. מיר זיינען לאַנדסלייט. איר ווייסט דאָך: מ'איז געבוירן געוואָרן צוזאַמען, דאַרף מען צוזאַמען ליגן אַף איין קאַרקע. בין איך געקומען אייך פאָרשלאָגן, איר זאָלט ווערן אַ מעמבער אין אונזער ברענטש פון „אַרבעטער"-רינג.

— אַ דאַנק אייך פאַר דער טויווע — מיר אַרט ניט, אז איך וועל ניט ליגן מיט אייך . . .

— אָבער איר ווייסט דאָך, — רוקט ער זיך נעענטער אין פאָדער-צימער, — אַ מענטש מוז דאָך זיין ערגעץ אָנגעשלאָסן, איז פאַרוואָס טאַקע ניט צווישן אייגענע? אָט, מ'איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. היינט לעבט מען, מאָרגן שטאַרבט מען. אַ לעבעדיקער מענטש קען זיך נאָר ווי ס'איז אַן אייצע געבן, אָבער אַ טויטער איז מאַכטלאָז. מיינט איר מיר צו זאָגן, אַז איר וועט זיך לייגן אין גאַס?

— אָבער וואָס גייט אייך אַזוי אין לעבן, — קוק איך אים אָן, — וואו איך וועל ליגן? אָט, בין איך שוין דריי מאָל געלעגן מיט מיינע בעבעכעס אין גאַס, אַרט עפּעס אייערע „אַרבעטער"-רינג-פירער פאַר די אַרבעטלאָזע? אַז זיי אַרט ניט פאַר מיין לעבן, טאָ וואָס אַרט זיי פאַר מיין טויט?

— איר פאַרשטייט, ווינקט דאָס אידל מיט זיינע טשאָלנט-אויגן, — מיר האָבן איצט אַ קאַמפּיין פאַר נייע מעמבערס, און פאַר יעדן מעמבער, וואָס איינער נעמט אַריין, קריגט ער אַ סעט גאָפּל, מעסער און לעפל; פאַר צוויי מעמבערס — אַ בלו-פּלייט-סעט, אַ מעשענעם סאַמאָוואַר, אָדער אַ ניקעלנע צוקער-פּושקע מיט אַ מאַהאָגאַני כאַנוקע-

לאָמפּ. פאַרשטייט איר שוין: מיין ווייב כאַלעשט צו קריגן די צוקער־פּושקע מיט דער מאַהאָגאַני מענוירעלע. איז צו וועמען זאָל איך גיין? גיי איך צו די לאַנדסלייט. איר ווייסט דאָך, ווי מ'זאָגט: בא א לאַנדסמאַן קריגט מען אַלעמאָל א „שאָו״ . . .

— בא מיר אָבער וועט איר קיין „שאָו״ ניט קריגן, — זאָג איך אים גלייך אריין אין די טשאָלנט־אויגן, — איך וועל צו אייך ניט באַלאַנגען.

— וואָטסימערער מיטשא, בעני (איך הייס שוין בעני) — קלאַפּט ער מיר איבערן פּלייצע, — פאַרגעסט ניט דעם בענעפיט, וואָס איר קריגט בא אונז: קרענקט מען — קריגט מען צען דאָלאַר א וואָך בענעפיט, און מ'קאָן קרענקען וויפיל מ'וויל; קריגט מען קאָנסאָמפּ־שאָן — גיבן מיר אכטונג אזוי לאַנג, ביז דער פּאַציענט שטאַרבט; שטאַרבט ער — קריגט ער בא אונז די בעסטע קאַרקע. איר האָט נאָך אזא קאַרקע ניט אָנגעזען: קיין שטויבעלע פּאַלט ניט אַפן מעס . . .

דער איד ווישט זיך דעם שוויים פון נאָז. רעדט ווייטער:

— דאָן איז פאַראַן בא אונז פון וואָס אויסצוקלייבן: ווילט איר א ריינע, פרומע לעוואיע — קריגט איר דאָס בא אונז. א פּאָשעטער אָרן, א קאַר, וואָס ברענגט אייך אין שול אריין, און מ'מאַכט אַן „איילמאָלע״, אזש עס צעגייט זיך אין אַלע אייוורים. און וויל מען א קאָשערן אָרן, אַן נעגל, דאָס הייסט: אָן טשוועקעס, האָבן מיר אויך. און קאָן איינער באַווייזן צו ספּענדן עפּעס עקסטרע, האָט ער א פּאָלקאָמענע לעוואיע — אַף אידישע קינדער געזאָגט געוואָרן . . .

— אָבער איך בעט אייך, — צעלאַך איך זיך שוין, הערנדיק זיין צעטל, וואָס ער האָט מיר אויסגערעכנט, — אויב בא אייך איז אזוי גוט צו שטאַרבן, טאָ צו וואָס־זשע לעבט איר אַף דער וועלט?

איז ער געוואָרן א ביסעלע ברויגעז, אָבער ער האָט זיך באַלד ווידער גענומען צו דער ארבעט:

— נו, נו, לאַנדסלייט מעגן א ביסל א שפּאַס טאָן. אָבער זעט איר, באַלאַנגען צו אַן אָרגאַניזיישאָן איז שוין גאָר קיין שפּאַס ניט. א מענטש מוז באַלאַנגען, א מענטש דאַרף באַלאַנגען . . .

— געוויס, געוויס, — ענטפער איך.

— אויב אזוי, טאָ פילט טאַקע גלייך אויס דאָס קאַרטעלע, — האָט ער שנעל ארויסגעכאַפּט אַן אַפּליקאַציע־קאַרטל פון קעשענע, — און זאָל מיין ווייב האָבן די מאַהאָגאַני־מענוירעלע. דערנאָך וועט איר אויך פאַרשלאָגן נייע מעמבערס, וועט איר אויך קריגן א מענוירעלע, א צוקער־פּושקע און אפשר גאָר א סאַמאָוואַר!

— געוויס! — זאָג איך און האַלט זיך בא די זייטן פון געלעכטער, — א מענטש דאַרף באַלאַנגען, און איך באַלאַנג טאַקע צום אינטער־נאַציאָנאַלן ארבעטער־אָרדן.

— אזוי? א לינקער, הייסט עס, זייט איר? אונזערער א לאַנדס־

מאַן? שעמען מעגט איר זיך. און אפשר ווייסט איר גאָר ניט, וואָס דאָס באַדייט? זייט ווײסן, אַז „אינטערנאַציאָנאַל״ איז אַ קאָמוניס-טישע מאַכערייקע, און „אָרדן״ איז פּשוט אַן „אָרדער״ פון מאָסקווע. וואָס זאָגט איר אויף דעם?

איך האָב דעם אידל אַ ווײַלע אָנגעקוקט און אַ פרעג געטאָן:

— זעט, איך בעט אייך, פאַר וויפיל וואָכן, זאָגט איר, צאָלט מען באַ אייך בענעפיט?

דאָס אידל האָט זיך דערפרייט און ווידער ארויסגעכאַפּט דאָס אַפּליקאַציע-קאַרטל, ענטפערנדיק מיר אויף גיך:

— מ׳קאָן באַ אונז קרענקען ווי לאַנג מ׳וויל, מיט צען דאָלאַר אַ וואָך בענעפיט, מיט דרייצן און פופצן דאָלאַר אַ וואָך. אַלץ וואָס איר דאַרפט טאָן איז שרייבן אַ פּאָסטל-קאַרד דעם האָספּיטאַלער.

— און פאַר וויפיל קענט איר קרענקען? — האָב איך אים אָקאָרשט אַ פרעג געטאָן.

— איך? — פאַר גאַנצע פופצן דאָלאַר אַ וואָך.

— און וויפיל קריגט איר פאַר אַן אויסגעלונקענם פוס, לעמאָשל?

— כ׳ווייס, ס׳וועגדט זיך, ווי לאַנג איך ליג אין בעט.

— אויב אַזוי, נאַט אייך אַ פּאָסטל-קאַרד, שרייבט אָן אויף איין זייט דעם אדרעס און אויפן אַנדערן זייט אייער נאָמען און מיין אדרעס און — — — —

— צו וואָס איז דאָס? — האָט ער אויסגעגלאָצט אַ טשאָלנט-אויג.

— דאָס קען אייך אַמאָל באַלד צוניץ קומען, — האָב איך אים געגעבן צו פאַרשטיין און געעפנט פאַר אים ברייט די טיר.

# אינהאַלט:

## פרייד און פרייהייט



## פון שאפ אין גאס

## הומאָר און סאַטירע



---

## באַמערקטע טאָיעסן:

אַף זייט 20 איז דער מחבר פון „קאָניונקטור“ דורך אַ טעות אויס־געלאָזן געוואָרן. דער מחבר איז מוישע נאַדיר.

דאָסזעלבע אַף זייט 282. דער מחבר איז בעצאַלעל פרידמאַן.

# אינהאַלט לויט די שרייבער: